דרום מוש דיא ו׳ ון ויזתח זו לאנג זיין.
אימליך וואַרט הייבט זיך דאַ אן מיט א ו׳ און דערפון מאכט דער דיכטער א וויץ מכח דעם ו׳ פון ויזתה.

## פונ׳ם טויט. ז. 37.

דאס ליד „פונ׳ם טויט“ איז ניט וואלידי׳ס און ווערט פון קיינעם ניט צוגעשריבען וואליד׳ן. דאס איז אן עכט־קריסטליכעס דייטשעס ליד, איינפאך איבערגעשריבען מיט אידישע אותיות.
אונד אונזרר קיין — און פון אונזערע קיינער. רעכט אלס דיע בלום... — פונקט ווי די בלום, ווי א רינג, אזוי איז באמת אויך אונזער לע־בען (ד. ה. פארגעהט ווי א בלום, איז קיילאכדיג ווי א רינג).
אלס איין אנדרר — אזוי ווי יעדער אנדערער. גאט יתברך אורטעל — דער אורטייל פון גאט־יתברך.

## לייב קוטנים. ז. 40.

לייב קוטנים איז דער ערשטער בדחן (אדער מארשאליק), וועמעס נאמען איז אונז באקאנט. גאט עס פורכט זאל זיין דער ערשטע אנפאנג (פרגל. תהלים קי״א, 9: ראשית חכמה יראת יהוה). די ערד האט ער אויף ניכט געשפריט (פרגל). איוב כ״ו, 7: תולה ארץ על בלימה).

## יוסף, פורים־ליד. ז. 42.

יעקב זיין קינדר — יעקב׳ס קינדער. יוסף זאן בנימין — יוסף בן בנימין.

## ר׳ שלמה פון פראג. ז. 43.

דאס זיע נימאנד מען אנקלעבען — אז זיי זאלען זיך מעהר צו קיינעם ניט צוקלעפען. אויך שווארזן האד... — אויך שווערט מען זיך, אזוי ווי ער, הויך און פייערליך.

## דוד בר׳ מנחם הכהן. ז. 44.

דאס זיינען דריי פארשיידענע שטעלען פון דער איבערזעצונג פון שיר השירים: די ערשטע סטראפע — פון קאפ. א׳, 7—8; די צווייטע — פון קאפ. ב׳, 17 ביז קאפ. ג׳, 2 און קאפ. ד׳, 6—7; די דריטע — פון קאפ. ו׳, 2—3.
דוא שוינשט אונטר דען יונג פרויאליין — דו די שעהנסטע צווישען די (יונגע) מיידלאך. מיין פריינט גנגן — מיין פריינד איז געגאנגען.

## גימפל סג״ל. ז. 45. מזמור שיר ליום השבת.

אין דעם ליד איז אפט על פי טעות געדרוקט „אין“ אנשטאט „און“.
ז. 46. אויז דיא תורת חידושים — נייע דערקלערונגען פון דער תורה. זאגט מירש עבן — זאגט מיר עס גלייך. רינה אין פרומה — ריינע און פרומע. קומה — קומען. חיות — ז׳ ווערטערבוך. די פליגלען פון די דאזיגע מלאכים ווערען שוואך, ווען זיי זעהען א זינדיגע נשמה. נסכוי (ל׳ נאסקוי) — ? (דאס איז א באגריף פון דער קאבאליסטישער אנאטאמיע, זעהר שווער צו באשטימען, וועלכער אבער דאס איז, לויט די מאדערנע אנאטאמיש־פיזיאלאגישע באגריפען. אין תנ״ך און אין תלמוד טרעפט זיך ניט דאס ווארט „נסכוי“. שטאמען שטאמט דאס פונ׳ם ארמ׳ישען שרש „נסך“ — גיסען וויין־אפער, ברענגען וויין־קרבנות, און איז פארבונדען מיט די וויין־מנהגים ביי הבדלה). סעודה דיא דרים — שלש סעודות.
ז. 47. דיא אידלי ווירדינה שטיין — די איידעלע ווירדיגע שטיינער.

## צו בארעקענס. ז. 78.

אט דאס ליד איז צו אונז דערגאנגען ניט אין אידיש, נאר אין א דייטשען קריסטלי־כען פלאגיאנט (ניט אין אלט־דייטש, נאר אין עלטערן ניי־הויך־דייטש). דער קריסטליכער פלאגיאטאר רופט עס: „דער יודען איהר כלה־ליעד“. דער רעפרען פונ׳ם ליד אן דעם אבענד איז נאכגעמאכט די באקאנטע פיוטים מיט׳ן רעפרען „בערב, ערב, בלילה אדגל“; און קען אויך זיין א רמז אויף דעם אויסדרוק „לפנות ערב“ מכח יצחק אבינו אין בראשית כ״ד, 63.
פעקסירעט (אין א צווייטען ווארינאנט פון אט דעם ליד שטעהט פעריררעט). פעקסירטער (ווארינאנט: פערירטער).
אלס אונזר פאטר איציק טעט (פרגל. די מעשה אין בראשית כ״ד, ספעציעל 63־67). זי ערפרייט מיט איר (דרוקפעלער זיי אנ־שטאט זיך). (ער) פרעהט זיך מיט איהר (פרגל. ויאהבה וינחם יצחק אחרי אמו).
גינג דאך אייער מוטר איבר גרייז — איז דאך אייער מו־טער געגאנגען איבער קרייזען (ווען מע האט זי אונטערגעפיהרט אונטער דער חופה אין קרייז ארום דעם חתן), ד. ה. האט דאך אייער מוטער זיך יא ענטשלאסען חתונה צו האבען!

פערליכען באווייז פון די נסים. אין אן גיזיכט...—פאר די אויגען פון דער פארזאמלונג.

צו סטר. 9: ער האט דען וויינן... — ער האט גוט אפגעהאקט דעם פייגען־צווייג (פרגל. במדבר י״ג 23).

## יהודה־לייב פון רעגענסבורג. — קליין בראנטשפיגעל.

מארגן שיין — דער מארגנדיגער טאג. איז איבר ואר אונ׳ איז דר פון — איז פארביינגעגאנגען און ניט מעהר דא. 6: דעם קאן עז וואל... — דעם קאן עס אין א קורצער צייט אויספאלען ניט גוט. מיט ולייס טון דינן ביגערן — וועלען דינען מיט חשק. 7: אין צייט אי׳רן ליידן — אין זייער עת צרה. זעהין איר זאך וואל ור מעסן — זעהען אז זייער נאך לאזט זיך אויס גוט. 51: צ׳יק — מערק זיך, גיב אכטונג. ביז דו האסט דיך מיט... — ביז וואנען דו האסט מיט איהם ניט אויסגעפרובירט א סך נסיונות. 52: ער מעין אז ור מאנ ור טוט — ער פארטוט מעהר ווי ער פארמאגט. 69: ער האט אן ווייב ניט... — ער האט ניט געקאנט דורכקומען מיט ווייבער. 70: דער ויר — פארביי. דיך... ויר ניגומן — זיך פארגענומען.

## ר׳ הוסלן׳ס.

דאס ליד שטעלט פאר, ווי א קארגער רייכער מאן האט איינגעלאדען צו זיך דעם דיכטער און דערלאנגט איהם צום טיש וואסער אנשטאט וויין, און דער דיכטער (שלמה בן גבירול), דריקט אוים זיין ביטערע ענטוישונג.

דער רעפרען „איך האב קיין וויין, די אויגן מיין רינן וואסר, ריינן וואסר" איז ביי שלמה בן גבירול — „ככלות ייני תרד עיני פלגי מים".

קינט רכב — ז׳ ווערטערבוך רכב.

## משה שטענדאל. ז. 29.

ור ולבן (ווארשיינליך א דרוקפעלער, דארף זיין ור ולקן, ד. ה. פארוועלקען, פארוויאנען, ווייל אין תנ״ך שטעהט דאס ווארט „יבול"; (ז׳ אבער ווערטערבוך „ור ולבן").

## צוכטשפיגל. ז. 30.

איין נעזעץ איין ערען דיב — א געזעץ איז א פארלוימדער (?)

## אלחנן העלן. ז. 31.

דאס זיינען איינצעלנע סטראפען פון מגילת וינץ, נים נאך אנ׳אנד, נאר פון פארשיידענע שטעלען.

דא מן צילט שע׳ב איז דער זעלבינן צייט — אין דערזעלביגער צייט ווען מע צעהלט שע״ב (ד. ה. אין יאר 1612).

ז. 32. וואר זיך מערן — האט זיך אלץ פארמעהרט (פארגרעסערט). ווארן זיא דרינגן — האבען זיי (די פאגראמטשיקעס) זיך צונויפגעלאפען.

ז. 33. אזו איז עז אינן אך ביקומן (ווערטליך: אזוי איז עס זיי אויך באקומען) — אזא יאהר אויף זיי! איין גירש זאלטן מיר האבן דער קענן — אנשטאט דעם האבען מיר געזאלט ליידען א גירוש.

## אייזיק וואליך. ז. 35. פון תהלים.

פון תהלים.

פרגל. תהלים ק׳ח 5 — 17, 23. דאס ליד איז געשריבען זיכער נאך 1601 יאהר, נאך מייסלינס טויט, ז׳ אונטען.

איך וואל אלעס בעסער וואס — איך וואלט וועלען אז אלצדינג זאל זיין בעסער. רבי יוסף אשכנז — מסתמא איז דאס ר׳ יוסף בן יצחק הלוי אשכנזי, א בארימטער געלערנטער אין מעץ, דייטשלאנד (געבוירען ארום 1550, געשטארבען 1628 יאר).

מייסלין — מסתמא איז דאס דער בארימטער נגיד און פילאנטראפ מרדכי מארקוס מייזעל, דער ראש הקהל אין פראג (געבוירען 1528), געשטארבען 1601 יאר) די שול, וואס ער האט אויסגעבויט אין פראג, הייסט נאך עד היום „מייזעלס שול".

## א פורים־ליד. ז. 36.

דאס פורים־ליד איז, בלי ספק, נאכגעמאכט א קריסטליך־דייטשען סטודענטען־ליד, נאר מיט א סך הומאריסטישען טאלאנט נאכגעמאכט.

ער קריגט איינען בארט — איידער ער ווערט אלט. (הומאריסטיש).

ז. 37. ער ווערט אונז שעלטן איין פראש — ער וועט אונז שילטען „פרעסערס". אין דער שיסעל... — אין דער שיסעל וועלען מיר זאגען צום קוגעל: יוחאשי האביטעי! נאך דעם פערז: ברענגט הער דיע בעסטע דינגען שטעהט אזוי אין׳ם כתב־יד אין דער באדלייאנישער ביבליאטעק אין אקספארד.

וויש מיט דעם ו׳ חיבט אן,
ויל ויש, ורישי וועק, וליש, ויר וירמייל
וירני וויין,

צו סטר. 19: ב י ז ד ש מ א ן נ י ט א ס — ביז וואנען מע האט אפגעגעסען.

צו סטר. 23: ו ו א ז נ י ט ד ע ר ז י ט ן — איז נים געווען קיין מנהג (ד. ה. עס איז געווען נעגען דעם מנהג), אז עמיצער זאל זיך אוועקשטעלן הייטיש ראוונען פאר דעם טעמפל.

צו סטר. 24: א י ה ר ה א ט נ י ט ר ע כ ט ב י ר א כ ט — איהר האט עס נים ריכטיג פארשטאנען.

## נאכווארט פון שמואל־בוך.

דיזעס נאכווארט איז פארפאסט נים פונ׳ם אומבאקאנטען מחבר פון „שמואל־בוך“, נאר פונ׳ם דרוקער, ד. ה. ח י י ם ב ן ד ו ד ש ו ו א ר ץ אדער זיין שותף, דעם משמד פ ו י ל ו ס ע מ י ל י ו ס ר א מ א נ ו ס: אין זייער דרוקעריי אין אויגסבורג איז דאס „שמואל בוך“ געדרוקט געווארען צום ערשטען מאל אין יאהר 1544.

פונ׳ם נאכווארט זעהט מען, אז דאס שמואל־בוך איז געווען שוין לאנג פאפולער און באקאנט, נאך איידער חיים שווארץ האט עס געדרוקט אין 1544טען יאר. דער דרוקער יאיז אליין מודה, אז דעם נגון פון ספר שמואל קאן כל ישראל און אלע קענען איהם אין פאראויס, אזוי אז מע שפארט אפ דאס לערן־נעלט.

## משה בן מרדכי פרלאג („משה הונט“).

וועגען דעם מחבר ווייס מען גארנים, אויסער די עטליכע ווייניג פארשטענדליכע ווערטער, וואס ער זאגט אליין אין דער האנטשריפט צום שלום פון דער איבערזעצונג פון „שופטים“ (מיר ברענגען די שטעלע אין דער אויסלעגעכץ פון אריגינאל:

„דש בויך הוט אוייש גשריבן
איין מן דיזוויינטורט
וואל נווייציהן מונט נאך דעם שאק בע׳ה צו ברישא
הוט מן אווש אוביל טרמערט
אבער דער אלמעכטיג נוט הוט אווש נמון בעשר
ווידר וויר הבן גמירטערט.
אויך איין טייל בעשר ווידר דער אנדר
דרום דש זי הבן קונאן קלובין
דש אונ׳ דש אנדר צו אנדר
ובפרט די דו זיין וורוליך אונ׳ הבן גלאבט
דש הבן אלש די חכות גמאכט
אונ׳ זיא זיין אל ווייזר גוועזן ווידר משה הונט
גרמרצי הוט ער זיין רובא געבן דעם קונט
דרום מוש ער שטינטערן לערנן
אונ׳ שרייבן טאג אונ׳ נאכט
וועד העט איין זולכש
אויף משה הונט דער טראכט
אדי אדי גוט געב אויף אלן גוטי נאכט
אמן.

אויף וויפיל איך קאן דאס פארשטעהן, איז דער טייטש: „דאס דאזיגע בוך האט אנ־געשריבען אן אומגליקליכער מענש, ארום 19 חדשים נאך דער ערדציטערניש בעונותינו הרבים אין ברעשיא (א שטאט אין איטאליען). דאן האט מען אונז שלעכט באהאנדעלט (גע׳רודפט), אבער דער אלמעכטיגער גאט האט אונז געטאן בעסער, איידער מיר האבען פארדינט. אויך איין טייל (פון אונז) בעסער איידער דער אנדערער, דערפאר ווייל זיי האבען געקאנט גלויבן דאס און יענעם איינער אויפ׳ן צווייטען. ובפרט (זיינען שלעכט) די, וועלכע זיינען פרייליך און האבען געלאכט, און האבען אלץ חכמות (?) געמאכט, און זיי זיינען אלע געווען קלינער ווי „משה הונט“. מערסי! האט ער געגעבען זיין רויב דעם קונה (?), ובכן מוז ער לערנען אויסנעריסען ווערען (?) און שרייבען טאג און נאכט. ווער וואלט אזעל־כעס אויף „משה הונט“ נעגלויבט? אדיע, אדיע, גאט זאל אייך אלעמען געבען א גוטע נאכט. אמן!“

פון אט דעם נאכווארט פיהלט זיך א קרעכץ פון א הומאריסטיש־אויפגעלעגטען קבצן, וועלכען זיינע ארומיגע האבען פארפאלגט מיט שפאט און פוילע וויצען. די לאנדסלייט פונ׳ם שרייבער האבען איהם א נאמען געגעבען „משה הונט!“ נאר ער וועט זיי ציינען, צו וואספער גרויסקייט ער איז פעהיג!

ער זעצט איבער — און דוקא אין גראמען! — די הייליגע ספרים. זיין ריטם איז דערזעלביגער „ריים אין אכט געזעץ“, וועלכען מיר האבען שוין געטראפען אינ׳ם „שמואל־בוך“.

ביבל.: ב. בארוכאוו אין׳ם „פנקס“ („ביבליאטייק“, ז. 40 — 41, נג׳ 312 און 313).

צו סטראפע 2: מ ש ה ר ב י נ ו... — משה רבינו, ווי ע ר איז געווען הייליג, און געווען ביים קיניגרייך! (ד. ה. געהאט א קיניגליכע מאכט). ו א ל ק נ א ט — גאטס פאלק.

צו סטר. 5: ד ש מ ו מ י ר א ו י ך ב י ק א נ ט — דאס מאך מיך אויך געוואר (איך זאל דאס אויך געוואר ווערען).

צו סטר. 6: א י ר ז א ל ט מ י ך... — איהר האט געזאלט מיך הייליגען ביי דעם גרויסען שטיין ביי דעם גרויסען נס, ווען דאס וואסער האט ארויסגעשאסען פון דעם שטיין (צו סטר. 6 ביז 9 פרגל. דברים ליב 51, שמות י״ז און במדבר כ׳ 1—13).

צו סטר. 7: ד א ו ו א ר ט א י ר... — און איהר האט איהם נאר געשלאגען.

צו סטר. 8: א ו ם ו ו י ל ן ד ר צ י י כ ן ש י י ן — צוליעב דעם באשיינ־

נעבורטסטאגע א. בערלינערס" 1903, נאר ער האט דערביי א צווייטען פעהלער באנאנגען, לייענענדיג „ליוואַ" בוכשטעבליך LIWA. אזא נאמען איז ניטא. ליווא הייסט לייב אדער לייבע און אנדערש קאן מען דאס ניט לייענען, אויב מען האט דעם מינדסטען באגריף פון דער אלט־אידישער שפראך.

היינט שטעלט זיך די פראגע, וואס איז געווען אט דער לייב, ד. ה. יהודה־לייב, אדער משה־לייב פון רעגענסבורג: דער מחבר פונ'ם שמואל־בוך אדער בלויז אן איבערשרייבער? איך האב געלייענט דעם גאנצען כתב־יד, געקאפירט און פאטאגראפירט פון איהם א סך שטעלען, און איך באהויפט מיט ענטשידענקייט, אז דער לייבע איז ניט מעהר ווי אן איבערשרייבער, דערצו נאך אן עם הארץ, ניכער פאר אלץ א בחור (פריידעלס חתן?); ער האט אויף שרים און טרים פארגרייזט דעם „שמואל־בוך", וואס איז קלאר סיי פונ'ם כתב־יד גופא, סיי פון דעם פארגלייך מיט די געדרוקטע אויסגאבען. אין דעם כתב־יד זיינען דא, חוץ דעם, אינמיטען עטליכע זייטען, געשריבען פון א גאנץ אנדער האנט.

היינט וואס איז געווען אט דער איבערשרייבער פונ'ם „שמואל־בוך"? מיר האבען ניט קיין שום היסטארישע ידיעות פון א לייב פון רעגענסבורג, מיט דער אויסנאם פון איין איינציגער פערזאן, וועלכע איז גראד געווען א שרייבער — דאס איז יהודה־לייב בן ישראל פון רעגענסבורג, דער מחבר פונ'ם „קליינעם בראנט־שפיגעל" (ווייטער ברענגען מיר אן אויסצוג דערפון), געדרוקט אין ווענעדיג אין 1566 יאר. עס איז זעהר מעגליך, אז ביידע לייבעס פון רעגענסבורג זיינען איין פערזאן, — דהיינו, אז לייבע פון רעגענסבורג האט אין דער יוגענד איבערגעשריבען דאס „שמואל־בוך", און אין די עלטערע יאהרען (וואוינענדיג אין לומפענבורג?) פארפאסט דעם „קליינעם ברא.־ט־שפיגעל".

נאך א פראגע: אין וועלכער צייט איז דער האמבורגער כתב־יד געשריבען געווארען? די וואסער־מארקע פונ'ם פאפיר שטעלט פאר א פאר וואגשאלען, אויפגעהאנגען אויף א זעקס־שפיציגען שטערן. אין נ. פ. ליכאטשעוו'ס ווערטערבוך פון פאפירענע וואסער־מארקען (פעטערבורג 1899) געפינט זיך פונקט אזא מארקע אין דריטען באנד אונטער נומער 3422: דאס פאפיר איז פון ווענעדיג פון 1538טען יאר. אין ס. מ. בריקעט'ס ווערטערבוך פון פאפירענע וואסער־מארקען (אין פראנצויזיש: לעי פיליגראן, דיקסיאנער אלפאבעטיק, פיער בענדער, 1907), געפינען זיך זעהר עהנליכע וואסער־מארקען צו אונזער האמבורגער כתב־יד אונטער נומער 2584 און 2587, פון פארשיידענע שטעט אין דייטשלאנד, ספעציעל בייערן, און אין איטאליען, פון די יארען 1501 ביז 1532.

אננעהמענדיג לויט ליכאטשעוו און בריקעט, דעם אומזאץ־פעריאד פון פאפיר אין 16־טען יארהונדערט פאר 10 ביז 15 יאהר, קומט אויס, אז דער האמבורגער כתב־יד איז געשריבען געווארען צווישען די יאהרען 1486 און 1553. פון די אלע וואסער־מארקען איז יענע פון ווענעדיג 1538 אבסאלוט גלייך צו דער מארקע פון אונזער כתב־יד פון „שמואל־בוך". דאס מאכט זעהר וואהרשיינליך אונזער השערה, אז לייבע פון רעגענסבורג, דער שרייבער פון אונזער כתב־יד, און יהודה־לייב פון רעגענסבורג, דער מחבר פון „קליינעם בראנט־שפיגעל" אין ווענעדיג זיינען איין און דיזעלביגע פערזאן.

צו סטראפע 6: ער שרייב און' לאז... — ער האט געשריבען און גע־לייענט אין גאטס דיענסט (און צו גאטס דיענסט) איז ער געווען גרייט.

צו סטר. 7: דער מאכט די ארמן זאט — א גרויסער בעל צדקה. צו זיינם לייב — צו זיך.

צו סטר. 8: ער וואז איין לוי ורומר... — ער איז געווען א לוי און א פרומער, אזוי ווי מע געפינט דאס געשריבען (ד. ה. ער האט אפגעהיט אלע דינים, ווי עס שטעהט געשריבען אין דער תורה). מיט אים ביטראגן — געהאט מיט איהם (צעהן קינדער).

צו סטר. 9: ווידר זיין וייב... — אקעגען זיין ווייב פנינה האט ער קיינמאל ניט געטאן (קיין שלעכטס). דענאך האט ער... — פונדעסטוועגען האט ער מעהר ליעב (געהאט) חנה'ן איידער זי.

צו סטר. 10: גען שילה בראכט — האט געבראכט קיין שילה. רגל — א יום טוב, ווען מע געהט צרפוס קיין ירושלים. בראכטן אפפיר דאר — האבען דארט געבראכט קרבנות.

צו סטר. 11: היילינקייט — דער היכל. איר קיינז ער ניט ורגאס — פון זיי האט ער קיינעם ניט פארגעסען.

צו סטר. 12: ביידע וייב און' קינד — אלעמען, ווייבער און קינדער. דש וליסיט זיך... — דאס פלייסט זיך דער יונגער מאן, ניט צו פארגעסען עס.

צו סטר. 13: חנה נאב — חנה'ס גאב, חנה'ס חלק.

צו סטר. 16: זאלט איך אונזרם מאן האלבר... — ווען איך וואלט צו אונזער מאן פון דעם געזאגט (דערצעהלט).

צו סטר. 17: אל מאל צו איר זייט — זאגט צו איהר שטענדיג (דיזעלבע שפאטישע רייד). דער שמאכהיים אלוא ויל... — מחמת די פילע באליידיגונגען און צו־להכעיס'דיגע פייניגונגען.

געגאנגען, און די קאפּיטלען, וואָס זיינען צו אונז דערגאנגען, סיי די געשריבענע, סיי די געדרוקטע, זיינען פארגרייזט און שטארק פארענדערט בכלל.

דאָס „ש מ ו א ל־ב ו ך“ איז אַן א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג, א י ן ג ר א ם ע ן, פ ו ן ש מ ו א ל א׳ א ו ן ש מ ו א ל ב׳, נאָר ווייט ניט קיין וואָרט־געטרייע איבערזעצונג. דער מחבר האָט אריינגעפלאָכטען א סך הוספות פון דער אגדתא און מדרש, ווי אויך זיינע אייגענע סברות.

א סך פאָרשער האָבען געפּרובט אויסצוגעפינען דעם מחבר פון דער מערקווירדיגער פּאָעמע, נאָר די פראגע איז היינט־צו־טאָג פּונקט אזוי טונקעל, ווי זי איז געווען איידער דער דייטשער פילאָלאָג ה ע ר מ א ן ל א ט צ ע האָט זיך, כמעט דער ערשטער, פאַר־אינטערעסירט מיט דעם אין 1869 יאָר. ביבליאָגר.: יאה. קר. ו ו א ל ף, ביבליאָטעקא העברעא ב. 4 ז. 201. מ. ש ט י י נ ש נ י י ד ע ר, איבער די פאָלקסליטעראטור דער יודען, אין ר. נאַשע׳ס „ארכיוו פיר ליטעראטור־געשיכטע“ ב. 2, 1872. ה. ל א ט צ ע, צור יודיש־דייטשען ליטעראטור, — אין דעמזעלבינען „ארכיוו“ ב. 1, 1870. פר. צ א ר נ־ק ע, ביבליאָגראפישע נאָטיץ אין „ליטעראַרישעם צענטראַלבלאַט“ 1869, ז. 1298. פר. צ א ר נ ק ע, דעם פּוילוס עמיליוס ראָמאַנוס איבערזעצונג דער ביכער סאַמועלס, אין די „בעריכטען“ פון דער קעניגל. געזעלשאַפט דער וויסענשאַפטען אין לייפּציג, פילאָז.־היסטאָר. קלאַסע 1870. ריכ. נ א ש ע, זענדשרייבען אַז הערן פראָפ. ריכ. צאַרנקע איבער איינען געטויפטען יודען פּוילוס עמיליוס ראָמאַנוס 1872. מאַקס ג ר י ו נ ב ו י ם, יודיש־דייטשע קרעסטאָמאַטיע, 1882, ז. 12—18 און 319; יאַז. פּ ע ר ל ע ס, בייטרעגע צור געשיכטע דער העברעישען אונד אראַמעישען שטודיען, 1884, ז. 169—173. אד. ק אַ־ה ו ט, געשיכטע דער דייטשען יודען, ז. 485. גוסט. ק א ר פּ ע ל ע ס, ליטטע פאַן רעגענסבורג, אין „פעסטשריפט צום זיעבציגסטען געבורטסטאַגע א. בערלינערס“ 1903. פע־ליקס פּ א ל ק, מעלאַנזש ביבליאָגראפיק סיור לעי ליוור דע סאַמיועל אַן סטראַף דעי גיבעלונגען 1909. (פראַנצ. דאָסזעלבינע איבערגעזעצט אין דייטש אין די „מיטטיילונגען פיר די יודישע פאָלקסקונדע“ 1908). אלעזר ש ו ל מ א ן, שפת יהודית־אשכנזית וספרותה (1903 און) 1913, צד 17־19. ז. ר י י ז ע ן „לעקסיקאָן“, די ארטיקלען „יוסף בן יקר“, „מיכלבאַך“, „עמיליוס פּוילוס“, „שוואַרץ, חיים“ און „אַנאָנימע תנ״ך־איבער־זעצונגען“.

די פאָלגענדע השערות זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרען וועגען דעם מחבר פונ׳ם „שמואל־בוך“: 1. לויט צ א ר נ ק ע׳ ס מיינונג איז דער מחבר פּ ו י ל ו ס ע מ י ל י ו ס (ראָמאַנוס), נאָר נאַשע האָט דיזע מיינונג גרינגרליך צעשלאָגען. 2. לויט פּ א ל ק ס מיינונג איז דער מחבר — י ו ס ף ב ן י ק ר, דער איבערזעצער פון סדור אין 1544 יאָר. פאַלק האָט צוגעזאָגט דאָס צו באַגרינדען אויפ׳ן סמך פונ׳ם פאַריזער כתב יד פון „שמואל־בוך“, נאָר ער האָט עס, ליידער, ביז איצט ניט ערפילט. 3. לויט דער פאַר־שפרייטסטער מיינונג איז דער מחבר א פּ ר ו י, „ל י ט ע פ ו ן ר ע ג ע נ ס־ב ו ר ג“. דיזע מיינונג שטיצט זיך אבער אויף א גרויסען טעות, וואָס די ביבליאָגראַפען, אָנהויבענדיג פון יאָה. קר. וואָלף, האָבען געמאַכט, באַטראַכטענדיג דעם ה א מ ב ו ר־ג ע ר כתב־יד. וועגען דעם ז׳ אונטען אונזערע באַמערקונגען צום ליעד „ד ש נ י־ז א נ ק ד ו ד“.

אין דער ערשטער געדרוקטער אויסגאַבע האָט דאָס בוך געהייסען: „ס פ ר ש מ ו א ל דש בוך שמואל אין טויטשר שפראַך הויפש אונ׳ בישיידליך אויף קורץ ווייליג דארינן צו לייאַן“ (ד. ה. דאָס בוך שמואל אין טייטשער שפּראַך שעהן און פאַרשטענדליך און אויך אינטערעסאַנט דעריין צו לייענען).

## דש ניזאנק דוד.

דער פאָלגענדער אויסצוג ווערט געבראַכט פון דעם האמבורגער כתב־יד, פונ׳ם „שמואל־בוך“ נאָר טיילווייז קאָרעגירט דורך די וואַריאַנטען אין דער ערשטער געדרוקטער אויס־גאַבע פון 1544־טען יאָהר.

דער כתב־יד איז אָהן אַן אָנהויב און אָהן א ראָמע. דער סוף פון דער האַנטשריפט לייענט זיך:

„דש בוך הון איך גשריבן מיט מיינר האנט.
ליווא בון רענגשפוק בין איך גננט.
מיינר ליבן גונירין ברייֿדלן אישט זיא גננט.
צו ברייד זול זיא עש נוצן אונ׳ לייאן דש בנער איך“.

ד. ה. „דאָס דאָזיגע בוך האָב איך געשריבען מיט מיין האַנט, לייב פון רעגענסבורג איז מיין נאָמען, (פאַר) מיין ליבער פריינדין, פריידעל איז איהר נאָמען, צו פרייד זאָל זי עס נוצען און לייענען, דאָס ווינש איך“. אָט די ווערטער האָבען ארויסגערופען א מאַסע מיספאַרשטעהעניסען ביי די ביבליאָגראַפען און דורך זיי ביי די „היסטאָריקער“ פון דער אידישער ליטעראַטור. ו ו א ל ף, האָט על פּי טעות אָנגענומען די ווערטער „ליווא בון רענגשפוק“ פאַר „ל י ט ע פון רעגענסבורג“ (די שטעלע איז פאַרפלעקט מיט וואַסער און לעזט זיך שווער, די צוויי ויו׳ען זיינען שטאַרק פאַרווישט, און דערפאַר האָט וואָלף געהאַט דעם טעות.) פון וואָלפס לייכטער האַנט, מיט צווייהונדערט יאָר צוריק, איז אַוועק די לעגענדע, אַז דאָס „שמואל־בוך“ איז פאַרפאַסט געוואָרען פון א פרוי ליטע פון רעגענס־בורג, און קיינער פון די, וואָס האָבען דיזע לעגענדע פאַרשפרייט, האָט זיך נאָר ניט גענו־מען די מיה צו קריגען די האַנטשריפט גופא און צו לייענען זי. דער ערשטער האָט דעם טעות אויפגעדעקט גוסטאַוו ק א ר פּ ע ל ע ס אין דער „פעסטשריפט צום זיבציגסטען

איהם אפט איטאַליעניש׳ע ווערטער. דער אויסצוג איז, ווירקליך, פון דער אויסגאבע אין אמסטערדאם פון 1661 יאר.

ז. 21. אירנגט נאך איינר יונגי וואַרמי הירזן — נאך וועלכער ניט איז יונגער וואַרימער דאמע. וואול איז ווער ער לענגר אליין גילעגן — הלואי וואלט ער לענגער אליין געלעגען! (ווייל פון דער מיידעל איז איהם שפעטער געקומען א גרויסער אומגליק.)

ז. 22. זי ווערמט אין מיט גוטן מורן, איך קאן איך ניט מין גיזאנגן, דעם שימפפא בראך אויש דען בורן — ? (די גאנצע שטעלע איז שטארק פארגרייזט:) זי וואַרימט איהם מיט גוטע צערטליכקייטען (? מיט גוטען באַנעמען זיך?), איך קאן אייך מעהר ניט דערצעהלען, דער ליבע־שפיעל האט אפגעבראכען דעם רוגז (?). קיין פעשטר שלום וואר ניא גיזעהן — קיין פעסטערער שלאם איז קיינמאל ניט געזעהען געוואָרען. דינן הילט דער הערצונג וואש ער הט אינגן — דארט האט דער הערצאג געהאלטען וואס ער האט געהאט איינגענס. זיינש ליבן — מיט זיין קערפער (לויט'ן קערפער נאך). דאטרונגער שטעטש צווין דריא אין הארן — (די שטעלע איז, גיכער פאר אלץ, פארגרייזט. נאר טאמער איז זי ריכטיג, קאן זי האבען צוויי באטייטונגען:) און ער האט שטענדיג געטראגען צוויי־דריי (מענשען פאר די האר? אדער: איינהארנס, אזוינע לעגענדארע הירשען). גאר ווילד ולוך אים זיין הירזן — גאר ווילד האט איהם געזידעלט זיין באלעבאסטע (סיניבאלדס ווייב).

ז. 23. דו הושט מיך וועלן ניטן — דו האסט מיך געוואלט פארגוואלטיגען. הייש אים נייארט געבן דורט דיא קוצליין — היים איהם נאר געבען דארט די (דיקע וואַרימע) קאלדרעס (א סארקאסטישער רמז אויף דעם, אז דעם אלטען הערצאג איז כסדר קאלט און ער מוז זיך צודעקען מיט קאלדרעס אפילו אויף דער יאגד). זא וויל איך דען זער שרייאן אונ' וויינן ווער איך נייארט קענן פור גרושם לאכן — דאַ וועל איך אבער זעהר שרייען און וויינען, אויב איך וועל עס נאר קאנען פאר גרויסען געלעכטער (ווייל זי וועט דאך מוזען דערשטיקען איהר פרייד.)

ז. 24. קאם קען מגנצן — איז געקומען קיין מאגאנצא. ער הוט שלעכט וואר דש וואורד איך בינדן — ער איז גאנץ גערעכט, איך וועל עס אויסגעפינען (בינדן — לייענט: פינדען). צוך הין נאר דרוט — ציה, פאהר אהין נאר איילינג.

ז. 25. דאש זיא גון דוכט צייט דער זכן — און ווי עס דאכט זיך איהר, אז עס איז די צייט פאר דער זאך. דא פור ער פלוקש אויף זיינם ביטן — דאן איז ער איילינג צוגעלאפען צו זיין משרת.

ז. 26. וואר דער זעהן — האט דערזעהען. וואר זיא אין וואל קענן — האט זי איהם גוט דערקענט. צו שטיקן הויאן — צעהאקען אויף שטיקער.

דש זעלבינג יאר דש מן צילט צוויא הונדרט אונ' זעכציג זיבן — 1507 יאר לויט דער קריסטליכער רעכענונג.

## א ליבע־ליד.

מיכן — מיך עס. בינן — בין עס. איין ציונט — אַנגעצונדען. קאינן — קען עס. שפעהן — שפירן.

## דיכטער אונבאקאנט. דאס שמואל־בוך.

דאס „שמואל־בוך" איז די קלאסישע פאעמע פון 16־טען און 17־טען יארהונדערט. עס איז זעהר אפט איבערגעדרוקט געווארען (באקאנט זיינען: די ערשטע אויסגאבע אין אויגסבורג אין 1544־טען יאר; אין מאנטוא אין 1562 יאר (?), אין קראקוי 1593, אין פראג 1609 און אין באזעל 1612). אויסערדעם איז דאס בוך פיעל געגאנגען אין איבערגעשריבענע עקזעמפלארען — (צו אונז זיינען דערגאנגען צוויי אזוינע כתב־יד'ן — אין דער האמבורגער שטאַט־ביבליאטעק און אין דער נאציאנאלער ביבליאטעק אין פאריז). די אויסצוגען, וואס מיר ברענגען דא, זיינען גענומען פון דער ערשטער אויגסבורגער אויסגאבע און פון דעם האמבורגער כתב־יד. א סך אנדערע איבערזעצונגען פון תנ"ך זיינען נאכגעמאכט געווארען דעם „שמואל־בוך", און גערעכט „בנגון שמואל־בוך". דער דאזיגער „נגון" רופט זיך אנדערש אויך „אכט געזעץ", ד. ה. א סטראפע פון אכט פערזען, און יעדער פערז באשטעהט פון דריי־פיער פוס (על פי רוב יאמבען, אדער אמפיבראכיען, זעל־טען ווען טראכעען און דאקטילען). דער „נגון" איז אבער ווייט ניט אויסגעהאלטען. דאס „ריימען אין אכט געזעץ" האבען די אידען גענומען פון דער דייטשער פאעזיע, ספּעציעל פון דעם „ניבעלונגען־ליד", און ער שטאמט ביי אידען, ווארשיינליך, פונ'ם 14־טען אדער 15־טען יארהונדערט.

דאס „שמואל־בוך" געהערט צו די גרויסע אנאנימע קלאסישע ווערק פון דער אלט־אידישער ליטעראטור, אזוי ווי דער „ספר מידות" און דאס „מעשה־בוך", וועלכע זיינען פארפאסט אין פראזא. פון די אלע ביכער זיינען ניט באקאנט סיי זייערע מחברים, סיי די צייט און ארט פון זייער פארפאסונג. גלייך ווי די אנגערופענע צוויי אנאנימע ווערק, איז אויך דאס „שמואל־בוך" איבערגעזעצט געווארען פון קריסטען. די ערשטע אריגינאלען פון די אלע דריי ווערק זיינען אבער פארלארען

נעגען דיר שיצען, אויסהיטען פון דיר. די מענכן אין טויט האבן גיוואונד — וועלכע (די זינד פונ'ם שפיעל) האבען מאנכע מענשען געטריבען (געווענדעט), אדער פארוואונדעט צום טויט. ער זייגום אדר ביז גינגט — ער מעג זיך רופען גוט אדער בייז (ד. ה. סיי א גוטען סיי א שלעכטען — שאנעווען זיי ניט). אך ירש זי פישן... — אך מוזען זיי (די זינד פון שפיעל) געמאכט ווערען צו שאנד, ווייל וועה, ווי ביטער זיי צאהלען זיך! טורשט איך זאגן — איך וואלט געמענט דרייסט זאגען. לידיג און פריי און געלט.... — אויסגעליידיגט און פריי פונ'ם געלט און אויך פונ'ם פארמעגען. די קרייז מוש איך געלטן... — איך מוז צאהלען (ליידען) פאר די פעהלער, און דורך דעם ווער איך געזעהען אין ארימקייט (ד. ה. מע זעהט מיין דלות); ווען איך רעד זיך איין, אז זיי (ד. ה. די געפעהרליכע צאהלען) בלייבען אנדערש־וואו, ערשט זיי זייגען גרייט פאר מיר דא, און איך ווער גרייז און גרוי, ווי אן אלטער מאן. זי זיינט ווער אנדערש־וואו (איז ניט גאנץ קלאר, וואס מיינט דא דאס ווארט ווער: אפשר איז דאס פון ווערן, ד. ה. בלייבן?) אך ווירפל דרש גניש איך דיין — אך, ווירפל, דאס גענים איך פון דיר.

ז. 16. איי איך וויש — איידער איך וויים. פאר שאנדן מוש איך... — פאר שאנדע מוז איך אפליידינען דעם פלאץ, פאר די 14 הערן, וועלכע שטעהען דא. נעגען די זיבען אומגליקליכע האב איך זיבען אדער פערצעהן. מיר העלפט ניט מיין בעטען און ניט מיין וויינען: נאר ווינציג דערבארעמען זיי זיך איבער מיר, זיי האפען זיי וועלען נאך מעהר געווינען, ווען נאר עס זאל אויספאלען א גוטער שאנס. און גלויבענדיג צו געווינען האב און גוטס, האט ער עס אזוי פארלארען אויף א העלפט. אויב ער האט זיך ניט גענים אין דעם שפיל און ער קען ניט די זייטען פונ'ם ביינדעל... מיט לאנגן אונ' מיט קורצן (רעדענסארט) — מיט אלע מיטלען, מיט כל המעגליכקייטען. זי האבן אויגן אונ' זיינר דאך בלינד — (דאס איז אן איבערזעצונג פונ'ם באקאנטען פסוק „עינים להם ולא יראו", נאר דערביי מיט א ווארטשפיל, ווייל „אויגען" הייסען די שווארצע לעכלאך אויף דעם ווירפעל).

ז. 17. איר מאהר מישן ווערדן אז זי זינד — זייערע מאכער מוזען ווערען אזוי ווי זיי אליין — (ד. ה. די מאכער פון די ווירפלען מוזען אויך ווערען בלינד, הגם זיי האבען אויגען). אונ' אל דער זיך איר אונטרווינד — און איטליכער וואס פארנעהמט זיך מיט זיי, וואס גיט זיך אפ מיט זיי. פיל שיר נעהט אים אן זיינם באלג — זעהר אין גיכען שטעהט פאר איהם אין קאן זיין הויט, וועלכע וואלט דאך געוואלט לעבען. ווען די אלטן שפריכווארט... — גלויב די (פאלגענדע) אלטע שפריכווערטער, וועלכע נארען זעלטען אפ: 1. שפיל שטיל און וואך הויך; 2. צו איינעמס טויט ווערט ביי לייטען אן איילעניש, זיי לויפען איהם (ד. ה. דעם מת, דעם ארון) פאראויס און נאך, ווי פאר א (לעבעדיגען) שררה.

ז. 18. ער שפיל ערליך אדר ניכט — ווי ער זאל ניט שפילען, ערליך אדער ניט. אלש גאר איין וויכט — אלץ איינס (אלץ גאר איין בריאה). גצויקעש — (פארגרייזט פון גצויגניש) דאס עדות־זאגען.

ז. 19. ווירפל פון מיר זיי דיר ווידר־זייך — ווירפעל, זאל עס דיר זיין פון מיר געזאגט אנקעגען. איך וויל מיך בארבש ביקערן גענצליך אין גאטש הוט — איך וויל זיך בארוויסערהייט באקערען איננאנצען אין גאטס השגחה (בארוויס איז געווען ביי די קריסטען אין מיטעל־אלטער דער שטארקסטער סימן פון רעליגיעזער הכנעה און פון תשובה־טאן). בארבש קאן אבער אויך הייסען פירבאס, ד. ה. אויף ווייטער וועל איך זיך איננאנצען אומקערען אין גאטס השגחה).

בכלל איז כמעט קיין ספק ניט, אז דאס גאנצע ליד „איבער דאס שפיעלען" איז ניט קיין אידישעס, נאר פשוט איבערגעשריבען פון דייטש, ווייל אינ'ם גאנצען ליד איז קיין סימן פון אידישקייט ניטא, קיין איין העברעאיש ווארט און איז פול מיט קריסטליכען גייסט פון מיטעלאלטער.

## בבא־בוך פון אליהו לעוויטא (בחור). ז. 20.

דאס „בבא בוך (לייענט: באווא־בוך) איז אן איבערזעצונג פונ'ם איטאליענישען וואריאנט פון אן אינטערנאציאנאלער לעגענדע, וועלכע האט וואריאנטען ביי פארשיידענע פעלקער, צ. ב. אין רוסיש די באקאנטע מעשה פון „באווא קאראלעוויטש", ד. ה. באווא דער פרינץ, אין ענגליש דער אמאל זעהר פאפולערער ראמאן „סער בעווים אף סמוטה־העמפ־טאן". נאר די סאמע ערשטע באקאנטע ווערסיע פון דער דאזיגער לעגענדע איז די אלט־גריכישע געשיכטע פונ'ם קיסר אגאמעמנאן, וועלכער איז גע'הרג'עט געווארען דורך אן אינטריגע פון זיין פרוי קליטעמנעסטרא פון איהר געליבטען עגיסטהאס, און דערנאך האט אגאמעמנאנס און קליטעמנעסטראס זון ארעסטעס גענומען נקמה פון זיין מוטער און איהר צווייטען מאן. אויסער אט דעם אוראלטען גרונד־קערן פון „בבא־בוך" פלעכטען זיך דארט אדורך אויך אנדערע אלטע לעגענדען, צום ביישפיל די דערצעהלונג פון א קיסר, וועלכער נעמט אויף דער עלטער א יונג מיידעל, כדי צו דערווארימען זיין פריערדיגען לייב (אזא לעגענדע איז פאראן אויך אין תנ'ך וועגען דוד המלך, מלכים א א').

אזוי ווי דאס „בבא־בוך" איז פארפאסט געווארן אין איטאליען, באגעגענען זיך אין

פינדליך... — צוליעב איהם (דעם געלט) שאפט מען שנאה־קנאה, א טויטען הונט וואלט מען אפגעשונדען צוליעב איהם. איין הארטעס לעבן... — א הארטעס לעבען געבען זיי אויף, אויף דעם, (ד. ה. אויף א לייכטעס לעבען) זיינען זיי זשעדנע (?). זיינט זי געשן קאן מען לייענען אויף צוויי אופנים: 1. זיינען זיי געזען, ד. ה. גארען (אבוואהל געזען ווערט געברויכט אין מיטלהויכדייטש ניט אין דער בילדליכער, נאר אין דער בוכשטעבליכער באטייטונג ווענען דער נארונג פון וויין און אנדערע פליסיגקייטען), אדער 2 זיינען זיי געססען, ד. ה. זשעדנע (דאס צווייטע איז מעהר קרוב לאמת, ווייל עס גראמט זיך ווייטער מיט עססען און פערגעססען). דש איזט איין ביין טויט... — דאס איז א מיתה משונה, וואס מע לאזט זיך ניט באנוגענען (מיט) דעם געלט לויט דער לאנגע, (נאר) ליבערשט ווילט זיך זיי עסען קאנפעקטען. זיי מאכען געלט אויף א פארברעכערישען אופן פון טויט און לעבעדיג (?). צו פילט אונ' ויכט — ז' ווערטערבורך „פילט". וואש זאל — וואס נוצט? צו דר ערדן דאמן פון אישט גינומן — צו דער ערד, פון וועלכער מען איז גע־נומען. אין דער וועלט דא מיר הין קומן... — אין דער וועלט, אין וועלכער מיר געהען אוועק, און פאר דעם וועלכער האט אלצדינג אין זיין רשות. אום וואש איינר האט גיזונט האלט, ניי אונ' אלט — מיט וואס איינער האט זיך גראד פארזינדיגט, נייע און אלטע (חטאים). זיך לאנג ביגרזט אונ' בזאכט — זיך לאנג אנגעפאשעט און אנגעקליבן. גאטעש ניט גיאכט ניט געזארגט וועגען גאט.

## זלמן סופר. ז. 12.

מעגליך, אז זלמן סופר און זעלמעלין זיינען איין פערזאן.

דאס טעמא „וועטשטרייט צווישען וויין און וואסער" איז זעהר אלט און באגעגענט זיך ביי א סך העברעאישע און אידישע דיכטער פון מיטעלאלטער (פראפ. נ. סלושץ איז געווען אזוי פריינדליך מיר מיטצוטיילען, אז דאס סאמע פאפולערע פון אט דעם מין לידער איז געווען אברהם בן עזרא'ס „ריב בין המים והיין").

זלמן סופר'ס ליד איז אן „אקראסטיך", ווייל די ערשטע אותיות פון יעדער סטראפע בילדען דא זיין נאמען: ז—ל—מ—ן—ס—ו—פ—ר.

זאהן דעם וויין כין... — דער זון פון וויינטרויב רופט מען מיך. איך בין גיוועזן... — איך בין צוגעגליך דעם ארימען, ווי דעם רייכען. צו דר פרויען ברויטען — צום חתונה מאכען פרויען. דו קאנסט זיך פור מיר ניט גירענן — דו קאנסט זיך פאר מיר ניט ארויס־רוקען, אניך מיר הויבט מען אן צו בענטשען.

ז. 13. העטשט דו וואויל בארמיטן — האסט דו זיכער גע־זאלט פארמיידן. דו האשט אונש איינגן מן פערזונד... — דו האסט אונז א (גרויסען) מאן פארזינדיגט, משה'ן גאטס קנעכט (א רמז אויף דער דער־צעהלונג אין דברים ל'ב 51 פרגל. שמות י'ז און במדבר כ' 1—13, אז משה רבינו איז געשטארבען אין מדבר אלס שטראף פאר זיין ניט פאלגען גאטס באפעהל מכח דעם וואסער אין מדבר צין). קושן דען טאט קאן מען פארשטעהן אויף צוויי אופנים: אדער — קושען דעם טויט (וואס זאל זיין א רמז אויף דער לעגענדע פון דער אגדתא און מדרש, אז משה רבינו איז געשטארבען דורך א קוש פון גאט, „מיתת נשיקה"), אדער, פיעל איינפאכער, זאל דא זיין פארגרייזט קושן אנשטאט קושטן (לייענט: קאסטען), ד. ה. — פארזוכען דעם טויט, דערקענען דעם טויט. וואש מושט דו דיין רעד אהן באהאלטן — וואס רעדסט דו אהן אויפהער. מיין וואשר וואורדן געשפאלטן — (קריעת ים סוף). טרוקנש פוש — מיט טרוקענעם פוס. צווי פירטל (ל' פירטייל).

„פט.זא,

## שמואל הורלן. ז. 14.

אין דעם סאטירישען ליד רעדט זיך וועגען דעם ווירפל־שפיעל (אין שטיינדלאך אדער ביינדלאך), וועלכעס איז געווען אין מיטעלאלטער און אין אנהויב פון דער נייער צייט שטארק פארשפרייט צווישען קריסטען און אידען, אלס האזארד־שפיעל (שפעטער האבען די קארטען פארנומען זיין ארט). אויף די ביינדלאך זיינען אויסגעקריצט „אויגען" אין באשטימטע צאהלען, און לויט ווי עס פלעגט פאלען די צאהל „אויגען" ביים ווארפען, האט זיך נאך דעם געווענדט דער ערפאלג פונ'ם שפיעלער. דערביי פלעגט מען טרייבען א סך שווינדעל, און מענשען פלעגען רואינירט ווערען דורך דעם „ווירפעל", ווי היינט דורך קארטען.

מיך האבן איר... — דריי פון זייער חברה האבען מיך בארויבט; אויב איהר גלויבט עס מיר ניט, טא זאל עס מיר באשטעטיגען דער פערטער, וועלכער האט עס פון מיר אוועקגעטראגען. הנם עס איז ניט געווען מיין געוועהנליכער וועג... זא רעכט קליין — זייענדיג אזוי גאנץ קליין. וואופן איבר... — וועה געשריען איבער דיר! אונ' אך, דש גירנן קיין פארבורגן וואך... — און אך! אז קיין שטרענגע פעסטונגס־וואך קאן פאר דיר אין ערגעץ ניט בלייבען (קאן פון דיר ניט אויסהיטען)!

ז. 15. איך מוש מיך דיינר דר ווערן — איך מוז זיך

# לינגוויסטישע און ביבליאָגראַפישע באַמערקונגען:

(צו די לידער פון בוך א.)

פון ב. באָראָכאָוו.

---

## ר' זעלמעלין'ס שבת־ליד. ז. 8.

(איבערזעצונג)

סטרונגען־מוזיק און איטליכע לוסט, — וועלכע קעניג דוד האָט קיינמאָל ניט געוואוסט — און אנדערע נביאים מעהר — ווי אויך אנדערע, וועמען דאָס אלעס ווערט ענטפּלעקט — און ווער עס דערפילט דעם גרונד פון זיין הארץ — זיין (גאָטס) נבואה און תורה, — (דאָס אלעס) וואָלט ער דאָך ניט קאָנען דערצעהלען. — גאָטס לויב און אלע זיינע וואונדער, — וועלכע זיינען פריהער געשעהען און געשעהען נאָך — (פאַר) די, וועמען ער האָט אויסגעקליבען באַזונדער (ד. ה. פאַר דעם אתה־בחרתנו־פאָלק, די אידען). — זיבציג פאַרשוין זיינען זיי נעקומען אין עגיפּטען, — (דער נאָך) האָט דער קיניג פרעה פאַרגעסען יוסף'ן (פרגל. שמות א, 8: ויקם מלך חדש על מצרים אשר לא ידע את יוסף) — און ער האָט געפּייניגט דעם זאָמען פון יוסף'ס קינדער.

ערגסטליך האָבען זיי דאָ גערופען צו גאָט; — ער האָט געזעהען זייער נויט, זיי זיינען צו איהם צונעטראָטען (צוגעשטאַנען). — זייערע ליידען האָבען גענומען א סוף — ווי ער האָט פאַרשפּראָכען צו אברהמ'ען: — (אין) 400 יאָר, ווי עס שטעהט אין פּסוק — וועל איך זיי פון דאַנען אומקערען. — דאָס איז געשעהען (וכך הווא), פרעה איז פאַר־זונקען — אין דעם מויל פונ'ם ים. — דאָס איז געוועזען דער לוין און אויך דער דאַנק — פאַר די שווערע הארטע זינד — וועלכע זיי (די עגיפּטיער) האָבען באַנאַנגען נעגען זייערע אָרימע קנעכט. — גאָט האָט דערלייזט זיינע ליבע קינדער — און געגעבען זיי דאָס געזעץ, וועלכעס זיי האָבען גערן אָנגענומען.

א ליבליכע מאָרגענגאָב צו דער האַנט — איז געשיקט געוואָרען צו דער ליבער כלה: — שבת איז געוועזען דער געשאַנק (א רמז אויף דער אלעגאָריע, וועלכע שטעלט פאַר דעם מתן תורה, ווי א מתנה פון גאָט צו זיין כלה, דעם פאָלק ישראל). — מיט הימלישען ברויט (ד"ה מיט מן) שפּייזט ער זיי דאָ (אין מדבר) — און גרייט פאַר זיי צו דאָ אויף דער ערד וואַכטלען (פערעפּיאָלקעס; א רמז אויף דער דערצעהלונג, אין שמות ט"ז 18, במדבר י"א 31, אז גאָט האָט אראָפּגעשיקט פאַר די אידען א מחנה „שלוים" — פערעפּיאָלקעס — אזוינע פעטע פוינלען). — לכבוד דעם הייליגען שבת — הילכט ער אויף זיינע הימלען — (אז) מע זאָל ניט מישען צוזאַמען, — פרייטאָג זאָלען זיי זיין צווייפאַך זיין (מסתמא, א רמז אויף דער דערצעהלונג, שמות ט"ז 5, אז פרייטאָג האָט גאָט געשיקט פון הימעל צוויי מאָל אזוי פיעל שפּייז, ווי אלע טאָג, כדי מע זאָל ניט דאַרפען זאַמלען שבת; דערפון נעמט זיך, לויט דער לעגענדע, דער מנהג צו לייגען צוויי חלות אויפ'ן טיש פרייטאָג און שבת), — פיעל אָדער ווינציג, ווי זיי זיינען געקומען (פרגל. וילקטו המרבה והממעיט — שמות ט"ז 17). — אזוי זאָל איך אויך אין מיין הויז זיך פיהרען: — צוויי גאַנצע ברויטען זאָל איך מיר ארויפלייגען, — איבער זיי זאָג איך מיין ברכה.

## מנחם אָלדענדאָרף. ז. 10.

נ ו' ו ו ע ל, ד ש ד י ע ש נ י ד א נ ט נ ע ל ט, ד י ט ו ר י כ ט ר י ו ו ע ל ט — זאָל גאָט געבען, אז איהר, דער נאַרישער וועלט, זאָל עס ניט פאַרגעבען ווערן. א י ר נ ד נ ק ן ד א ד י מ י ט א ו ם ג י ן — איהרע געדאַנקען מיט וועלכע זי (ד. ה. די וועלט) געהט ארום. נ י ד ר א ו נ' ה ו ך... — סיי נידעריג סיי הויך, (אלע) אין דער וועלט האָבען אן איילעניש, א יאָגעניש און שלאָגעניש, נאָך דער פּרנסה, דאָס ווערט איהר געוואָהר אלע טאָג. פ ס א ן א ו נ' ד י ל י י ן — גלחים און וועלטליכע מענשען. ד א ל א ז ן ז י נ י ט פ א ן — פון דעם לאָזען זיי ניט אָפּ. צ ו ז א מ ל ן נ ע ל ט... — אום צו זאַמלען געלט האַלטען זיי זיך ניט אָפּ צו מאַכען א קריעגעריי, צו וואַגען איטליכע עקשנות, וואו נאָר זיי זייער מאַכט געפינען.

נ ע ל ט ד ש ע ר ש ט ב ל ו ט — (באַדאַרף מען, וואָהרשיינליך, לייענען, ניט „געלט דאָס ערשט בלוט", נאָר „געלט ד ע ס ערשט ב ע ל ו ט", און אויב אזוי, דאַרף מען דעם פערז פאַרטייטשען אזוי:) פון געלט לאָזט זיך הערען קודם כל, אָדער ראשית חכמה איז געלט (ז' אין ווערטערבוך „ב י ל ו ט ז"). נ א ך א י ם

## וואָס איז אַ איד.

אַ בעטלער, אַ שררה,
אַ ווּאָרים, אַ ריעז;
אָן אַלטע הושענא,
אַ שטעכענדער שפּיעז;
אַ בלום און אַ דאָרען,
אַ בראָנד אַ שטיק אייז;
אָט דאָס איז געוואָרען,
ישראל דער גרייז.

אַ שטענדיגער חולה,
און שטאַרבט ניט אויף טוידט;
מסחרים גאַנץ וואוילע,
און האָט ניט אויף ברויט.
אַ גרייליכער קענער,
און ווערט קיינמאָל גרוים;
ער מאַכט שאַרפּע פּלענער
און פיהרט זיי ניט אוים.

אַ שטאַרקער, אַ שוואַכער,
אַ טרום און אַ העלד;
ביים עמוד אַ מאַכער,
אַ נאַר נישט אין פּעלד;
אַ נדבן, אַ שנאָרער,
דאָ פּריש און דאָ מיער,
דאָ האָניג, דאָ מרור,
אזוי איז דער איד.

ער גלוסט פּאַלעסטינא
און זיצט אין דער היים;
ער האָפט צו דער שכינה,
און גלויבט אין בעל שם.
ערשט תשעה באב קלאָגט ער,
און גלייך איז „נחמו“;
אַ פּאַק צרות טראָגט ער,
און טאַנצט זיך נאָך צו...



נו קומט נאָך א איד און ער גיט זייא נאָך רעכט,
„כל גוים סבבוני...“ אי טאַטע, ס'איז שלעכט!

„אהללה ה' בחיי“... קלינגט זיין שטימע גאַנץ ליעבליך,
ער קוקט דורכ'ן פענסטער אויף די גויעשע שטיבלעך,
דער גאַנצער דאָרף שלאָפט, עס וואכט נאָר ער איינער,
ר' יענקיל נעהמט פיהלען א קעלט אין דיא ביינער.
זיין הארץ ווערט אין איהם וויא א בוימעל צוגאַסען:
אי טאַטע, שיק צו פאַר מיין מיידעל א חתן!
איך בין שוין א איד, גאָט צו דאַנקען, בעיארענט,
און האָב נאָך מיין איינציגע קינד ניט בעווארענט,
איהר חתונה מאכען וואָלט איך אזוי װעלען,
און ווייטער זאָל זיין שוין וויא גאָט וועט געפעלען.
„אי הנה לא ינום“... דוא טאַטע געטרייער!
ר' יענקיל ער שטעהט יעצט און היט בייא זיין שייער,
א גוי האָט געסטראַשעט אין דרויסען בייא נאַכט,
מיט'ן תהילים אין האַנד שטעהט ר' יענקיל און וואַכט.

## דער חסיד מיט'ן רבי'ן.

א חסיד האָט געפרעגט דעם רבי'ן:
„אי, רבינ'יו, וואי מיר, וואי!
נו זאָגט מיר דעם תכלית פון לעבען,
און וואָס דאָס איז גאָר כדאי?“
דער רבי — ער איז נאָך פאַר קידוש,
און איז זיך מסדר דער ווייל,
ער קוקט אויפ'ן חסיד דער וויל,
ער קוקט אויפ'ן חסיד מיט חידוש,
און זינגט מיט דיא געסט „אשת חיל“.

דער רבי האָט זיך שוין געוואשען,
און זיצט מיט דיא חסידים ביים טיש,
מען גיסט אָן דעם וויין פון דיא פלאַשען,
מען טרינקט און מען עסט שוין דיא פיש,
דער חסיד פרעגט ווידער בנעימות:
„נו, רבי'ניו, ענטפערט מיר, זעהט!“
דער רבי הייסט געבען דעם צימעס,
און גיט זיך דיא באָרד שטיל א גלעט.

עס איז שוין אריבער דאָס עסען,
און שטיל איז דער „זמירות“ געזאַנג;
דער חסיד האָט זיך ניט פערגעסען,
ער פרעגט און דאָס הארץ טהוט איהם באַנג:
„נו זאָגט מיר דעם תכלית פון מענשען
א ענטפער מיר איידער ס'ווערט שפעט!“
דער רבי—ער ענדיגט יעצט בענשען,
און הייסט דיא ווייב מאכען דיא בעט.

דער חסיד האָט גאָר ניט פערשטאַנען,
פון הייליגען רב'ן דעם מיין,
ער זאָגט אז ער געהט ניט פון דאַנען,
ביז ער וועט דעם תכלית פערשטעהן.
דער רבי האָט זיך צוגעבויגען,
און רוימט איין דעם חסיד בסוד:
„מיר שליעסען זיך יעצט מיינע אויגען,
עס שלעפערט מיר שטאַרק נאָכ'ן באָד“.

אײַן אײנציגער איד בײא א מחנה ערלים,
ער האָרעװעט, פּראַצעװעט אויף אַלע כלים.
דיא שטיקעל פּרנסה קומט אַז שװער און ביטער,
דער גוי צאַפּט דיא דמים, דאָ קאַכט ער, דאָ בריהט ער,
און יענקיל מוז אַלע זלזולים פערשװײגען,
זײן װײב טאָר זײא אויך א קרום פּנים ניט צײגען.
אזוי איז בײא טאָג, נאָר בײ נאכט צװעלף אזײגער,
װען סאשעק ליענט אונטערן ט״ש װיא א פּגר,
און מיכאל זײן חבר, איז אויך שטארק בעזאפּען,
הײסט יענקיל זײן װײב און זײן מײדעל געהן שלאָפען,
און ער געהט צום שאַף, מאכט דעם תהלים׳ל אָפען.
ער קלינגט אַז מיט „אשרי“ אין מיטען דער נאכט.
ער זינגט און ער זאָגט און ער זיפצט און ער טראכט.

בײא „תפלה לעני“ גיט יענקיל א ציטער:
װאָס טהוט מען, ד א צײט איז אין דאַרף אזוי ביטער!
ניטאָ מעהר קײן עהרליכער גוי אויף א רפואה,
מען טאָהר זײא ניט גלויבען צומאָל אויף א שבועה.
נאָר רשעות אויף אידען, דאָס קענען זײא רײדען!
װיא שעהן איז געװעזען דער דאָרף פאַר מײן זײדען,
דער גוי פלעגט איהם ברײנגען פון קאָרען און פלאַקסען,
זײן שפע איז איהם גאָר אָהן רעגען געװאַקסען,
און פלעגט איהם א גוי אמאָל זײדלען און װאשען,
צו ברעכען דיא גלעזער, צו האקען דיא פלאשען,
פלעגט ער זיך דערנאָך דאָך אביסעל בעזינען,
און זאָגען איהם „זשידעק, דוא קריעגסט צו פּעררינען“,
און געהן מיט איהם טאנצען אין מיטען דערינען...
דיא אַלע זכרונות װערט יעצט אין איהם פּריש,
און גלײך גיט ר׳ יענקיל דעם תהלים א מיש.

„מן המצר קראתי“... און יענקיל טראכט װײטער:
דער הײנטיגער דור איז דורכאױס א פערשײטער,
פאַר צװײא װאכען קומט דאָ א איד אַנצופאָהרען,
אָהן באָרד און אָהן פּאות, אין גאנצען פערשאָרען,
איך טענה צו איהם און דערצעהל איהם דיא לײדען,
איך הער פון איהם רײד, װיא א גוי װאָלט עס רײדען!
„רעכט אויף אײך, זאָגט ער, רעכט אויף אײך אַלעס,
איהר שטעלט מיט דיא שענקען דיא גוים בדלות,
מײן אָרעמער שכל קען דאָס ניט בענעהמען,
מיר גנב׳ענען דען, צו מיר רױבען פון װעמען?
פערמעגען זאָל איך װאָס זײא זײנען מיר שולדיג,
זײא זידלען, זײא שלאָגען. און איך בין געדולדיג,
בין דאָר װיא א שפּאָן און דער גוי װיא א בול דיק;

דעם פיינד'ס חילות ווארפען שרעקען.
און ציון'ס טאכטער טהוט עס וועה;
דעם לייב אין פעלד צי דארף מען וועקען?
בר כוכבא געהט, ער געהט צו זייא!

פאראויס צום שלאכט אין קריג'ס געטימעל.
מיט ציון'ס העלדען ציהט ער דאנן;
עס שיינט ווי גאלד די זונן אין הימעל.
נאך שעהנער שיינט בר כוכבא'ס פאהן.

## דיא אלטע נעכאמע.

וואס איז מיט דער אלטער נעכאמען?
וואס פעהלט דער בעיאהרענטער
מאמען?
זיא איז מיט דיא קינדערלאך יעצט:
עס האבען געבראכט איהר צופיהרען
פון ליטא, דיא קינדער, דיא גביר'ן,
און האלטען איהר דא הויכגעשעצט.

זיא איז דאך מיט שמחה געפאהרען,
זיא האט דאך געביינקט לאנגע
יאהרען.
דיא זיהן מיט דיא אייניקלאך זעהן!
נו וואס זשע קען פעהלען דער מאמען,
וואס איז מיט דיא ק נדער צוזאמען,
וואס איז פאר א בייז איהר געשעהן?

וויא קען זיין דיא מאמע צופריעדען?
דיא זיהן איהרע זיינען קיין אידען,
מען הערט ניט א אידישען ווארט!
מען וואוינט ניט מיט אידען
צוזאמען,
וויא קען עס דען שמעקען נעכאמען,
וויא קען זיא נאר איינזיצען דארט?

מען עפענט צומאל ניט א סידור,
מען זינגט לויטער גוי'אישע ליעדער,
מען רעדט נאר דיא גוי'אישע
שפראך!
דיא איינ:קלאך קענען קיין אלף,
עס שניידט איהר דאס הארץ מיט
א חלף:
וויא קען זיא פערגעסען דאס, אך!

דיא אייניקלאך איהרע, דיא קלוגע,
זיי קוקען אויף איהר וויא משוגע
און שטילערהייד מאכען זיי שפאס:
וואס טויג זיי דיא אלטינקע באבע,
וואס האט נאר אין זין עולם הבא,
וואס טו ג זיי דען איהר משוגעת?

און זיא, אונזער אלטע נעכאמע,
דיא טרייע, דיא צערטליכע מא:ע,
זיא זיצט אפט און וויינט אין דער
שטיל:
זיא ביינקט נאך אמאליגע יאהרען.
חרטה האט זיא אויף'ן פאהרען,
און שטארבען איז דאס וואס זיא
וויל.

## דער שומר ביינאכט.

א פוילישער דערפעל... ביים וועג שטעהט א שענקיל,
דא וואוינט זיך דער אלטער ישוב'ניק, ר' יענקיל;

## שפּיעלט מיר אַ וויינענדיג׳ס.

איהר קענט דאָך רב איד אזוי אינמיטהיג שפּיעלען,
איהר זיינט דאָך פון אללע כלי־זמרים דער גלאַנץ:
נו טאָמער וואָלט איהר מיין בקשה ערפיללען,
אַט נאַט אייך א דיטקע*) און שפּיעלט מיר א טאַנץ.

נאָר שפּיעלט מיר א וויינענדיגס, ווי ביים געזעגנען,
איך האָב דאָס געהערט שוין א פּאָר מאָל פון אייך:
„ווער ווייסט אויב מיר וועלען אמאָל זיך בעגעגנען“,
אזוי האָט די פיעדעלע אויסגעשפּיעלט רייך.

נאָך טרויריגער שפּיעלט מיר, איך וויל עפּעס הערען,
וואָס זאָל מיר אין איטליכען אבר צוגעהן:
טאָ שפּיעלט פון א כלה, וואָס האָט מיט די טרעהרען,
געמאַכט ווייך דעם חתן׳ס מצבה פון שטיין!

דער קלעזמער, דער אלטער, ער נעהמט שטיל די פיעדעל,
און ברומט זיך: „איך בין פון די קלעזמער דער גלאַנץ;
איך בין אלט און אָרעם, מיין טרויריגסטע ליעדעל
הייסט „נאַ דיר א דיטקע און שפּיעל מיר א טאַנץ“.

## דער פערוואָגעלטער.

ווייט ביי א שטעדטעלע,
דאָרט איז מיין ערטעלע:
כ׳קען יעדען בוימעלע,
ליעב יעדען ערטעלע

אין יעדען גערטעלע,
ביי איטלאכם בוימעלע,
ליגט א פערלאָרענער
גילדערנער טרוימעלע.

נאָך בליהט דער בוימעלע,
נאָך גרינט דער גערטעלע:
איך דער פערוואָגעלטער,
זוך מיר אַן ערטעלע...

## בר כוכבא.

דער לייב אין פעלד, ער מוז איהם וויכען.
אין וואלד דער טיגער — מיידט איהם אויס;
זיין אומה ליעבט ער אָהן א גלייכען
און ציון איז איהם הייליג גרויס.

---

*) א דימקע איז אַ פּוילישע מטבע פון 3 קאָפּיקעס.

# א. מ. שארקאנסקי.



**אברהם מ. שארקאנסקי** — דיכטער, געבארען אין יאהר 1862 אין קאוונא, געשטארבען אין 1905 אין נויארק. ארום 1887 האט ער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער האט פארעפענטליכט א רייהע ליעדער אין פארשיידענע זאמעלביכער און צייטשריפטען. שפעטער האט ער מיט פיליפ קראנץ רעדאגירט דעם מאנאטליכען זשורנאל „דער שטאט־אנציינער", מיט מארים ראזענפעלד א וויצבלאט „דער אשמדי" און א דריימאנאטשריפט „דער פנקס". א. מ. שארקאנסקי באלאנגט צו די שעהנסטע אידישע דיכטער פון די ניינציגער יאהרען. זיינע ליעדער זיינען געשריבען אין א ווארימען פאלקסטימליך־הארציגען טאן. אויסער ליעדער האט ער אויך אנגעשריבען איינינע טעאטערשטיקער וואס זיינען אויפגעפיהרט געווארען מיט ערפאלג. אין 1895 איז אין נויארק ערשינען א קליינע זאמלונג פון זיינע ליעדער מיט'ן נאמען „יודישע נגונים". אין 1911 איז ערשינען א פארגרעסערטע זאמלונג פון זיינע ליעדער מיט'ן נאמען „גלות־בילדער". א. מ. שארקאנסקי איז איינער פון אונזערע אונגערעכט פארשווינענע דיכטער און מיט זיין פריהצייטיגען טויט איז ער אויך אפגעשטארבען פאר דער ליטעראַרישער וועלט. ביבל. ל. וויענער, "Yiddish Literature" 120-121, 226-229; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## מיר חלום'ט.

מיר חלום'ט זיך אפט פון א ליעבע,
איך זעה איהר געשטארבען אין טרוים;
זי ליגט אַן א זייט א'ן א קבר,
און איבער איהר וויעגט זיך א בוים.

מיר חלום'ט זיך אפט פון מיין לעבען
איך זעה זיך אלליין אין מיין טרוים:
מיר שיינט אז מיין הארץ איז א קבר
און איך א געפאלענער בוים.

## פערגעסען.

איך האב אמאל געליעבט צוויי אויגען —
וואו זיינען זיי,
די אויגען צוויי?
ס'איז פערפלויגען, ס'איז פערפלויגען.

איך האב אמאל א הארץ בעזעסען —
וואו און ווען
איז דאס געווען?
כ'האב פערגעסען, כ'האב פערגעסען.

און דאָס קיהלע ווינטעלע
לויפט זיך פריי ארום,
שפּיעלט זיך מיט'ן וואסערעל,
שפּיעלט מיט יעדער בלום,

שטיפט מיט אלע פויגעלעך,
פליגעלעך אין גראָז:
דעם אַ גלעט דאָס קעפּעלע
דעם גיט עס א בלאָז.

*

פּלוצלונג ווערט דעם ווינטעלע
אומעטיג אין וואלד
און אהין צום שטיבעלע
לויפט עס אונטער באַלד,

גנב'עט זיך אין לעבעלע
שנעל אריין פון לאַד,
רוימט איין יעדער מיידעלע
שטילערהייד א סוד:

מיידעלע דו בלייבינקע,
מיידעלע דו מיין!
טאָג און נאכט דו האָרעוועסט,
האָרעוועסט אין פּיין;

טאָג און נאכט אין קלעמעניש —
ווי ווערט דיר ניט מיאוס?
לאָז צורוה די הענטעלעך,
לאָז צורוה די פיס.

וואַרף אװעק די העמדעלעך,
געה פון דער מאשין!
דאָרט אין גרינעם וועלדעלע
קום מיט מיר אהין...

דאָרט אין גרינעם וועלדעלע
בליהט דער שענער מאי,
שפּיעלט און לאכט די זונעלע
ליעבליך און געטריי.

דאָרטען וועט דיין אויגעלע
שטראהלען מיט א גלאַנ..

דיינע מאַטע פיסעלעך
הויבען זיך צום טאַנץ.

קום זשע, פיינע מיידעלע,
קומט מיט מיר ביינאנד,
אין מיין שענעם קעניגרייך,
אין מיין שענעם לאַנד...

*

„ווינטעלע דו ליעבינקער,
ווינטעלע דו קלעק! —
ענטפערען די מיידעלעך: —
געה פון אונז אוועק!

לאָזען די מאַשינדעלעך
טאָרען מיר נישט, ניין,
און מיט דיר אין וועלדעלע
קאָנען מיר נישט געהן.

ניט פאר אונז, אוי, נייטערקעס,
בליהט דער שענער מאי.
נאָר אין אונזער לעצטער שעה
ווערען מיר ערשט פריי.

זעהסט דאָרט — אויפ'ן פּאָליצסע
ליעגט פאר אונז א בארג,
און די בעל הבית'טעטשקע
שטעהט א'בער'ן קארק.

געה זשע דיר אין וועלדעלע,
געה פון אונז אוועק,
ווינטעלע דו ליעבענקער,
ווינטעלע דו קלעק".

און פערקלעמט און צאָרענדיג
לויפט ארוים געשווינד,
דורכ'ן לאָך פון לעדעלע
זיפצענדיג דער ווינד.

דישנע ווערט אין שטיבעלע,
שטיל, מען הערט קיין וואָרט,
אויסער די מאשינדעלעך
רוישען אימער דאָרט...

פּאַרקען יערע אויגעלע
דאַרף מען ניט בעזונדערט
גיעב א רוק א הין, א הער —
פאַרטיג ווערט א הונדערט.

אוי, א גביר צו זיין איז היינט
פּראַסט א פערגעניגען
האָט ער א מאַשינעדעלע,
קען ער שוין אלץ קריגען.

האָט ער א מאַשינדעלע,
אוי פון שטאָל און אייזען
וואָס דאָס הארץ געלוסט איהם נאָר,
קען ער שוין דערווייזען!

נור פיר אונז איז, שוועסטערקעס,
ניט געוואָרען גרינגער:
צו מיט די מאַשינדעלעך,
צו מיט הוילע פינגער.

פון די נייע פרענטעלעך
קומט צו נייע שמערצען:
יעדער רוק און דרעה ביי אונז —
קלאַפּט זיך אָפּ אין הארצען.

ווי אין שטייג א פויגעלע,
איינגעשפּאַרט אין חדר,
צוגעשמיערט צום ביינקעלע —
דרעהען מיר כסדר.

ווייסען ניט פון לופט און שיין,
תמיד איינגעבויגען;
גריבער אין די בעקעלאך,
פינסטער אין די אויגען.

הענטעלעך און פיסעלעך
ברענען אונז ווי פייער:
אוי, איהר שיינע זעקעלעך,
אוי, איהר קאָסט אונז טייער!..

## די נייטערקעס.

אין א קליינעם שטיבעלע,
ביי א לאַנגען טיש,
זיצען דאַרטען מיידעלעך,
וויעגען מיט די פיס.

דרעהען די מאַשינדעלעך
פון דער פריה ביז נאַכט,
און אזוי ווערט טוצענווייז
העמדעלעך געמאַכט.

העמדעלעך, איהר ווייסינקע,
זאָגט, וואָס זענט איהר נאַס?
מיידעלעך, איהר שענינקע,
זאָגט, וואָס זענט איהר בלאַס?

העמדעלעך און מיידעלעך
רעדען נישט קיין וואָרט,
אויסער די מאַשינדעלעך
הודזשען אימער פאָרט.

דושנע איז אין שטיבעלע,
אונטער'ן שטערטעל באַלד,
לויפט א פרישעס וואַסערעל,
שטעהט א גרינער וואַלד.

און אין גרינעם וועלדעלע
שפּיעלט דער שעהנער מאַי,
בלאָזט א פרישעס ווינטעלע,
פליהט ארומ'עט פריי.

דאַרטען בליהען בלימעלעך,
בלומען אלערליי,
פליגעלעך פיעל גאָלדענע
שושקען זיך מיט זיי.

אין די צווייגען פויגעלעך
זינגען צוקער־זיס,
און דאָס פרישע וועסערעל
פלעסקעט אונטער: ביס!

# ש. הורוויץ.

**שמואל הורוויץ** (א. ליטווין) — זשורנאליסט און דיכטער. געבארען אין יאהר 1862 אין מינסק. זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט האט ש. הורוויץ אנגעהויבען מיט אייניגע ליעדער אין רוסיש. שפּעטער האט ער אנגעהויבען אנטייל נעמען אין דער אידישער פּרעסע מיט סקיצען, ליעדער און פארשיידענע פּובליציסטישע און קריטישע ארטיקלען. פון זיינע געזאמעלטע שריפטען זיינען ארויס אין באזונדערע אויסגאבען „פון חדר'שען פּנקס", „אין דער נייער היים", „פון ארבייט און נויט" (ליעדער) „אין פּאדריאַד" (פּאַעמא). ש. הורוויץ צייכענט זיך באזונדערס אויס מיט זיין פאלקסטימליכקייט. ארום 1913 איז ער צום צווייטען מאל געקומען אין אמעריקא וואו ער האט ארויסגעגעבען 3 בענדער פון זיינע שפּעטערע געזאמעלטע שריפטען „מאמענטען און פערזאַנען", „נאַטור און מענש", „רעליגיאָן און ערציהונג". אויך דער ערשטער באנד פון זיינע „יודישע נשמות" (פערלאג „פאלקס-בילדונג" נויארק); איז אויך געוועזן דער ארויסגעבער פון דער מאנאטשריפט „ליטעראַטור און לעבען". ביבל. ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

## זשאַמעלע.

„דו וועסט זיין א גביר, מיין
זשאַמעלע,
פלעגט מיר זינגען ביי מיין וויעגעלע
אלע נאכט אמאל די מאַמעלע —
איך געדענק נאך היינט איהר ניג'עלע.

און מקוים איז געוואָרען מיר
די הבטחה פון 'מיין מאַמעלע:
שווער צו קריגען אזא גרויסען גביר,
אזא נ'עושר ווי איהר זשאַמעלע.

שלאפען, שלאף איך אויף א קערבעלע,
מאך „המוציא" אויף א סקאָרינקע
און „לחים" אויף א שערבעלע,
פול מיט ברונען-וואַסער קלאָרינקע.

און די קינדערלעך און ס'ווייבעלע
נעהען אויסגעפּוצט אנטיקעלע:
דורך אין אָנטשקעס דאס לייבעלע
און פערגאַרטעלט מיט א שטריקעלע..

## די זאָקענמאַכערקעס.

אוי, א קלוגע וועלט איז היינט,
מיידעלעך געוואָרען!
נים וויא אין דער באָבעס צייט,
אין דיא אלטע יאָהרען.

קונציג ווערען היינט געמאכט
אלע פּראָסטע זאכען:
אויסגעקלעהרט מאשינדעלעך,
אוי, אין אלע פאכען.

לאָז אראָב דיא אויגעלעך,
אלטע באָבע האָדע!
דיינע ליעבע פרענטעלעך
זיינען שוין אויס מאָדע.

קום אריין צום איניקעל
דאָ אין מאַסטערסקאיע:
גאָר חדושים וועסטו זעהן, —
פרענטעלעך גאָר נייע!

# עוזר סמאלענסקין.



עוזר סמאלענסקין — דיכטער. געבארען דעם 23טען אקטאבער 1862, אין העלסיאזעוו, א קליין דערפעל אין פאלטאווער גוב. נאך אין דער גאנץ פריהער יוגענד האט עוזר סמאלענסקין שוין געשריבען העברעאישע און רוסישע ליעדער. אין 1893 האט ער מיט זיין פאמיליע אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער געפינט זיך אויף איצט. זיינע ליעדער זיינען געווען געדרוקט אין פאר־שיידענע אמעריקאניש־אידישע זשורנאלען ווי די „פרייע ארבייטער שטימע“, רעדאגירט פון ש. יא־נאווסקי און אנדערע אויסגאבען.

## קינדער.

אין די רייכע הייזער
ווינטער ביי דער נאכט
לעבט זיך גוט די קינדער, —
יעדער שפילט און לאכט,
און ס'בעלייכט פון אויוועז
ליעבליך זוי דער פלאם;
הערען צו דער מוטער'ס
מעשיות אויפמערקזאם;
זייערע געזיכטער
שיינען פון פיעל פרייד,
ברעכען לאכענד אונטער
אפט דער מוטער'ס רייד.

ס'מעג זיך בייז אין דרויסען
רוישען ראַרט דער ווינט, —
ווארעם איז דעם רייכען,
וואויל איז אויף זיין קינד.
ס'דארף זיך קיינמאל זארגען
פאר דעם טאג וואס געהט.

אימער איז איהם אלעס,
אלעס צוגעגרייט:
נייע, גוטע קליידער,
העמדער קלאר ווי שניי,
זעמעל, פוטער, קאווע,
שפיעלצייג אלערליי...

און אין ארמע הייזער
אין דער זעלבער נאכט
ווייגען קליינע קינדער
(זיעבען אדער אכט).
קאלט, א שרעק, אין צימער,
חאטש פערטרייבען הינט.
ס'איז נ טא אויף קוילען,
חאטש פארזעץ א קינד.
זייערע געזיכטער
פון טרערען זיינען רויט...
„גיב אונז“ — שרייען אלע,
„גיב אונז, מאמע, ברויט!“...



# יהודא־ליב גארדאן.



**יהודא־ליב גארדאן** (שני, החרש) — רבי. מחבר פון „סדור בית יהודא". געבארען אין מיאדעל, א קליין שטעטעל אין ווילנער גוב. אין יאהר 1862. דערצייגען זיך ביי ארעמע עלטערען. באקומען אן אידיש־טראדיציאנעלע ערציהונג. אין 1899 האט ער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער האט צווישען אנדערעס אויך אנגעשריבען א פירוש אויף דער גאנצער תורה „התורה והדעת", וואס וועט קירצליך פארעפענטליכט ווערען. דער דערמאנטער פירוש שטיצט זיך אויף וויסענשאפטליכע יסודות און איז געשריבען אין העברעאיש, אידיש און ענגליש. האט אויך אנגעשריבען א רייהע ליעדער און באלאדען אין אידיש, די מעהרסטע פון וועלכע עס געפינען זיך נאך אין מאנוסקריפט. די פאלגענדע באלאדע געפינט זיך אין א זאמלונג פון אידישע ליעדער, צו וועלכע דער באקאנטער אידישער קאמפאזיטאר פלאטאן ברונאף האט צוגעפאסט מוזיק.

## הושענה רבא נאכט

(באלאדע)

האלבע נאכט הושענה רבא
מיט הושענות פעקלעך פיעל,
נעהט דער שמש רבי אבא,
ביי דער שוהל פערטראכט און שטיל.

טיעף פערזונקען אין זכרונות
פון זיין לעבענס־קוואל און פּיין,
און עס לויפען דיא רעיונות
דיא ארויס און דיא אריין.

פּלוצלונג אוי, א שרעק, אן אימה,
איהם האט ציטערען געמאכט.
ער דערמאנט זיך אז זיין שלמה
איז געשטארבען דיעזע נאכט.

און ער זעהט שוין אין טליתים
מיט לולבים אין דיא הענט,
קריכען פון דיא קברים מתים,
און ער האט זיי גלייך דערקענט.

דאכט זיך איהם זיי לאכען, שפאטען,
הייבען זיך ארויף, אראפ,
ער דערזעהט באלד אויף זיין שטן
הינטער זיך גאר אן א קאפ.

קען זיך מעהר ניט ריערען קעהרען,
ביי דער שוהל וואנד בלייבט ער
שטעהן,
און א שטימע לאזט זיך הערען:
„רבי אבא אחרון"...

און ער געהט שוין נאך דער שטימע,
פונקט וויא נאך א צויבער הארף,
געהט ארויף גלייך אויף דער בימא
מאכט דיא ברכה קורץ און שארף.

און מען הייסט איהם אתרוג
בענטשען,
בענטשט ער אתרוג גיך און שנעל.
און אויף מארגען האבען מענשען
איהם געפונען טויט ביים שוועל...

א מויל — א קאלאטקאטקע,
הענד — כאטש פערל פיקען,
א קראם — און אבאראטקע
מיט אלע שיקען,
סחורה — האָרקע,
לויטער אנטיקען,
קרעדיט — פּאַ גלאַטקו,

(קאמיסיאנערען שיקען !)
געלד — כאטש שווינק
זיך, — אין אלע ביינק,
אין קאפּיטאל — א קרענק !
לסוף נאָך אלע גליקען
איז עס — נאטקע
מיט זיין קאפּאטקע...



תמיד סטייעט
און עס בלייבט נאָך איבער יתיר.
נאָטקע מאכט עס אויך מיט אלע
פלימער.
וויא א שניידער א געניטער:
צו וועלכע שלים־מזלות
דארף איך האָבען פּאָלעס
לאנגע וויא דער גלות ?
א שנייד אראב דיא שמאטעס —
האָב איך שוין אויף לאטעס;
א בויג אריבער א פּאָלבאָניע —
ווערט'ס א קאפּטען, מעשה פּאָניע;
קומט מיר אוים אביסעל שמיידיג
אין דיא עלענבויגענ,
א העזה פון א לאָך א ליידאק —
פעדמוויינ צוצווינגען
זיך דער ליץ
וויא א נעץ
ביז'ן סאמע פּלייצע —
און גיב איהם דאָ אַן עצה !
שונאי ציון זעץ
א פּאָאר שפּאקולען אויף צוויי
בלינדע אויגען—
אז ביידע ארבעל טויגען
נאָר אויף מארהע צו א מכה !
דארף איך טאקע
ביידע אויף כפרות:
כ'זינג זיי אב א פיין „וכרות“.
און פון פּאָרענט — בראָק
ארוים דעם קראָק —
האָב איך א פּאָר ארבעל — שררות,
און עס שניידט זיך אוים א ראָק,
א וויזיטקע, אַן ארטיקעל !
כאָך א כאפּ ארוים א שטיקעל
און א זעץ אריין א צוויקעל
אין די אָרעמס,
וועט שוין מעהר ניט פּלאַצען.
פעהלט מיר נאָך סך הכל,
אויף א קאָלנער לאַצען —
איז עס אויך ווערטה א פּיאַטאַק'ל:
ווידער מיט'ן שער א קנאַק —
קומט ארוים א פראק
מיט'ן גאַנצען טשאַק
האָטש הלך, נאָטקע, מיט דיא טאַצען
גלייך אויף א ספּעקטאַקעל !“
און עס טהוט זיך, וויא עס רעדט זיך:
ער נייהט־אויף דעם פראַק גע־
שווינדער,
מעסט איהם צו און גלעט זיך
אין ענטפלעקטען בייכעל,
און קוועלט אַז :
א פאסאַן —
א מאכל :
ס'ליגט וויא אויסגעגאָסען
איטליכם פּיצעלע בעזונדער
ממש וויא א פראַנט א חתן
אויסגעפּוצט זיך מכות רצח ;
נאָר עס בעט זיך
אויף'ן קאָפּ נאָך א צילינדער
און צום טיש : א גילדערן יאייכעל!“
* * *
אצונד
ווילט איהר הערען נאָך א בת־קול,
איך זאָל ארויסזאָגען אייך רונד
א נמשל מיט א מוסר־השכל,
און איהר מיינט דאָך מן הסתם
אז דאָ ליעגט אין גרונד
סתרי־תורה — פּייער פלאַם :
א שפּאָגעל ניי פּראָגראם,
בעשטוקעוועט גראַם־שטראַם
פון הענגעל־שלעגעל,
עולי רגל
מיט'ן אלטען ציון־דגל,
צו לכל הפּחות „בונד“
וואָס איז זיך אָפּטמאָל סותר
ווען עס קומט אוים שמאָל איהם —
חס ושלום !
כ'בין קיין טעאָרעטיקער קיין גרויסער
שרייב מיר פּשוט'ע משלים,
און ווייט ניט פון קיין פּוסר,
פון קיין חלום.
דאָסמאָל מיין איך גראָד
א סוחר פון בראָד,
וואָס דרעהט א גרויסע ראָד :

# ר׳ מרדכי׳לע.



**ר׳ מרדכי׳לע** (חיים טשעמעריגסקי) — זשורנאליסט און סאטיריקער. געבארען אין מאַר־טעלע, גראָדנער גוב. אין יאָהר 1862. אין 1904 האָט ער זיך צום ערשטען מאָל באוויזען אין דער אידישער ליטעראַטור מיט א רייהע פאַבלען מעהרסטענס נאָך קרילאָוו׳ן. האָט אויך איבער־זעצט אין אידיש וויקטאָר הוגאָס ראָמאַן „א מענש וואָס לאַכט״ („פריינד, 1911). אין 1906 האָט ער אין קיעוו רעדאַגירט די טעגליכע אידי־שע ציימונג „דאָס יודישע פאָלק״. שפּעטער איז ער געוואָרען א שטענדיגער מיטארבייטער פון „פריינד״, וואו ער האָט פון צייט צו צייט פער־עפענטליכט א רייהע אויסגעצייכנטע סאַטירישע ליעדער און פובליציסטישע ארטיקלען. באזונ־דערס צייכענט זיך ר׳ מרדכי׳לע אויס מיט זיין אָריגינעלען, ווערטער־רייכען אידיש און לייכטען סאַטירישען טאָן. האָט זיך אויך אָבגעגעבען מיט דער פילאָלאָגישער זייט פון דער אידישער שפּראַך. ביבל. ז. רייזען, „לעקסיקאָן״.

## נאָטקע-קאַפּאָטקע.

(סאַטירע)

נאָטקע
האָט נאָר איין קאַפּאָטקע,
א לאַנגע מיט א שפּאַלט,
מיט א קורצען סטאַן,
פון אַלטען אידישען פאַסאַן;
ער טראָגט זיא פון דער חופּה אַן —
שבת, יום־טוב, אום דער וואָכען —
און זיא איז שוין טאַקע אַלט,
נעביך שטאַרק צוקראָכען!
פון עלענבויגען־לאָכען
בולט׳ן דיא דאַרע קנאָכען,
און א רחמנות
און א רחבות
אין דיא פּאַחוועס!
הינטען העגנען פון קאַפּאָטע
לאַפּען, איינגעזאַפּט אין בלאָטע,
שלעפּען זיך וויא ציצית נאָך א טלית
און עס שלומפּערט
אוגגעלומפּערט!
אונזער נאָטעל
ווערט ניט בטל —
דאָס איז א פערשייטער דלות,
און א בריה, טויג צו אַלעם —
„נאָטעל —
זאָגט ער — איז א קאָזאַק
אויפ׳ן זאָטעל!״
דאַרף מען — בלאָזט ער אויפ׳ן
בלאָזאַק
גייהט ער חופּה־קליידער כלות,
גיט איהם נאָר אהער
א נאָדעל־פּאַדים, אייזען־שער —
מאַכט ער לאַנד און לייט פון זיינע
בגדים,
און נעה לאָר איהם!
אונזער פּיפּיגער בן־אדם
נעהמט זיך שטאַרק צו די מלבושים,
ארבייט היים מיט אַלע חושים,
שטשאַבעט שבת־שטעך מגושם,
גייהט און טרענט,
און דיא ארבייט ברענט
אונטער זיינע הענד!
וויא אַן עכטער חיט
זיצט ער זיך און קראַיעט
מיט א נגו׳לע פון פּייט:
„ביי א בריה
פּעהלט ניט קיין מאַטעריע —

די צרות פון די לעצטע צייטען,
די אומדערבארעמדיגע קלאַפּ,
וואָס שיטען זיך פון אַלע זייטען
אויף אונזערע אומגליקליכע קאָפּ:

די פרישע גזירות, די נייע דינים,
וואָס מע וואַרפט נאָר אויף אונז אָן:
די אנטיסעמיטישע נגונים,
וואָס קלינגען אַלע אויף איין טאָן, —

דאָס האָט אין מיר מיין מוטה דערשלאָגען
און דאָס לעבען וויסט געמאַכט:
איך וואָלט געוואָלט נאָר וויינען, קלאָגען
און גיעסען טרעהרען טאָג ווי נאַכט!...

דאַריבער איז מיר גרינגער, בעסער,
ווען איך זעה, אז אלץ איז שוואַרץ:
וואָס די פינסטערניש איז גרעסער,
ווערד מיר לייכטער אויפ׳ם האַרץ.

די שוואַרצע חמאַרע, דער שלאַקס־רעגען,
וואָס פייפט און ליאַפּעט מיט א כעס:
די פאַרדאָרבענע, פאַרוויסטע וועגען,
די טיעפע בלאָטע אויף דער גאַס:

די פאַרדאַרטע, טויטע פעלדער:
די פרוכטגאַרטנער, וואָס זענין פוסט:
די נאַקעטע, פאַרשמאַכטע וואַלדער,
די בלאַטער, וואָס וואַלגערן זיך אין מיסט, —

דאָס אלץ בין איך איצונד זעהר גערן:
מיר שטעלט זיך פאָר, אז די נאַטור
ווערד געריהרט פון מיינע טרעהרען —
און קלאָגט און טרויערט גלייך מיט מיר...

דערפון וויערד מיר אביסיל לינדער:
איך בין ניט עלענד אין מיין געוויין!...
מיינע טרעהרען פליעסען איצט געשווינדער,
זיי לויפען, קייקלען זיך אליין...

ניין, ניין! ניט אייביג זאָגט די האָפפנונג ליגען:
דרעהט זיך דאָס ראדיל דען ניט איבער אָפט?... —
אזוי האָב איך געליטען אונ געשוויגען,
אונ אלע מאָל געהאָפט, געהאָפט, געהאָפט...

אך, האָפפנונג! דו ביזט מיר געוועזען טהייער:
דו פלעגסט מיר תמיד היילען יעדע וואונד;
מיט דיר בין איך דורך וואסער און דורך פייער
בשלום דורכגעגאנגען ביז אצונד.

דו האָסט מיר געזונגען שאָנע, זיסע ליעדער
אונ מיך מיט זיי פארשלאָפערט אונ פארוויעגט...
אך! ווי וואָלט איך געוואָללט זיי הארען ווידער!
ווי וואָלט איך מיך אצונד מיט זיי דערקוויקט!

הלואי וואָלט איך געקענט איצטער ווידער האָפען
אונ לאָזען זיך פארוויעגען, ווי אמאָל!...
נאָר אוי! מיין האָפפנונג איז פון מיר אנטלאָפען,
איך האר שוין נישט איהר צוקערזיסעס קול!

וואו ביזט דו, האָפפענונג? וואוהין ביזט דו פארשוואונדען?
פאר וואָס רופסט דו זיך איצט ניט אָן צו מיר?
פאר וואָס קומסט דו ניט היילען מיינע וואונדען,
וואָס זענען גרויס אונ טיעף נאָר אָהן א שיעור?!...

איך בעט דיך, ווייז מיר איצט דיין פריינדשאפט ווידער
אונ טרייסט מיין הארץ מיט דיינע זיסע רייד;
פארוויג מיך נאָך אמאָל מיט דיינע ליעדער,
איך זאָל פארגעסען אלע מיינע לייד!

## הערבסט אין רומעניען.

„אך, דער הערבסט! ער זאָל שוין גיכער
איבערלויפען!“... שרייען לייט;
נאָר פאר מיר — זאָג איך אייך זיכער —
איז דער הערבסט די בעסטע צייט.

זיין טומאַן, זיין שווארצע מראה,
הארמאָנירען מיט מיין הארץ:
תמיד ליגט דארויף א חמארע
שטענדיג איז עס פינסטער, שווארץ.

# מ. פענקאָװסקי.

מנחם־מן פענקאָװסקי — דיכטער. געבאָרען אין לובין, פּאָלטאַװער גובערניע, אַרום 1860 (לויט שלום עליכם, װעמעס ער איז געװען אַ פּערזענליכער פריינד). אין זיין יוגענד איז מ. מ. פענקאָװסקי געװען אַ העברעאישער לעהרער אין זיין געבורטסשטאָדט. זיינע ליעדער זיינען מעהרסטענס געדרוקט געװען אין פּעטערסבורגער „יודישען פאָלקסבלאט", צװישען די יאָהרען 1882-1884, אונטער דער השגחה פון שלום עליכם. שפּעטער איז ער פאַרשװאונדען געװאָרען פון דער ליטעראַרישער װעלט. ניט אַכטענדיג דאַרויף, װאָס זיינע ליעדער זיינען מעהרסטענס שטאַרק טענדענציעז און אָפט מאָל ניט אויסגעהאַלטען טעכניש, לאָזען זיי דאָך איבער דעם איינדרוק, אַז מיט מ. מ. פענקאָװסקי'ס פאַרשװינדען איז פאַרלאָרען געגאַנגען אַ באַדייטענדער אידישער דיכטער.

## די האָפפנונג.

רבת צררוני מנעורי יאמר נא ישׂראל (תהלים קכ"ט, א').
ואמר אבד נצחי ותוחלתי מה' (איכה ג', י"ח).
ואיה אפוא תקותי מי ישורנה (איוב י"ז, ט"ו).

אַ סך, אַ סך בין איך פאַרשװאַרצט געװאָרען
און האָב גענוג געליטען צרות, שלעק;
איך האָב כמעט דעם בעכער פון גאָטטעס צאָרן
אין גאַנצען אויסגעטרונקען ביז צום דעק...

נאָר... תמיד, װען די חװאַליעס פון'ם לעבען
זענין גרייט געװעזען צו דערטרינקען מיך,
האָב איך דער ה אָ פ פ נ ו נ ג נאָר אַ װינק געגעבען —
און זי האָט זיך צו מיר געיאָװעט גיך.

זי האָט מיך תמיד, װי אַ טרייע מוטער,
געטרייסט מיט איהרע גוטע, זיסע רייד:
„ניט אייביג װעט דאָך דיר זיין אַזוי ביטער;
װעסט איבערקומען אַלע דיינע לייד!"...

און איהרע װאָרטער פלעגען מיר תמיד קלינגען
אַזוי מעלאָדיש, אַנגענעהם און פיין,
אַז איך פלעג זיי מיט גרויס פערגניגען שלינגען,
זיי פלעגען מיר טיעף — טיעף אין האַרץ אַריין.

ניט װילענדיג פלעג איך איהר מוזען גלויבען
און קלויבען נחת פון איהר פלוידעריי,
אַז מיין מזל װעט זיך נאָך דערהויבען,
און איך װעל פון אַלע צרות װערין פריי.

— נו, מאנעלע! ווארעם? עס קוועלט די נשמה?
„—אוי, ברידער, בחורים׳לעך! איילט זיך ניט! — קאלט!
איך פריהר ווי אום שבת ביי דער נאכט אין א וואלד....
איך ציטער, איך צאפעל... אוי, ברידערלעך, ג׳וואלד!
איך פריהר, פון נחמה!"

די וועלט איז א חדר
פאר קליין און פאר גרויס!
מע קוועטשט זיך, מע שטופט זיך —
מע לערענט זיך אויס....

א סוחר געווארען... נו, גיכער, רב יוד! —
אין האץ איז א מארק און אין קלאץ — א יריד...
עס הודיעט, עס קאכט ווי אין גיהנום!
איהר זעהט — קיין עין־הרע! מע לויפט! —
פעל, אקסען, זאלץ, קארן, פלאקס, פאצירקעס, לעדער!
מע פליהט ווי אויף פליגעל, מע פאהרט ווי אויף רעדער,
מע האנדעלט, מע וואנדעלט, מע קויפט, מע פארקויפט....
דאס סוחר׳ל יאגט זיך נאך דעם און נאך יענעם.
עס ציטערט, עס צאפעלט, בעגיעסט זיך מיט שוויים...
אוי, סוחרים׳לעך ,יודעלעך, פייערדיג, הייס!
עס ברענט ווי אין גיהנום!

דאס וועלטעלע דרעהט זיך —
א מארק, א יריד!
עס הודיעט, עס פלאקערט,
עס ברענט און עס זידט...

ברענט, ברענט, — איהר וועט אבגעקיהלט ווערען רב־יוד —
איהר איילט זיך נאך סחורה? — נאך אייזען, נאך ברעטער,
נאך זייד און נאך סאמעט — איהר פלאקערט, איהר זידט?
פערגעסט נאר ניט — זייט אזוי גוט — פון יריד
א שטיקעלע לייוואנד צו ברייננגען, רב־פעטער...
עס קלאפען די פושקעס, עס ארביים די זעג,
פיער ברעטער, צוויי שערבלעך. — און אויס מיט אנ׳עק!
נעקומען צופאהרען פון לעצטען יריד׳ל...
נו, גיכער, שמשים! פערשיט שוין, בעהאלט!...
אוי, יודעלעך, קאלט איז דארט — ·:·: איך אייך — קאלט?!...

## היים און קאַלט.

(סאטירע)

נו, מזל־טוב רחל'ע, מזל־טוב דיר —
אַ קינד, אַ בן־זכר געבאָרען !....
דאָס פּיצעלע קווימשעט און שרייט אַהן אַ שיעור...
וואָס אַז דאָס, דו, קליינער, וואָס איז דאָס מיט דיר?
דו ציטערסט? דערפראָרען געוואָרען?
אַך, דאָרט, אויפ'ן הימעל, וואו דו ביסט געווען,
איז ליכטיג און פרעהליך, און וואַרעם און שעהן,
און דאָ... הערט זיך צו — בנאמנות:
דאָס פּיצעלע רעדט דאָך, עס שרייט דאָך: „געוואַלד!"
אוי, מאַמע! ווי פינסטער איז דאָ און ווי קאַלט!...
אוי, וועה! האָב רחמנות!"...

דאָס רעדעלע דרעהט זיך
ארום אהן אנ'עק;
אַ טאָג קומט צו קריעכען,
אַ יאָהר פליהט אוועק...

— „גוט מאָרגען אייך, רבי!" — גוט מאָרגען! אַ נו!
אַט זעץ זיך אַקאָרשט נאָר אַניעדער
און נעהם זיך צום חומש... נו, לעבעדיג... דו!
מיט חשק, מיט אברים, מיט גליעדער!...
דו שוויינסט? !... נו, טאַ לעג זשע זיך! ליעג... אַט אַזוי...
איינס!... צוויי! !... „רבי! רבינו! אוי!..."
„—ליעג, ליעג! דו, כל־בוניק!... ס'וועט קאָסטען דיר טייער!...
איך ארבייט, איך קנעל, איך בענים זיך מיט שוויים,
און ער... טאַ, טאַ נאַ־זשע דיר! פיהל זשע און וויים...
הא? וואָרעם?"... „היים! רביניו, רביניו, היים!
עס בריהט ווי זג פייער!...."

אַ טאָג קומט צו קריעכען,
אַ יאָהר פליהט אוועק,
אלץ האָט זיך זיין אנפאנג,
אלץ האָט זיך זיין עק...

און נאָך אַמאָל — מזל־טוב! מזל־טוב אייך!
שפּיעלט כלי־זמר'לעך! הויבט זיך אויף פליעגעל!
דעם חתן איז פשוט... „דער קרומער ניט גלייך":
די כלה — אַ דימאַנט. אַ שפּיעגעל!
מע הוליעט!... וואַרט אוים, ליעבע פריינד, זייט ניט פויל —
דער דימאַנט האָט נענעל! דער שפּיעגעל — אַמויל...

עס פליהען די ווינטען און קלאגען אויף זיי
און רווישען און גרימען מיט צערען...

„אוי, פויגעלעך ליעבע! וואו זענען זיי איצט?
אוועק איבער בערג, איבער מעערען,
אהין וואו דער מארגען־שיין פינקעלט און בליצט
און ס'שמייכלען די גאלדענע שטערען.

אהין, וואו די לופט איז געזונד, ריין און פריי,
וואו שניי־ווייסע וואלקענס נאר שוועבען,
צו אנהייבען דארט פון דאס ניי, פון דאס ניי
א פרייעס, א גליקליכעס לעבען.

דער ווינטער איז לאנג, נאר דער שניי וועט צוגעהן,
דער גאלדענער פריהלינג וועט קומען,
דער הימעל וועט ווערען אי ליכטיג, אי ריין,
די גערטנער בעשאטען מיט בלומען.

די ערד אין איהר אלטען געוועזענעם גליק
וועט ווידער אי שיינען, אי בליהען —
און פרעהליך אהער וועלען קומען צוריק
די פויגעלעך ווידער צופליהען...

*
* *

„הער צו די תפלה פון דיין קנעכט,
וואס שטעהט פאר דיר, דעם קאפ געבויגען!
וועק אויף דאס קאלטע, טויטע הארץ,
מאך אויף די דונקלע, בלינדע אויגען.

„פון יענע פעלקער אויף דער וועלט,
וואס בלאנדזשען אויף די קרומע וועגען...
ווי אויף די בלום דער מארגען־טהוי,
ווי אויף דעם זאנג דער פרישער רעגען,

„פערגיס אויף זייער דונקלען זין
דיין בארימהארציגקייט פון אויבען,
בעלייכט זיי מיט דיין שיין און מאכט,
ערקוויק זיי מיט דעם ריינעם גלויבען:

„און ווי די אבגרונדען בעדעקט
דער טיעפער ים פון אלע עקען,
זאל גלויבען, וואהרהייט, וויסענשאפט
פון עק ביז עק די וועלט בעדעקען!“...

אײן בינטעל פאר א גאנצען טאָג
האָב איך זיי קוים צונויפגעקליבען.

ווי שוואך, ווי דונקעל זיינען זיי,
פערשוואַרצט פון קעלט, פערנעצט פון רעגען!...
אויף וועמעס קבר זאָל איך איהם,
חעם לעצטען קראנץ אניעדער לעגען?

איין־איינציג קרענצעלע האָב איך,
אזוי פערוויאלעט, שוואך און אָרעם,
און דאָ, אויף יעדען, יעדען טריט
זעה איך צושפרייט אזוי פיעל קברים!...

מיט הונדערט רינגגען, הונדערט הענד
האָט מיך דער טויט ארומגענומען —
וואוהין־זשע זאָל איך לעגען דאָ
דעם לעצטען ק ר א נ ץ, די לעצטע בלומען!...

## אין א ווינטער־נאכט.

א.

די באָבעניו זיצט מיט'ן זאק אין דער האנד.
דאָס לעמפעלע צאנקט. פון די שפּיזלען
צעוויגען־זיך, לויפען ארום אויף דער וואנד
אי חיות, אי פויגעל, אי ריזען...

די באָבעניו שווייגט... אלע מעשיות שוין לאנג
אונז איבערדערצעהלט פאר'ן זומער...
אין הארצען ביי איהר ליגט א נ׳פּטיגע שלאנג,
א טיעפער, א גליהענדער קומער...

אין דרויסען איז פינסטער, אין דרויסען איז קאלט,
דער שניי האָט די סטעזשקעס פערשאָטען...
אנ' אומעטיג בילד, א פערטרויערט געשטאלט
שוועבט לאנגזאם און שטיל ווי א שאָטען...

די אלטיטשקע זיצט ביי דעם לעמפעלע, שווער
און טיעף איז איהר רוקען געבויגען...
זי זיפצט און זי שעפּטשעט... א טרעהר נאך א טרעהר
בעלויכטען די דונקעלע אויגען...

ב.

— אוי, געסטעלעך, געסטעלעך פוסטע! מיט שניי
פערשאָטען, פערגליווערט געוואָרען...

## אייניקליך.

איהר הערט פון דער זו ייטען א וויינענדע שטימע?
דאס קלאנגען זיך, עלענד און ארים.
די קינדער פון ציון; דאס זיפצען און וויינען
די אלטע צובראכענע קברים.

דאס וויינען די הייליגע אלטע מצבות —
פערשוואַרצט און פערפינסטערט געוואָרען.
דאס וויינט אונזער מאמע, וואס איז ביי די קינדער
אויף אייביג ארוים פון זכרון...

## * זומער-נאַכט.

די נאכט איז שטיל, די נאכט איז פינסטער,
מיט שווארצע שאטענס איז בעדעקט
דער שטילער טייך. די גערטנער שלאפען;
עס וועהט מיט פרישע גראז; עס שמעקט
פון וואלד מיט שוואמען און מיט בלומען.
די לופט איז ריין, און פריש און קיהל:
אלץ שלאפט און רוהט אין שטילען פריעדען, —
נור פון דער אלטער וואסער-מיהל
הער איך צוויי ליעבע, זיסע שטימען:
צוויי יונגע טויבען וואוינען דארט;
זיי וואַרקען, האלזען זיך... ווי רוהיג
איז אויף זייער שטילען אָרט...
איך געה אהין, אן אלטע ווערבע
שטעהט אויפ'ן שטילען גרינעם ברעג;
זי איז מיין פריינד, זי איז מיין חבר
אין מיינע טרויעריגע טעג.
מיר זיינען ליעב די אלטע צווייגען,
וואס הענגען טרויעריג אראב,
גלייך ווי פארצייטען ביי אנ'אבל
די האר פון טרויעריגען קאפ.
זי איז מיר ליעב די אלטע ווערבע:
אפט זיץ איך איינזאם אונטער איהר,
און זי בעדעקט מיך מיט די צווייגען,
גיסט אוים א זיסע רוה אויף מיר.

## הערבסט-ליעד.

ווי נאס און פינסטער איז דער וואלד,
ווי וועניג בלומען איז געבליעבען:

## דאָס יודישע קינד.

טיעף בעגראַבען אין דער פינסטער,
ווייט פון לופט און ליכט —
זעהסט דו דאָרט דעם בלינדען
וואָרעם,
ווי ער קריכט?

אין דער ערד איז ער געבוירען,
און בעשערט
איז איהם אייביג, אייביג קריכען
אין דער ערד...

ווי א וואָרעם אין דער פינסטער,
שוואַך און שטום און בלינד —
לעבסט דו אָב די קינדהייט'ס יאָהרען,
יודיש קינד!

אויף דיין וויעגעל זינגט די מאמע
ניט קיין ליעד
פון א רוהיג־שטילען לעבען,
פרייהייט, פריעד.

פון די גערטנער, פון די פעלדער,
וואו דאָס פרישע קינד,
שפיעלט און פרייט זיך פריי און
לוסטיג,
ווי דער ווינט.

ניין! א קוואַל פון טיעפען יאָמער
רוישט און קלינגט...
אוי, ווי ביטער איז דאָס ליעדעל,
וואָס זי זינגט!

טיעפע זיפצען, הייסע טרערען,
מיט א שטאַרקע מאַכט,
קלינגען, רוישען אין דעם ליעדעל
טאָג און נאַכט.

טיעפע זיפצען, הייסע טרערען,
הונגער קעלט.
שלעפען זיך מיט דיר צוזאַמען
אויף דער וועלט.

און פון וויעגעל ביז צום קבר,
אויף דעם לאַנגען וועג,
וואַקסען גאַנצע וועלדער צרות,
אָהן א ברעג.

## שבועות.

„דער גרינער יום־טוב קלאַפּט אין טהיר
די זון געהט אויף און שיינט.
וואו זיידע, וועלען מיר דאָס גרינס
אויף יום־טוב נעהמען היינט?“

„— וואו פרעגסטו? קום, מיין גאָלדען קינד,
אויף אונזער הייליג אָרט, —
דער פריהלינג האָט מיט גראָז בעדעקט
דיין טאַטענס קבר דאָרט...

„קום, קינד מיינס! אונזער א י י ג ע ן גרינס
דערקענען איז ניט שווער:
פון יעדען גרעזעלע שטראַהלט־אָב
א הייסע יתום־טרעהר“...

## ש. פרוג.



**שמעון־שמואל פרוג** — באריטמער אידיש־רוסישער דיכטער. געבארען אין איינער פון די אידישע ערד־ארבייטער־קאלאניעס באבראוויקום, כערסאנער גוב. אין יאהר 1860, געשטארבען אין אדעס דעם 5טען אקטאבער, 1916. ש. פרוג האט צוערשט אנגעהייבען שרייבען אין רוסיש און דאס מעהרסטע און בעסטע פון זיין שאפען באלאנגט צו דער רוסישער ליטעראטור, וואו ער פארנעמט אן אנגעזעהענעם פלאץ. דאך האט ער באוויזען אויך אין אידיש ארויסצוגעבען איינינע בעסערע לידער און פעליעטאנען. אין אידיש איז ש. פרוג דער איבערגאנג־דיכטער פון פאלקס־טימליך־בדחנ׳ישען צו׳ם שעהנעם לירישען ליעד. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 5, 524; ל. וויענער „יידיש ליטעראטשור“, איגדעקס: בעל מחשבות, „געקליבענע שריפטען“, 1, 123־130; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור“, 2, 37־39; ז. רייזען, „לעקסיקאן“,

### זאמד און שטערען.

עס שיינט די לבנה, עס גלאנצען די שטערען;
די נאכט שוועבט אויף בארג און אויף טאל...
דאס אלטיטשקע ביכעלע ליעגט פאר מיר אפען, —
איך לייען עס, לייען עס טויזענדע מאל.

איך לייען די הייליגע טייערע ווערטער,
מיר הערט זיך א שטימע: „איך שווער —
מיין פאלק, דו וועסט זיין ווי די שטערען אין הימעל,
ווי זאמד אויפ׳ן ברעג פונ׳ם מעער...“

רבונו של עולם! עס ווערט ניט פערפאלען
פון דיינע הבטחות קיין איינציגעס ווארט:
מקוים מוז ווערען דיין הייליגער ווילען,
אלץ קומט אין זיין צייט, אויף זיין ארט.

און איינס איז שוין טאקע מקוים געווארען,
דאס פיהל איך, דאס וויים איך געוויס:
מיר זענען געווארען ווי זאמד, וואס איז הפקר,
וואס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יא, גאטעניו, אמת, ווי זאמד און ווי שטיינער,
צעשפרייט און צעווארפען אויף שאנד און אויף שפאט.
נו, אבער די שטערען, די ליכטיגע קלארע —
די שטערען, די שטערען — וואו זענען זיי גאט??

ער וועט שיקען צוואנציג דאָלער
זיין פּאָרטרעט דערצו,
און וועט נעהמען, לעבען זאָל ער
אונז אהינציצו.

ער וועט אלץ פון אונזערטוועגען
שאפען זוהנעניו,
און וועט פּאָהרען אונז אנטקעגען,
שלאָף זשע, שלאָף ליו־ליו.

און וועט חאפּען דיך צום קושען,
שוויינגען אזש פאר פרייד;
איך וועל קוואלען טרעהרען גיסען,
וויינען שטילערהייד.

ביז עס קומט דאָס גוטע קוויטעל,
דארף מען, זוהנעניו,
שלאָפען: ס'איז א טייער מיטעל,
ל ולינקע, ליו־ליו.

## עפּיטאַפיע.

(פאַרעפֿענטליכט נאָך זיין טויט)

דאָ ליעגט א איד א פשוט'ער,
געשריעבען אידיש־דייטש פאר וייבער,
און פאר'ן פּראָסטען פּאָלק האָט ער. —
געוועזן א הומאָריסט א שרייבער.

דאָס גאנצע לעבען אויסגעלאכט,
געשלאָגען מיט דער וועלט כּפּרות,
די גאנצע וועלט האָט גוט געמאכט,
און ער — אוי וועה — געוועזן אויף צרות!

און דוקא דעמאָלט ווען דער עולם האָט
געלאכט, געקלאטשט און פלעגט זיך פרעהען,
האָט ער געקרענקט — דאָס וויים נאָר גאָט —
בסוד, אז קיינער זאָל ניט זעהען.

„הער נאר שיינעז, ס'איז א סברה,
ס'איז שוין צייט צו דער גמרא!
זאג, וואס וויל רב־פפא האבען?
זאג! ניט, וועל איך דיך בעגראבען!"

אין דער פריה, צוריק אין חדר,
היינט ווי נעכטען, אזוי כסדר;
און דער קאנטשיק דרעשט די ביינער,
לערנען אבער וויל ניט קיינער.

*   *
*

פון דער זינען די גוטע שטראהלען,
דורכ'ן דונקלען פענסטער פאלען;
קליינע נעכטט, די טעג שוין גרעסער,
אויף דעם הארצען ווערט שוין בעסער.

ווארט זשע, קינדער, האפט אויף מארגען,
איר דארפט האפען, טארט ניט זארגען!
די אמונה, דער בטחון —
אונזער יודישער נצחון...

גוטע קומען און פערבייטען,
תמיד שלעכטע, וויסטע צייטען;
נאכ'ן אסיען, נאכ'ן ווינטער
קומט דער פריהלינג, ליבע קינדער!

## שלאף מיין קינד.

(א וויעג ליעד)

שלאף, מיין קינד, מיין טרייסט,
מיין שעהנער,
שלאף, מיין זוהנעניו!
שלאף, מיין קרוין, מיין קריש איינער,
ליולינקע ליו־ליו.

ביי דיין וויעגעל זיצט דיין מאמע,
זינגט א ליעד און וויינט;
וועסט א מאל פערשטעהן מסתמא,
וואס זי האט געמיינט.

אין „אמעריקע" דער טאטע
דיינער, זוהנעניו!
ביזט א קינד נאך שלאף לעת־עתה,
שלאף־זשע, שלאף ליו־ליו.

דאס „אמעריקע" פאר יעדען
זאגט מען איז א גליק,
און פאר אידען א גן־עדן,
עפעס אנ' אנטיק.

דארטען ווייסט מען פון קיין גלות,
גזרות, זוהנעניו,
פון קיין צרות, קיין יללות,
שלאף זשע, שלאף ליו־ליו.

דארטען, זאגט מען, זענען אידען,
קיין עין־הרע רייך.
יעדער לעבט זיך דארט צופריעדען,
אלע זענען גלייך.

דארטען עסט מען אין דער וואכען
חלה, זוהנעניו!
יאיכלעך וועל איך דיר דארט קאכען,
שלאף זשע, שלאף ליו־ליו.

נאר דערוויילע לאמיר האפען,
אוי, וואס קאן מען טהון?
כ'וואלט שוין לאנג צונ' איהם גענטראפען,
וויים איך ניט וואוהין...

גאט וועט הייסען, וועט ער שיקען
בריוועליך, זוהנעניו!
גאר אין גיכען אונז בעגליקען,
שלאף זשע, שלאף ליו־ליו.

# שלום עליכם.



שלום־עליכם (שלום ראבינאוויטש — איינער פון די גרעסטע אידישע שריפטשטעלער. געבארען דעם 18טען פעברואר 1859 אין א שטעטעל ארום פעריאסלעוו, פאלטאווער גוב. געשטארבען דעם 13טען מאי 1916 אין נויארק. עס איז צו גלויבען אז זעהר א קליינע צאל פון זיינע פארעהרער ווייסען אז אט דער אונז אלע־מען באוואוסטער און באליבטער שלום־עליכם האט אויסער זיינע, אונז נאהענטע, אפטמאל ביז טרעה־רען גוטמוטיגע מעשות, אויך געשריבען ליעדער. און אז מאנכע פון זיי האבען צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער אידישער פאעזי פון זייער צייט. איינע פון זיי איז דאס ליעד „ליעדער פונ׳ם חדר" (געוועזן געדרוקט אין זיין „יודישער פאלקס־ביבליאטעק" אונטערן נאמען „שלומיאל"), וואס איז געשריבען אין אזא׳ן איינפאך פאלקסטימ־ליך־ליעבען טאן. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 10, 302; בעל מחשבות „געקליבענע שריפטען", 1, 91־109; בעל דמיון, אין „דאס נייע לעבען" 1908, 1; ל. וויענער "Yiddish Literature" אינדעקס; ש. ניגער, „וועגען יודישע שרייבער", 1, 71־132; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## ליעדער פונ׳ם חדר.

שלעכטע קומען און פערבייטען
שטענדיג ליעבע גוטע צייטען!
נאכ׳ן זוממער שטעהט שוין הינטען
באלד דער אסיען מיט די ווינטען.

און אין שטוב איז פינסטער, נאס,
קאלט און בלאטיג אויף דער גאס,
און די נעכט, זיי ווערען גרעסער
אויף דעם הארצין אויך ניט בעסער.

און ער שטעהט שוין דא ניט ווייט,
דער בעהעלפער, ביי דער זייט,
מיט א שטעקען, א לאנטערען,
— איינגעזונקען זאל ער ווערען!

און דער רבי שמייסט כסדר
גרויס און קליין, דעם גאנצען חדר
לערענט ערענסט, ברעכט די ביינער,
לערנען אבער וויל נישט קיינער:

ס׳ציהט אהינצי אויפ׳ן אייז,
ס׳אייז איז גלאט, דער שניי איז
וויים!

ווילסט זיך גליטשען, א קאטאוועס?
און ער דיללט אונז מיט „פיער־
אבות":

מיט „פיער־אבות" מיט „נזיק׳ן"
טאנצט דער קאנטשיק אויפ׳ן ריקען..
פון פארטאג ביז שפעט ביי נאכט,
ביז מע ווערט שוין גוט פערשמאכט.

ווילסט זיך עסען, נאך מעהר שלאפען,
און מיר געהען דא מיט וואפען:
שטיינער, שטעקענס אללערליי,
ווי סאלדאטען מיט געשריי!

און מע הייסט אונז זינגען פרעהליך,
שרייען הויך: „אדוני מלך"!
ווער עס וויל ניט זינגען הויך,
כאפט א קניפ, א קולאק אויך.

אין דער היים מע פאלט אנידער,
מע וויל שלאפען, קומט ער ווידער,
אוי, דער רבי, ער קומט צו חלום,
קומט צו חלום, ניט אפ שלום:

„ניט לאנג צוריק האב איך פערמאגט
אן עזעל, וואס איך פלעג
פערדינגנען איהם אויף טעג.
דאס האט מיך גוט בעלוינט
און האב געהאט מיין ברויט,
און איצטער האב איך איהם פער־
קויפט"...

ד.

זיי פרעגען ווייטער איהם ערשטוינט:
„איז דאס אינגאנצען וואס דו קענסט
דערצעהלען וועגען זיך?...
מיר בעטען און בעשווערען זיך
ערקלעהר אונז ווער דו ביזט,
און וואס געטהאן האסט דו אזוינס,
וואס גאט אזוי געפעלט
און האט געהייסען געהן צו דיר?
דאס איז דאך ניט אומזיסט..."

ה.

דאס אידעל טהוט א טראכט און זאגט
ענ־ות'דיג און פרום:
„געקומען איז א פרוי צו מיר
פון שטערטעל דא ארום
און דינגט מיין עזעל פאר איהר פעלד.
זי קומט דערנאך צוריק
און צאהלט מיר אפ מיט געלד
פאר יענע ארבייטס־טעג.
איך זעה זי זיפצט און פרעג
וואס איז אזוינס מיט איהר.
זי ענטפערט מיט געוויין:
„מיין מאן, דער שפייזער פון מיין
הויז,
ער זיצט אין תפיסה פאר א חוב:
האב איך מיין פעלד פערזעעט אליין;
און אויב די תבואה מיר געראט,
דאן נעהם איך איהם ארויס...
איצט בלייבט מיר גארניט מעהר,
ווי נאר צו בעטען גאט"...
איך פרעג איהר ווידער דאן:
„און ווי ווערט זיין אז ער
ווערט חס ושלום נאר
ניט שיקען א געראטען יאהר?!"...
די אשה ענטפערט מיט א טרעהר:
„דאן לאז איך מיך אוועק
צו זיינע וועכטער, אוז איך ווער
א שקלאפ! דארט ביי זיי,
אבי בעפרייען זאל מען איהם,
און זאל פון הונגער רעטען ער
די קליינע קינדער, וועה!"...
איך זעה די פרוי ביים זינקען האלט:
ניט ווייט פון איהר א שפאן
פערוויקעלט ליגט די שלאנג פון זינד,
איך לויף אין מארק געשווינד,
מיין עזעל דארטען באלד
פערקויפט האב איך:
איך גיב דער פרוי דאס געלד,
און זי קויפט אויס איהר מאן,
און ווי איהר קוקט מיך אן אצינד,
אנשטאט מיין עזעל, ארבייט איך
אליין"...

— — — — — — — — — — — —

פערוואונדערט בלייבען שטעהן
די גרויסע לייט פון שטאדט:
זיי פאלען באלד צו זיינע פיס,
זיי קושען זיינע שיך —
„א, גרויסער איד, מיר בעטען דיך:
שפרייט אויס די הענד צו גאט
און זאל א רעגען געהן!"...



און אויף געזעעט אין צייט,
אביסעל נאָה'נט, אביסעל ווייט
און גאָט, ער איז ניט קאַרג,
אַ דאַנק איהם יעדע שעה,
איהם קומט אַ „תשואות־חן" —
ער צאָהלט מיר איצט מיין לוין...
פון צדקה אבער קומט עס מיר,
ג.ויף צדקה זאָל עס געהן !...
איך פיהר צוזאמען שוין
די שטאָדט־קבצנים דאָ,
געבראָכענע פון נויט,
און טהיילען גלייכע וועלען מיר
זיך נעהמען פון דעם ברויט"...

## דער אייזעל-טרייבער.

א.

אמאָל איז גאָט געוואָרען בייז
און האָט קיין רעגען ניט געשיקט.
די לופט איז זודיג הייס,
עס ברענט די היץ און שטיקט,
ניטאָ אפילו טהוי ביינאכט,
און אידען געהען אום פערשמאכט,
פער'חושך'ט און פער'צער'ט:
די תבואות ווערען אויסגעדארט,
די ברונימס — טרוקען, לעער...
דער עולם פאסט און וויינט,
מען לאָזט אין שוהל אַ טרעהר,
מען וועקט זיין רחמים אלע טאָג,
און דאָרט אין הימעל ע ר,
קיין תפלה הערט ניט מעהר...
פערשלאָסען זיצט ער הויך און טיף,
די גרעסטע לייט פון שטאָדט,
די פרימסטע וואָס די עדה האָט,
דאָן פאלען צו צו גאָט:
„דו גרויסער שעפער אלהים !
דו ביזט קיין אכזר ווען געווען.
ווי ווילסטו איצט מיט ווילדען גרים
פערניכטען אונז אזוי ?!
אַ, לאָז עס ניט געשעהן !"...
און דאָן אין חלום קומט צו זיי
אַ מלאך שפעט ביינאכט,
און צערטליך קלינגט זיין שטים:
„אויב רעגען ווילט איהר האָבען גלייך
דאָן נעהמט צום „עזעל־טרייבער" דאָרט
און טרעט ניט אָפּ פון אָרט,
ביז ער זאָל בעטען גאָט פאר אייך,
און קומען רעגען וועט אַ טייך"...

ב.

„דער עזעל־טרייבער !"... ווער ?...
אַ היבשע ווייַלע נעהמט,
ביז זיי דערמאָנען זיך אָן איהם...
אַ איד אַ ק ב צ ן גאָר,
געבויגען שטענדיג און פערקלעמט,
וואָס ארבייט ביטער, שווער,
מיט זיין בהמה און אליין,
און קיינמאָל האָט ער צייט
צו לעהרנען תורה און פערשטעהן...
דער מלאך אבער הייסט
און דאָס איז ווי געבאָט...
און באלד ביים ערשטען קרעה פון
האָן,
די גרעסטע לייט פון שטאָדט,
די שעהנסטע קליידער טהוען אָן
און לאָזען זיך צו איהם
אויף גאָט'ס בעראָטה...

ג.

זיי טרעפען דאָרט אַ אידעל אָן
פער'חושך'ט און פערדאָרט,
דאָס פנים אויסגעצויגען, בלייך,
די אויגען איינגעזונקען, אָבער ווייך
און רוהיג, מילד און צאַרט,
זיי פרעגען זאנפט איהם: „זאָג,
וואָס איז ר' איד, דיין טהאָן ?"
פערוואונדערט קוקט ער אויף די
געסט:
ווי קומען זיי צו איהם אין נעסט,
וואו דלות וואוינט און נויט ?...
ער ענטפערט ווי פערשעהמט:

ניטאָ קיין ברירה מעהר —
„הכנסת־כלה" — זאָגען זיי —
„און א יתומים־פּאָר
צו חופּה פיהרען מיר!"
— „ווי גליקליך מאכט עס מיך! - -
מיט שמחה רופט ער אויס —
„די גרעסטע מצוה איז דאָך דאָס!
שוין לאַנג נעגארט האָב איך
זיי העלפען מיט עטוואָס —
ניט איינמאָל, אָ, געגארט!"
ער כאַפּט זיין געלד ארויס,
א וואָרף, און לויפט אוועק,
ער לאָזט קיין שפּור נאָך זיך...

און דאָרט ביי איהם אין הויז,
זיין כלה־טאָכטער וואַרט:
געגאַנגען איז ער קויפען איהר
תכשיטים אלערהאַנד.
נאָך מאָדע'ס לעצטען וואָרט,
פון יעדען מין און סאָרט:
צום בריסטעלע א בראָש,
צום העלזעלע א באַנד,
א שפּילקעלע צום צאָפּ
מיט פּערעל, ווייס ווי שנעע,
און צו איהר שווארצען קאָפּ
א שעהנעם מין „של־ראש"
אין מיטען א בריליאַנט,
און רינגען אלערליי,
מיט עדעל־שטיינדלעך פול,
וואָס שטראַהלען מיט א שיין
און ניבען מיידלעך צו
וואָס מעהרער חן און רייץ...
ער קומט נאָר מיט א קאָש
פון בלויז איין מעסטעל ווייץ —
אין שפּייכלער שטעלט ער עס אריין
און נעהמט אוועק אין שוהל.

זיין אשה קומט פון גאַס,
די כלה איז אין כעס.
די מאַמע טהוט א פרעג:
„האָט ער תכשיטים דיר געבראַכט?"

די טאָכטער וויינט און לאַכט:
— „ער טרייבט א בייזען שפּאַס!
ער איז געקומען און אוועק
און האָט אין שפּייכלער דאָרט
א קאָשיק ווייץ געלאָזט,
וואָס בלויז א „קשיטה" קאָסט —
א שעהנע גאָרדעראָב!"...
און ברויזענד ווערט די פרוי:
„אָ, פינסטער איז מיין וועלט!
שוין ווידער מן־התם
פערטהיילט האָט ער זיין געלד,
געוואָרפען ווי אין ים...
דאָס איז דאָך א געוואַלד,
איך מוז ערפאַהרען עס געגוי,
דאַן גיב איך איהם א גאָב!"...

זי לויפט צום שפּייכלער באַלד
און עפענט אויף די טהיר —
עס שפּארען זיך אויף איהר
א צעהנדליג כוואַליעס נאָכאַנאַנד
פון תבואה אָהן א צאָהל,
די שעהנסטע וואָס אמאָל
געוואַקסען האָט אין לאַנד...
געפּאַקט דער שפּייכלער איז דערמיט
פון אונטען ביז ארויף,
ניט מעסטען אויפ'ן מאָס,
ניט וועגען אויפ'ן שאָל...

דער צדיק קומט דערויף —
די אשה זאָגט דערפרעהט:
„מיין מאַן, בעטראַכט נאָר דאָס;
דו האָסט דאָך קיינמאָל ניט
געאַקערט און געזעעט;
געוואַקסען און געבליהט
קיין תבואה האָט ביי דיר —
פון וואַנען האָבען מיר
אזא געוואַלדיג הויכען באַרג!?"...

דער צדיק שמייכעלט צו
און זאָגט מיט מילדער רוה.
„געאַקערט האָב איך יאָ

# מ. מ. דאָליצקי.



מנחם־מענדעל דאָליצקי — העברעאיש־אידישער דיכטער און בעלעטריסט. געבאָרען דעם 3טען אפּריל, 1859, אין ביאַלאַסטאָק. אין יאָהר 1882 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקאַ, וואו ער נעהמט אויך איצט אַן אַנטהייל אין דער אידישער פּרעסע און ליטעראַטור. אויסער אַ גרויסע טהייל פּאָפּולערע צייטונגס־ראָמאַנען האָט מ. מ. דאָליצקי אויך געשריבען ליעדער און באַלאַדען. לעצטענס האָט ער אין אידיש באַארבייט אַ היבשע טייל תלמוד׳ישע לעגענדען אין פּאָעטישער פאָרם, פון וועלכע מאַנכע זיינען גאַנץ געלונגען.
ביבל. יוד. ענג. ענצ. 4, 633; יוד. רוס. ענצ. 6, 285; ל. וויענער, "Yiddish Literature" אינדעקס; ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

## דער בעל-צדקה.

(נאָך אַ תלמודישער לעגענדע)

ביי אידען האָט אַמאָל געלעבט
אַ איד אַ מענשען־פריינד*)
וואָס זעלטען זעהט מען היינט
און זעלען איז געווען
ווי ער אפילו דאַן.
זיין „איך" ביי איהם האָט ניט
געהאַט דעם קלענסטען ווערט.
„וואָס איז אַ מענש אינגאַנצען דען?
אַ הויפען אַש און ערד...
דאָס לעבען איז אַ קורצער וועג:
פון אָנפאַנג ביז צום ברעג,
איז בלויז אַ קליינער שפּאַן" —
אַזוי פלעגט זאָגען ער —
„און יענער, ווער
קיין צדקה גיט,
דער קיינמאָל טאָר
ניט טראָגען גאָר
דעם נאָמען איד"...

געזוכט האָט ער דעם אָרימאַן
אין יערען ווינקעל נאָר,
און איהם געגעבען מעהר
ווי זיין פערמעגען האָט
ערלויבען איהם געקאָנט,
און שטיל און אָהן געשריי...
די „קלייבער" פון זיין שטאָדט
איהם האָבען שוין געקאָנט:
ווען צדקה האָבען זיי געמאָנט,
אַנטלויפען פלעגען זיי
פון איהם אויף גיך,
ער זאָל ניט געבען זיי אַוועק
זיין גאַנץ פערמעגען מיט אַמאָל
און גאָרניט לאָזען זיך,
בלויז קאַפּטען, העמד און שיך...

ער געהט און זעהט אַמאָל
ווי זיי אַנטלויפען אַן אַ זייט;
ער לויפט זיי נאָך און שרייט:
„למאי פערשעהמט איהר מיך?!"
ער יאָגט זיי אָן געשווינד
און שטעלט זיי אָפּ אין וועג.
„פאַר וואָס אַנטלויפען? ווארפט
ער פאַר.
„דאָס איז אַ גרויסע זינד!
פאַר ווען זאַמעלט איהר?
איך בעט אייך און בעשווער,
פערלייקענט ניט פון מיר!"

*) רבי אלעזר איש כפר ברתותה.

## נאָכ׳ן באַנקעט.

ראַמט אוועק די טויטע בלומען
פון געשטערבענעם בוקעט:
ס׳וועט צוריק דער טאָג ניט קומען
צום פערגעסענעם פּאָעט.
ניט דער יום־טוב, ניט דער ריח
פון דעם קראַנץ מיט זיין פערפיום.
אוים איז אלץ, און פוסט דער מוח
און די וועלט, אַך, טויב און שטום.

נעהמט די כוסות צו, די לעערע,
פון דעם אויסגעזופטען ווייז:
ס׳קומט צוריק ניט מעהר די „עהרע",
ניט דער „טרויבענזאפט פון רהיין",
אלץ איז לעדיג, קאלט און טרוקען
ווי דער כוס, דער בלומענשטרויס,
און די ליעבע ווייזט א רוקען,
און עס געהט די פריינדשאַפט אויס.

נעהמט אראָב די לייכטער שנעלער,
מיט די לוסטרעס פון די ווענט:
ס׳וועט שוין מעהר ניט ווערען
העלער,
ליכט און לאָמפּ, אלץ אויסגעברענט.
אויס דער גלאַנץ, די קאָמפּלימענטען
פון דעם פּרעכטיגען באַנקעט.
ווי דער טרוים פון מאָנומענטען
ביין פערגעסענעם פּאָעט.

פון די נאָטען די געשטעלען
נעהמט אויף צו, ווייל די מוזיק
איז פערהילכט, און ברעננען וועלען
ניט מעהר איהרע טענער גליק.
אָבגעצימבעלט, אויסגעפידעלט
איז די פריידי אין די פיער ווענט.
ערגיץ זיצט א שר און לידעלט
אויף א גיהנם־אינסטרומענט.

און די סאָפאַ ניט פערגעסען!
טהוט איהם אזא צער ניט אָן:
וואו זיין מלכה איז געזעסען
שטעהט אַן אָבגעניצטער טהראָן.
אלץ איז אויס! ס׳וועט מעהר ניט
זיצען
דאָרט זיין הערצענס־קעניגין;
ס׳וועלען איהרע אויגען־בליצען
ניט צוטומלען מעהר זיין זין.

איצט פערשליעסט שוין טיר און
טויער,
מאכט די פענסטער־לאָדענס צו:
פאר א קבר איז דער מויער
פיעל צו גרוים צו געבען רוה;
אוים פּאַלאַצען, מלוכה, מלך,
מלכה, טהראָן און צויבערבליק:
די הדיוטים לעבען פרעהליך
אין אַ נאַרען־רעפּובליק.

## דאָס געשפּענסט.

(פראגמענט)

איין אָוועגד פערגאנגענעם ווינטער בין איך
אליין אין מיין צימער געוועזען;
און זיצענדיג לעבען קאמין לאנג, האָב איך
געהאלטען א בוך און געלעזען.

און לעזענדיג, בין איך געוואָרען פערטראכט,
פערטראכט און אביסעל פעראומערט,
איך בין מיר געזעסען ביז שפּעט אין דער נאכט,
געזעסען, געטראכט און געשלומערט.

און שלומערנדיג איז געוואָרען מיר קאלט:
עס האָט מיך ערגריפען א שוידער;
פון פייער איז פּלוצלונג ארויס א געשטאלט,
א ביינער־געשטאלט... ווי א טויטער.

א מת, יאָ א מת איז ארויס פון קאמין,
אָהן פליייש, אָהן א הויט, היילע ביינער,
אין פּנים צוויי לעכער אָהן אויגען דארין,
אין מויל אָבער קריצענדע ציינער.

און פון די צוויי לעכער אין פּנים ביי איהם
האָט וואסער געטריפט, דאכט זיך טרערען...
און באלד איז ארויס פון זיין מויל אַזאַ שטים,
וואָס האָט מיך געשווידערט צו הערען.

און ווי יעדעם וואָרט איז ארויס פון זיין מויל,
איז אימער א טראָפּען א נייער —
איז אימער געפאלען אַ טרער אויף א קויל,
פארלעשענדיג לאנגזאם דעם פייער:

„דו שלומערסט, דו מענש! האָט געדונערט זיין קול,
דו זעהסט ניט, עס געהט אויס דיין פייער;
דו שלומערסט? האָט ער מיך געפרעגט נאָך אמאָל,
די קוילען, מענש, קאָסטען מיר טהייער!

„מיר קאָסט עס מיין לעבען. וואָס דיר איז איין שטוב
דעם אָוועגד דאָ ווארעם געוועזען...
אויף מיר איז געקומען דער טויט אין א גרוב,
אום דיר זאָל זיין ווארעם ביים לעזען.

# מ. ווינטשעווסקי.



**מאָריס ווינטשעווסקי** (נאָוואַכאָוויטש, ל. בענעדיקט, דער משוגע'נער פילאָזאָף) — איינער פון די אָנגעזעהנסטע פערזענליכקייטען אין דער אידישער סאָציאַלער וועלט. געבאָרען דעם 9טען אַגוסט, 1856, אין יאַנאָוו, קאָוונער גובערניע. מ. ווינטשעווסקי איז באַקאַנט אין דער אידישער ליטעראַטור דורך פאַרשיידענע געביטען. האָט אויך געשריבען ליעדער און האָט ווי מיט זיין פערזענליכקייט אַלס סאָציאַלער טוער אַזוי אויך מיט זיינע ליעדער געהאַט אַ באַדייטענדע ווירקונג אויף דער אידישער סאָציאַלער וועלט פון זייער צייט. אין 1894 איז ער פון לאָנדאָן געקומען אין אַמעריקאַ, וואו ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער טעגליכער אידיש־סאָציאַליסטישער צייטונג „פאָרווערטס“. איז אַ געוויסע צייט אויך געווען רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט“. אין 1910 איז אין מייזעל'ס פאַרלאַג ערשינען אַ באַנד פון זיינע געזאַמעלטע ליעדער. ביבל. ש. צינבערג, יוד. רוס. ענצ. 5, 625-626; ק. פאַרנבערג, אין „צוקונפט“, 1906; ל. וויענער "Yiddish אינדעקס; ש. עפשטיין, ביילאַגע צום „פריינד“, 1912; ז. רייזען, „לעקסיקאָן“.

## דריי שוועסטער.

אין ענגלאַנד איז דאָ אַ שטאָדט לעסטער,
אין לאָנדאָן איז דאָ אַזאַ סקווער,
אין סקווער שטעהען טעגליך דריי שוועסטער,
די מיידלעך — זיי קען ווער־ניט־ווער.

די קלענסטע פערקויפט דאָרטען בלומען,
די מיטעלסטע — בענדלעך פון שיך,
און שפעט אין דער נאַכט זעהט מען קומען
די עלטסטע, וואָס האַנדעלט... מיט זיך.

די איננערע ביידע בעטראַכטען
די עלטערע שוועסטער אָהן האַס;
דען אַלע דריי מיידלעך פעראַכטען
די וועלט, מיט דער שטאָדט, מיט דער גאַס.

און דאַך ווען די קליינע צוויי קומען
צום נעכט, וואָס זיי רופען אַ היים,
בענעצען זיי בענדלעך און בלומען
מיט טרערען, וואָס בלייבען געהיים.

# נפתלי־הערץ אימבער.



**נפתלי־הערץ אימבער** — פאפולערער העברעאישער דיכטער. געבארען אין זלאטשעוו, גאליציען אין יאהר 1856. נפתלי־הערץ אימבער איז באזונדערס פאפולער געווארען מיט זיין באוואוסטען נאציאנאל־העברעאישען ליעד „התקוה“. אין יאהר 1892 האט ער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער האט אויך אנגעשריבען א רייהע ליעדער אין אידיש, וואס זיינען צושפרייט אין פארשיידענע אידיש־אמעריקאנישע זשורנאלען; די לעצטע זיינען פון אן אונבאדייטענדען פאעטישען ווערט. געשטארבען איז נפתלי־הערץ אימבער אין יאהר 1908 אין נויארק. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 6, 561־562.

## צו אמעריקא.

איך שיידע פון דיר,
דוא לאנד דער פרייהייט.
קיין ירושלים פיהר איך
מיין הייליגע טרייהייט.

אונטער דיין אדלערס פליגעל,
האב איך רוהיג געלעבט;
אבער תמיד האבען מיינע געדאנקען,
נאך ירושלים געשטרעבט.

איך האב בייא דיר געלער'נט,
וויא אזויא צו זיין טרייא:
דיין לעקציאן איז מיר הייליג,
דאס הייסט: „מענש זייא פרייא“.

דארט אויף דעם בארג מוריה,
אלס וועכטער וועל איך שטעהן,
ביז אללע ציון'ס פאהנען,
וועלען אויף דעם הר הזתים וועהן.

איך וועל אייך מעהר ניט זעהן,
מיינע ליעבע ברידער;
נור פיהלען וועט איהר מיין וועה,
ביים זינגען מיינע ליעדער.

זיי פאטשען אונז בראווא, זייווארפען בריליאנטען,
מיר האבען שוין מעהר ניט וואו אלעס צו לעגען.

מיר שפיעלען „כל נדרי“ מיט טרויעריגע טענער,
דיא געסט ווערען שטילער מיט כבוד זיי הערען,
באלד הויבען אן זיפצען דיא פרויען און מענער,
און הויבען אן וויינען מיט אמת'ע טרעהרען.

קוים זיינען פערקלונגען פון אונזערע פידלען
מיט קרעכצען און וועהען דיא אידישע טענער;
וויא פלוצים מיר הערען א פאטשען מיט פליגלען,
און באלד אויך גאנץ הילכיג, עס קרעהען דיא העהנער.

עס לעשען דיא ליכטער, עס שווינדען דיא זאאלען,
דיא געסט זיי פערבלאסען ביים טיש דארט דעם רונדען;
ס'ווערט טונקלער און טונקלער, פערגעהט וויא א שטן,
און ענדליך ווערט פינסטער און אלעס פערשוואונדען.

א קעלט און א שרעקען געהט דורך אונזערע גלידער,
מיר פיהלען דיא כוחות פערלאזען אונז באלד דארט;
דיא גאנצע קאפעליע מיר זיטצען אין בלאטע
אין זומפף ביים בית־עולם פון שטעדטיל, אין וואלד דארט.

זיי פליהען און טראגען מיט קפיצת הדרך,
גאנץ שווער צו דערקענען וואו איצטער מיר זיינען;
און באלד טאקע זעהען דעם הויף מיר פון ווייטען
מיט העלע לאמטערנעס, וויא שטערען בעשיינען.

מיר קומען אריינעט, עס בלענדעט דיא אויגען!
פיעל לאמפען און ליכטער אין טויזענד קאלירען
בעלייכטען דיא גילדערנע פּרעכטיגע זאאלען,
סטאטועס און זיילען, גארדינען און טהירען.

און פּארנעהמע מענער, נאר פירסטען און גראפען
מיט שווערדען, פּאלעטען, מיט שניר און מעדאלען;
זיי טרינקען שאמפּאניער, זיי שטיפען און לאכען,
און פיהרען דיא דאמען ארום אין דיא זאאלען.

א וואונק פון מחותן, אונז כאפּען לאקייען
און פיהרען ארויף אויף א בימה מיט בלומען;
מיר שטעלען זיך אויסעט און סטרויען דיא כלים
און באלד זיך מיט חשק צום שפּיעלען גענומען.

מיר שפּיעלען באלד אויפעט דאס ליעד „נאשא פּאלשטשא“,
זיי וואַרפען אונז רענדלעך און אויך אימפּעריאלען;
מיר שפּיעלען „מאזורקא“ און אויך „קראקאוויאקען“,
און רענדלעך, ווי האגעל אין הימעל זיי פאלען.

מיר שפּיעלען אויף פּאלקא און וואלצען, קאדרילען,
דיא הערען און דאמען, זיי טאנצען און קוועלען;
מיר שפּיעלען מיט חשק, מיט הארץ און נשמה,
זיי שיטען מיט רענדלאך, עס איז זיי געפעלען.

און פּלוצים רופט אוים דארט דער רעכטער מחותן:
— איצט שפּיעלט „פּא זשידאַוווסקי“—(נאר אידיש צו שפּיעלען)
זיי געהען צום טיש איצט צום עסען און טרינקען,
מיר נעהמען זיך שפּיעלען דעם וואונש צו ערפיללען.

מיר שפּיעלען „מה יפית“ דער עולם ווערט מונטער,
צום טאקט מיט דיא לעפעל און גלעזער זיי קלינגען;
אי מענער אי פרויען זיי ווארפען אונז רענדלאך,
און העלפען אין קאהר אונז „מה יפית“ צו זינגען.

מיר שפּיעלען באלד אויף אויף דעם שעהנעם „לכה דודי“
זיי ווערען שוין ערנסט און שטעלען אוים אויגען;

# דוד אפאטהעקער.



(רער הינקערינגע־שלים'מזל) — פעליעטאניסט און דיכטער. געבארען דעם 18טען אגוסט 1855, אין מאניעוועזש, קאוונער גוב., געשטארבען אין אקטאבער 1911 אין נויארק. אין 1881 איז אין מיטערנאוויץ, גאליציען, ערשינען א קליינע זאמלונג פון זיינע ליעדער אין אידיש און העברעאיש מיט'ן נאמען „הנבל“. אין יאהר 1888 האט ער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער האט זיך באטייליגט אין דער אידישער פרעסע אויף פארשיידענע געביטען. צווישען אנדערעם האט דוד אפאטהעקער אויך געשריבען ליעדער און באלאדען. די לעצטע זיינען געדרוקט געוועזן אין דער טעגליכער אידישער צייטונג „דיווארהייט“. אין 1910 איז אין נויארק ערשינען א גרויסער באנד פון זיינע פעליעטאנען און הומאריסטישע ליעדער. ביבל. ל. וויענער, “Yiddish Literature” 80־81; יוד. ענג. ענצ. 2, 22; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## די קאפעליע.

ר' איציק דער כלי־זמר א קינסטלער א פידלער,
בעריהמט מיט זיין שפיעלען ביי אידען אין פוילען,
פלעגט אפט אט דיא מעשה, וואס איהם האט געטראפען,
בין מנחה למעריב פאר אלע דערצעהלען:

נעוועזן איז עס איינמאל א חנוכה אבענד,
מיר האבען גאנץ פרעהלאך געשפיעלט און געזונגען
חנרות הללו, אויף לאטקעס געגעסען...
דאן האט עס אין קלויסטער צו „נתל“ געקלונגען.

פלוצים מיר הערען עס קלאפט אין דיא לאדען,
מיר לויפען ארויסעט, און ווער איז פארפאהרען?
פעטרושקא דער קוטשער פון גראף פון דעם שטעדטעל,
א גוי א געזונטער, א איינגעל מיט שפארען:

— פאן איצקא, נעהם גיכער דיין גאנצע קאפעליע,
— דיא כלים, דיא נאטען, א חתונה שפיעלען
— ביים גראף מיט א גרעפין, און אלע אין הויף דארט
— דיא מוזיק פון אייער קאפעליע זיי ווילען.

א זעלטען פערדיענסטעל! מיר כאפען דיא כלים,
דיא גאנצע קאפעליע זיא זיצט שוין אין וואגען:
פעטרושקא ער פייפט זיך א גוי'אישע לידעל,
דיא פערד נאר וויא ארלערס זיי פליהען און טראגען.

געפאלען איז, ציון, די קרוין פון דיין קאָפּ,
געפאלען דער טוידט אויף דיין איידעלען פּנים,
געפאלען איז ציון פון הימעל אראָפּ,
געפאלען, געפאלען, דערפרעהט איהרע שונאים.

## אהין.

(פראגמענט)

ושנאתי את החיים כי רע עלי המעשה
שנעשה תחת השמש (קהלת ב י״ז).

א הינטער די הויכע, די אייביגע וועלדער,
אהינטער דעם מדבר, דעם ברייטען, דעם גלייכען,
אהינטער די גרינע בעוואקסענע פעלדער,
אהינטער די ימים, אהינטער די טייכען —

אט דארט, וואו דער הימעל געהט צי צו דער ערד
מיט ליעבשאפט די קרעפטין צו שליסען אין איינעם,
אט דארט, וואו עס בליצט ניט דער שארף פון דעם שווערד,
דער קלאפּ פון דעם פולווער פערטומעלט ניט קיינעם —

אהין טראגט מיך גלייך צו דעם פלאטץ, צו דעם ברייטען,
אהין אין דעם טהאָל טיעף אראָפּ צו דער ניעדער,
אט דארטין, אי בעט איך, אט דארט זאָלט איהר גרייטען
א קבר פאר מיר מיינע טהייערע ברידער!

בעקלאָגט זיי ניט הויך מיינע טרוקענע ביינער,
ניט זאלבט זיי מיט אייערע זודינע טרערען,
ווארפט אז אויף מיין קבר א הויפען מיט שטיינער,
א הויפען א שטארקען, א הויפען א שווערען.

אונ לאָז ער זיך דארטין דער מעכטיגער שטורעם
אלץ שיטען מיט פייער, אלץ שיסען, אלץ קנאללען,
לאָז שלאָגען דער ים אן דעם אייזערנעם טורעם,
די ערד מאָג אין גאנצען אויף פיצלעך צעפאללען!

נאָר הויך אויף מיין קבר דאָס פויגעל דאָס קליינע,
זאָל אלץ דארטין אויבען זיך טוקען אונ וויגען,
אונ ניסען ווי גאָלד איהרע טרעללען די ריינע,
אונ זינגען מיר אייביג איהר הייליגען ניגון.

זאָל זינגען איהר ניגון פון גאָטטהייט, פון לעבען,
פון פריעזען גן־עדן, פון גליק, פון נחמה,
אונ הויך מיט איהר שטימע זאָל פליהען, זאָל שוועבען
ארויף צו די הימלען מיין קראַנקע נשמה.

## יעקב רעוויזן.

**יעקב רעוויזן** — דיכטער. געבארען אין משאוואוס, מאהליווער גוב. אין יאהר 1852. האט באקומען אן אידיש־טראדיציאנעלע ערציהונג. שפעטער געווארען א הייסער משכיל. אין 1880 איז ער אוועק אין קליין־פערעשטשעפענע, פאלטאווער גוב., וואו ער איז געווארען א תבועה־הענדלער. שפעטער איז ער דארט באפריינדעט געווארען מיט א. קאצאוויץ (מיט־רעדאקטאר פון דער אמעריקאניש־אידישער מאנאט־שריפט „דער אידישער פארמער", דורך וועמען די דאזיגע איינצעלהייטען ווערען געבראכט), וואס האט פיעל מיטגעהאלפען דער ענטוויקלונג פון זיין טאלאנט. אנגעהויבען צו שרייבען ליעדער האט יעקב רעוויזן אין עלטער פון 40 יאהר. זיין ערשטען ליעד האט שלום־עליכם צוגעשיקט צו ח. מאליץ, רעדאקטאר פון דעם פילארעלפיער אידישען זשורנאל „די שטאט־צייטונג", וואו עס איז געדרוקט געווען אין יאהר 1895. דעם זעלבען יאהר האט ער אויף זיינע אייגענע קאסטען אין ווארשוי ארויסגעגעבען א קליינעם באנד ליעדער מיט'ן נאמען „די מעלאדיען פאן יעקב רעוויזן", וואו עס געפינען זיך מאנכע אויסגעצייכענטע ליעדער.

ביבל. ח. מאליץ, אין „שטאט־צייטונג" 1895.



## דער אייביגער ברונען.

(פראגמענט)

ווער ברענט עס אין עפלד איהרע פארטיגע זאנגען?
וואס שטעהט זי די מוטער און ברעכט איהרע הענד?
וואס ליעגען די קינדער פון הונגער פערגאנגען?
וואס קלאגט אזוי ביטער דער גאנצער אריענט?

— אט דארט אויפ'ן אריענט האלט די מעכטיגע רוים,
מיט גבורה צערשפרייט איהרע גאלדענע פאנען,
קארטאגען צעוואלגערט, צעבראכען, ווי סדום,
פערפלייצט ירושלים מיט איהרע לעגיאנען;

צי דו ביזט עס ציון? צי מעגליך דערקענען
דיין שאהנהייט, דיין רייכטהום, דו ליכטיגע שטאדט?
די פעסטונגען פאלען, די מויערין ברענען,
די פלאהם טראגט אין הימעל איהר קרבן צו גאטט;

פערוויכערטע, שווארצע, דערשלאגענע שטעהען
די שטיינערנע טורעמס, די מארמארנע זיילין,
די קינדערלעך דיינע פער'חלש'טע געהען
אין גלות, אהין ווייט פאר טויזענדער מיילין.

# ד. נ. בן ישי.



**ד. נ. בן ישי** (דוד נרינבערג) — **דיכטער.**
געבארען אין סלאָווים, א שטעטעל אין וואהלינער
גוב. אין יאהר 1852. באקומען אן עכט אידישלאַ־
כע, טראדיציאָנעלע ערציהונג ביי פר. ג, חסידי־
שע עלטערען. שפעטער — באקאַנט זיך מיט דער
השכלה־באוועגונג. האט אויך געלערענט אין זשי־
טאָמירער ראבינער שוהל. נאָכדעם געוועזן א לעה־
רער פון העברעאיש און רוסיש אין אלטקאָנס־
טאַנטין און קעשיניעוו. אויסער אין אידישע
אויסגאבען איז ד. בן ישי אויך געוועזן א מיט־
ארבייטער פון פארשיידענע רוסישע זשורנאלען.
אין יאהר 1885, האט ער צוליב פאָליטישע אור־
זאכען פארלאזען רוסלאנד און איז געקומען קיין
אמעריקא, וואו זיינע מעהרסטע לידער זיינען
געדרוקט געוועזן אין דעם „יודישען טאַגעבלאַט“.

## צו סליחות.

ס׳איז שוין וויט נאך האלבע נאכט.
דיא נאכט איז שווארץ א מורא;
דאָס גאנצע לעבען איז פערשמאכט,
עס הערשט א מרה־שחורה.

און אללעס שלאָפט אהן אונטערשיעד,
עס שלאָפט א יעדער איינער;
געשמאק שלאָפט אויך דער גלות־איד,
רוהט אָפּ דיא קראנקע ביינער.

נור איינער שלאָפט ניט, ער איז וואך,
ער האט א גרויס שליחות:
דער שמש טהוט געטרייא זיין זאך—
ער וועקט זיין פאָלק צו סליחות.

דער שמש ווייסט: דער איד איז פיין,
— איז רייך מיט שעהנע מעלות,
דאך מוז זיין גלאנץ פיעל שעהנער
זיין,
אויף איהם איז אימער „שאלות“.

ער וועקט געטרייא, ער הערט נים
אויף:
„שטעהט אויף צו סליחות־זאגען;
שטעהט אויף רבי איד ערוואכט פון
שלאָף,
עס הויבט שוין אן צו טאגען!“

און אידעל שלאָפט זיך גאנץ געשמאק,
ער שלאָפט אויף אללע זייטען;
ער שלאָפט און טרוימט פון נסים רק,
אין אלטע אלטע צייטען

אין דרויסען טאגט, פון מזרח זייט
בעוויייזט זיך שוין דער מארגען,
און אידעל שלאָפט, ער נעהמט זיך
צייט,
אין שלאָף האט ער קיין זארגען.

דער שמש וועקט, ער טהוט זיין זאך,
איז טרייא צו זיין שליחות,
ביז ענדליך ווערט דער עולם וואך,
און יאגט אין שוהל צו סליחות!...



## פיער שטימען.

א.

ס'איז ווער ערגיץ אבגעגאנגען
און זיין ציטער־בילד געפאנגען
האלט א וואסער־שפיגעל —
קומט די קאן און שעפט...

ב.

את דער וויין איז אויסגעגאנגען,
אין א ריץ פון ערדען־קריגעל
האט א טראפען זיך בעהאלטען
און ווערט אויסגעוועבט...

ג.

לאנג פערהילעכטע געזאנגען!
פון געזאנג
האט זיך לענגער אויפגעהאלטען
א יתום־קלאנג —
טהויט ער אויף און ברומט —
און פערשטומט....

ד.

א זון איז אונטערגעגאנגען —
פון אבגלאנץ רויטעלט זיך לייכט
א נעפעל־זוים
און פערבלייכט,
און פערשוואונדען איז דער טרוים...



אונ ווי ריין מיין שטימע קלינגט —
א זילבער־גלעקיל, וואס?

## פון יחזקאל.

(קאפיטל ל"ג)

עס שלייכט צו'ן א שטאָדט ביינאכט
די שווערט!
נור אויפן טהורם דער וואכטר וואכט,
ער הארט!

אונ בלאָזט טראָמפּייט
אונ שמעטעטערט מיט מאכט,
עס ציטטערט די נאכט
דאָס פאָלק ערוואכט — —
דער שונא געהט, דער שונא געהט!
אונ עס פלאקקערט אויף די שלאכט.

אין הויף, אין גאסס
אויף מויר אונ וואנד,
פאר ווייב אונ קינד
פאר פאָלק אונ לאנד!

פאר רעכט אונ פריי געהט אליץ
אין קאָהן!
ווער זיגענן ווער ווער זיעגען וועט, דאָס ווייס איין
גאָטט;
דער וואכטער האָט
דאָך זיינס געטהון!
ער האָט זיין עהרע נישט בעפלעקט,
ער האָט געוועקט!
ער האָט געדיענט זיין פאָלק, זיין
לאנד!

נור וועה דעם וואכטער, שפּאָט אונ
שאנד
וואָס האָט ביינאכט
איין אויג פערמאכט
אונ ערוואכט
ערשט אין דער בראנד..

## פון „מאָניש“.

אין קעניגרייך פּוילען
הארט ביי דער גרעניץ,
ליגט זיך א שטעדטאלע
גרויס ווי א גענייץ.

אונ קוים וואס מען זעהט עס,
מען הארט עס אויף זעלטען;
הייזליך ווי ניסלעך,
פון שמות געצעלטען...

אין גאנצען א צעהנדליג,
צו צעהלען אויף פינגער!
עס בייסען די ציגען
די דאכער פאר הונגער!

אונ שטיל ווי א קברות;
מענשען ווי מתים.
קיין גנוה קיין תעוה,
מ'לעבט פון תעניתים;

קיין חסידים, קיין דייטשען, —
האָט תורה א קיום,
עס וואקסען רבנים,
מען פאשעט עלוים...

צינד וואקסט נאָך א גאון,
וואס וועט נאָך פער'שם'ען
גאנץ פּוילען אונ ליטא,
אונ זאמיט, אונ בעהמען.

וואו דער טאָג־נערוויש ווערט איינגעזאַפּט מיט פרייד,
און ליעב און בעקאַנט איז יעדע מויער, איז יעדער שטיין,
און יעדער שאָטען, וואָס בוינט זיך ארויס
צווישען טאָג און נאַכט פון יעדעם שפּאַלט
דערציילט זיס־שווידערהאַפטע זאַכען
אַזוי ליעב ?

דאָס איז די היים,
די אַלטע היים.

ב.

אונשולדיג־שטיל־היימישע נאַכט,
ד'וויל מיך וואַשען ריין
אין דיינע שטיל־ציטערינגע וועלען,
אין דיין שטיל־ציטערינגער זילבער־נעץ,
היל מיך איין.
ד'וויל צוריק זיין דיין אַמאָליג קינד,
דיין אַמאָליג ריין גלויביג קינד —
פערצייל עפּעס, פערצייל...

ג.

דאָ בין איך, מאַמע,
צוריק דיין קינד,
דיין ריין, אונשולדיג, גלויביג קינד —
ד'וויל פערגעסען די גאַנצע צייט
פון אָבגעריסענקייט פון דיר —

אונטער דיין טהיר
האָב איך זי געלאָזען...
אין דיין שוים, מאַמע, וויל איך אַלץ פערגעססען:
די בלומען, וואָס האָבען פערבליהט,
די דערנער, וואָס האָבען געשטאָכען...
די שלאַכטען, וואו איך האָב געזיעגט
און די וואונדען, וואָס בלוטינען, בלוטינען...

ניין,
עס טהוט נאָר נישט, נאָר נישט וועה...
אויף מיין קאָפּ ליגט דיין האַנד, און ער טהוט נישט וועה...
ניין, ער איז נישט גראָה...
קרייזיל מיר די לאָקען, מאַמע...
שוואַרצע לאָקען האָב איך, זעהסט ?
און די רויטע בעקליך בליהען,
און ווי קליין איך בין,

צו איהר טראָגט די יאַך די שווערע,
מיט א שמייכעל: איי ווי גרינג!
און איהר קויפט די לופט צום לעבען
און איהר צאָהלט פאר יעדען שלינג!

אללע אייך צו'ם יאָהר צום נייעם —
יעדער שפּראַך און יעדעם קלייד: —
לשנה טובה תכתבו,
אללע, אללע וואו איהר זייט!

## דריי נייטאָרענס.

די אויגען רויט, די ליפּען בלאָה,
קיין טראָפּען בלוט אין באק נישט דאָ,
די שטערן בלאס, בעדעקט מיט
שוויים,
דער אטהעם אבגעהאקט און היים,
עס זיצען דריי מיידלאַך און נייהען!
— — — — — — — — — — — — —
די נאָדעל: בלאנק, די ליינוואנד:
שניי,
און איינע טראכט איך נעה, און נעה!
איך נעה בייטאָג, איך נעה ביינאכט,
קיין חופּה קלייד זיך נישט געמאכט!
וואס קומט ארוים איך נעה?

ניט איך שלאָף און ניט איך עס...
איך וואלט געגע'ן אויף מאיר בעל־נס
אפשר וואלט ער זיך געמיהט:
איין אלמן האטש, איין אלטען יוד,
מיט קינדערליך א שאָק!
— — — — — — — — — — — — —
די צווייטע טראכט, איך ניי און
שטעפּ,
און שטעפּ מיר אוים נור גראהע צעפּ!

דער קאָפּ דער ברענט, די שלעף די
האקט
און די מאשין, קלאפּט צום טאקט:
— טאַ־טא, טאַ־טא, טאַ־טא!

איך פערשטעה דאָך יענעמס ווינק!
אָהן א חופּה, אָהן א רינג,
וואלט געווען א שפּיעל, א טאנץ
א ליעבע אויף — אַ יאָהר א גאנץ!
נאר דערנאָך, דערנאָך?
— — — — — — — — — — — — —
די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך נעה מיך קראנק, איך נעה מיך
בלינד!
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדען
שטאָך
און ער — האט חתונה די וואָך!
איך ווינש איהם נישט קיין שלעכטין!

עט, פערגעסען וואס א מאָל...!
תכריכים וועט מיר געבען קהל,
אויף א קליינטשיק פּיצעל ערד,
איך וועל רוהען אונגערשטערט,
איך וועל שלאָפען, שלאָפען!

## צוריק אין דער אלטער היים.

(פראגמענטע)

### א.

קענסט דו דעם פּלאַץ, וואו חלומות בליהען, ווי רויזען:
וואו די שטערען טריעפען סודות אריין אין דער נאכט;
וואו העלע געזיכטער מיט שטראהלענדיגע אויגען
שפּינען ליעבליכע נעצען ארום דער נשמה,
ארום הארץ?

*

*　　*

איך גנה ארום אין פרעמדען וואלד.
עס לייכט די זונן, דאך מיר איז
קאלט.
זינגען וויל איך, מיין געזאנג
יוערט פערשטומט אהן ווידער־קלאנג!

עס איז קיין פרייע ליעבע וועלט,
עס גרינט און בליהט דאס פרעמדע
פעלד.
איך רייס א בלום און לייג אין שית־
את, מיך שטעכט די פרעמדע ריח!

## טרייסט.

טרייסט מיין פאלק, עס דארף די טרייסט,
שטארק דאס הארץ מאך פעסט דעם גייסט.
זייט ניט דער ווינד, וואס לעשט די פלאם,
נור בלאזט זי אויף, ווייל נאכט איז סם!
נור בוימעל גיסט אונ פוצט די קנויט,
ווייל נאכט איז גיפט אונ שלאף איז טויט!
טרייסט מיין פאלק, עס דארף די טרייסט!

מאכט פעסט דאס הארץ אונ שטארקט דעם גייסט, —
עס האט געלייכט שוין נישט איין נאכט,
עס האט געזיעגט שוין נישט איין שלאכט.
און נישט געלאזט די פאהן פון האנד!
עס שטעהט — איין אייזען־פעסטע וואנד,
אין וויסטען, ווילד־פערקאכטען ים!
אה, שטארקט דאס פאלק! בלאזט אויף די פלאם!

אה, שטארקט דאס פאלק, נישט אבגעשלאפט!
זאל שפריצען העל די ליעבעס־קראפט,
אלס פייערדיגע זייל ביינאכט. — —
עס זינקט די נאכט, דער טאג ערוואכט!
אונ שיקט די שטראהל — א גאלדנע פייל —
אלס גרוס דער פייערדיגער זייל! —
אה, טרייסט מיין פאלק! עס דארף די טרייסט!

## לשנה טובה תכתבו.

לשנה טובה תכתבו
אללע, אללע וואו איהר זייט!
צי אייך האט דאס הארטע מזל
אויף א וויסטען סטעפ פערשפרייט!

צו איהר קיהלט די הייסע שטערען
ביי דער נאססער מערב־וואנד,
צו איהר שיפט אייך איבער ימים
צו א נ י י פערשפראכען לאנד!

ג.

כהאָב מיך אויף דעם בעט געוואָרפען,
אַך דער קראַנקער קאָפּ וויל רוהען;
איך פערשליעס די קראַנקע אויגען:
א־ן דער לופט דאָך יאָגען, פליהען.

.טרייבען, מישען זיך און שוועבען
פלעקען פאַרבינגע און שפינען

בלומען, שטערען און געזיכטער
און זיי ווערען באַלד צערינען!

איין געזיכט דאָך בלייבט שטעהן
לענגער:
שוואַרצע אויגען פול מיט טרעהרען,
עפּעס שעפּטשען בלאַסע ליפּען,
נאָר איך קען קיין וואָרט ניט הערען.

ד.

פאָלקס־מאָטיוו.

שטיינערנע פּאַלאַצען,
אייזערנע באַלקאָנען,
טרעפּ פון ווייסען מאַרמאָר,
גאָלדענע סאַלאָנען;

קריסטאַלנע זשיראַנדאָלען
בלאַנקען דורך די שויבען...

דאָרט וועט מיין געליעבטער
זיך א כלה קלויבען;

זיך אַ כלה קלויבען,
שענער און געזינטער,
און איך וועל דאָ פוילען,
ווי א בלאַט אום ווינטער...

## קענסטו?

קענסטו, מיין ליעבסטע, דאָס פעלד,
וואו אלע דורות
זעען מיט טרעהרען?

קענסטו, מיין ליעבסטע דאָס פעלד,
וואָס האָדעוועט שטיינער
און נעהרט בלויז ווערים?

קענסטו, מיין ליעבסטע דאָס פעלד,
וואו צווישען די זאנגען
בליהט דאָרט מיין האָפען?

קענסטו, מיין ליעבסטע, דאָס פעלד,
וואו מיין הארץ און מיין ליעבע
וועלען ווען עס איז שלאָפען?...

## קריאת שמע.

שיק שלאָף צו אונזערע אויגען,
צו אונזערע ברעמען דרימעל...
גאָט, וואָס קינינסט אין הימעל...

הער אוים אונזער תפלה...
שיק אונז חלומות, זיסע, שטילע,
פון ישועות, פון נחמות...

און קומען צו דיר די נשמות,
האַלט זיי ביז מאָרגען,
אונטער דיינע פלינעל פערבאָרגען...

# י. ל. פרץ.

יצחק לייבוש פרץ — געבארען דעם 25סטען מאי 1851, אין זאמאשטש, לובלינער גוב. נעשטארבען דעם 3טען אפריל 1915, אין ווארשוי. יצחק־לייבוש פרץ איז איינער פון די זיילען פון דער אידישער ליטעראטור. זיין אויפטו אין פראזא איז פיעלפאכיג און קען איינגעטיילט ווערען אויף פאלגענדען אופן: אלס רעאליסט אין זיינע דערצעהלונגען און בילדער, אלס סימבאליסט, אלגעמיינע מעשה׳לאך, אלס דיכטער פון חסיד׳יזם — הסיד׳ישע בילדער און מעשה׳לאך און אלס אידישער ראמאנטיקער — פאלקסטימליכע געשיכטען. אבוואל אין דער פאעזי איז ער פון א פיעל קלענערער באדייטונג ווי אין דער פראזא, פארנעמט ער אבער אויך דא אן אנגעזעהענעם ארט, ערשטענס מיט די אידיש־ראמאנטישע טענער, וואס ער האט אויפגעוועקט און הויפטזעכליך מיט דעם מאדערן־אייראפעאישען טאן, וואס ער האט אריינגעבראכט אין אידישען פערז. א דאנק דעם לעצטען, מעג ער בעטראכט ווערען אלס דער זיידע פון דער מאדערניסטישער שולע אין דער אידישער פאעזי. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 9, 598־599; ל. וויענער "Yiddish Literature" אינדעקס; בעל מחשבות, „געקליבענע שריפטען"; ש. ניגער, „וועגען „יודישע שרייבער"; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור", 2, 160־64־40; ז. רייזען „לעקסיקאן"



## ליעבע.

### א.

אויף דיין באלקאן הענגען מיינע אויגען;  
זיי זעהען דיך נישט!  
ס'וועלקען דארט בלומען, די טהיר איז געשלאססען,  
די שויבען פערווישט...

ווי א פויגעל פליהט ארויף מיין נשמה  
און שלאגט זיך דארט צווישען די אייזען...  
שטיללערהייט קלאפט זי ביי דיר אין די שויבען,  
דו ווילסט זיך נישט ווייזען...

דאנן פליהט זי צוריק, באנג און דערשראקקען,  
דערשלאגען און מיעד:  
און אין דעם קראנקען הארץ הויבט אן קלינגען  
דאס טרויריגע ליעד!

### ב.

אין דער שטיללער נאכט,  
— קיינער הערט און זעהט! —  
ניעסט זיך אויס מיין הארץ, —  
הארסטו מיין געבעט?

אין דער שטיללער נאכט,  
ליג איך אויסגעשטרעקט  
און וויין... צו האט דיך עס  
אמאל פון שלאף געוועקט?

עס רווישען, עס קאכען, עס לויפען, עס יאגען
די חוואלים ביי'ם ברעג, אין כעס סכנות:
עס שפריצט זיי די פיהנע, זיי קלאפען, זיי שלאגען,
דעם אלטען שטורמאק, נאר אהן רחמנות!

צו'ם הימעל דעם קאפ, שטומם אהן א ווארט,
פארשפריצט, פארנעצט די פיס און דאס פנים,
ניט זיך דער העלד קיין ריהר פון זיין ארט,
מאכט חוזק און לאכט פון די נאראנים.

ער בראט זיי, ער שטעכט זיי, די שונאים אין ים,
דאס שטאלץ פון דעם ריז, וואס שטעהט אויסגעצווינגען
ער מאכט זיי ניט ענג, געגוג איז זיי גראם,
נאר ער שטעכט ווי א דארן זיי אין די אויגען!

פיעל מעהר שוין מיט כח, שוין מלא רציחה,
שמייסען די חוואלים, פאטשען דעם שטיין,
זיי נעטצען איהם אונטער זיין מקום־מנוחה,
ווילען אויספיהרען נאר ער זאל געהן!

א בלאטיגע ליים, זעהר שמוטציג און מיאוס,
א זאמדעל, א שטיינדעל, וואס ליגען ביי'ם עק,
א ווילד שטיקעל גראז, וואס וואכסט ביי די פיס,
דאס שלעפען די חוואליעס מיט נצחון אוועק:

דער גבור, דער ריז מאכט זיך נארניט דער פון,
ער נעהמט אין זיך איין די נעטץ און די קעלט:
ער ווארעמט זיך אוים באלד קעגען דער זונן
שטעהט ווייטער קאלטבלוטיג, קוקט אויף דער וועלט!



און דארטען וויא אללעס שטילל איז און קלאהר,
וויא מ'הערט ניט קיין קרעכץ פון קיין יורען...
איינער אלליין בא דער גרויסער נאטור
נור שלאפען אין שוים זיך צופרירען.

ווייטער פון מענשען פון שלעכטע אוועק,
פון צרות, פון לייד, און פון טרעהרען;
פליהען און פליהען גאר אהן איין עק,
צוריק זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען!

נור וויא קען איך, וויא טאר איך לייפען און פליהען,
זיך רעטטען אלליין אין גערודער:
לאזען אין צרות זיך קוועללען און מיהען
ביים שונא דעם עלענדען ברודער?

עפים שרייעט מיר א קול אין אויער און רופט
מיך אהין וואו ס'איז ביטטער און שלעכט;
אהין וואו דאס בלוט טייכענווייס טריפט,
וואו עס קרעכצט דער אייביגער קנעכט.

און איך זעה וויא דער הימטעל שרעקליך איז רייט,
און נאס איז פון טרעהרען דאס פעלד...
ניין! דא מוז איך בלייבען איהם רעטטען פון טוידט,
אדער שטארבען מיט איהם וויא א העלד.

## דאס שטייגעל.

דארט א שטייגעל, שאן פערגאלדעט
אויף דעם פענסטער הענגט בא דיר,
אין דעם שטייגעל זינגט א פויגעל,
טרעללען גיססען זיך אהן שיעור.

קרעכצען קלינגען אין די טרעללען
טרערען קויקלען זיך דערבאיי
יעדע נאטע איז א קינה
א בקשה ווערען פראיי...

זיי נעפעללען דיר די טרעללען,
זיי דערקוויקען דיר דאס הארץ,
נור די טרעללען זאלסטו וויססען
זענען צרות, ליירען, שמערץ!

פון דעם שטייגעל לאז דעם פויגעל
הויך אין הימטעל פליהען ווייט,
פרעהליך וועט ער דעמאלט זינגען
נייע ליערער פון דער צייט!...

## דער שטיין און די חוואלים.

למה רגשו גוים ולאמים יהגו ריב.
(תהלים)

קוקט אייך נאר צו, אויב איהר ווילט עפעס זעהן:
סאמע ביי'ם ים, ווי אריז אויפגעשטעלט,
פעסט פון גראניט שטעהט דארט א שטיין;
ער איז שוין א זקן, גאנץ לאנג אויף דער וועלט.

# פלטיאל זאמאשטשין.



פלטיאל זאמאשטשין — דיכטער. געבארען אין אדעם אין יאהר 1851, געשטארבען אין וויען אין 1909. זיינע ליעדער און פאעמען, וואס זיינען צושפרייט איבער פיעל זשורנאלען און זאמעל־ביכער, זיינען מעהרסטענס שטארק צוציינען און מאכען אפט דעם איינדרוק פון גערייםטע פובלי־ציסטיק. זייער איינציגע מעלה איז, וואס זיי זיי־נען ניט זעלטען ריטמיש און פיהרען שטענדיג דורך אן איינהייטליכען געדאנק. פלטיאל זא־מאשטשין האט אויך אנגעשריבען איינינע פאע־מען אין דראמאטישער פארם וואו עס זעהט זיך אם בעסטען אן דאס צוציינענקייט, וואס איז ביי איהם ווי א מין געזעץ דורכגעפיהרט געווארען אין זיינע ליעדער. ביבל. יוד. רום. ענצ. 7; ל. וויענער "Yiddish Literature" אינדעקס; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## פארשפרייט האט דער הימעל.

פארשפרייט האט דער הימעל זיין לויטער געצעלט,
דיא פעלדער דעם גרינעם קאוויאר,
פארבינג, קאלירט, זעהר שאן איז דיא וועלט,
דיא פייגעליך זינגען א קהאר.

אללעס איז פריש מונטער אונ פרעהליך,
צווישען דיא בערגליך ביים שליאך,
רוהיג אונ שטילל פליסט דארט פאמעליך
וויא א זילבער'ן שנירעל דער טייך.

מיט זאפטיגע פירות אנגעזעצט פילל,
מיט געלאדענע צווייגען אראפ;
הוידען דיא בוימער לאנגזאם זיך שטילל,
אונ שפיעגלען אין וואססער זיך אפ.

עס שמעקען וויא בשמים גערטנער אונ טאהלען,
מיט גרינעם איז אללעס בעצויגען;
אין גאנצען דאס לאנדשאפט געטטליך, געמאהלען,
עס וועהעט, עס שיינט אין דיא אויגען!

אונ עס גלוסט זיך אונ ס'ציהט מיך אהין נגר ארויף,
אויף דיא פערגאלדעטע בערג זיך צו הייבען;
צו דיא טאהלען דיא ברייטע גאר אהן א סוף;
צו דיא פעלדער דיא פרייע נור שוועבען.

## מ. וו. זאַטולאָווסקי.

**מנחם וואָלף זאַטולאָווסקי** — פובלי־ציסט און דיכטער. געבאָרען אין פראַכראַווקע, א קליין שטעטעל אין פאָלטאַווער גוב. ארום 1850. אין 1890 האָט ער פאַרבראַכט א געוויסע צייט אין אַדעס. מ. וו. זאַטולאָווסקי האָט זיך מעהרסטענס געדרוקט אין ספעקטאַרס „הויזפריינד“ און שלום־עליכם׳ס אויסגאַבען. אויסער פאַרשיידענע ארטיק־לען און פעליעטאָנען האָט ער אויך געשריבען ליעדער.

### דאָס תהלים׳יל.

(נאָך א פרעמדען מאָטיוו)

ווען אויפ׳ן הארצען ליגט ווי א שטיין,  
און צרות מיט דאגות דריקען מיין גייסט,  
דענסטמאָל איז נאָר דער תהלימיל אליין,  
מיין איינציגער בעסטער טרייסט;

איך זעץ זיך מיר מיט דעם פנים צום וואנד,  
אין איין ווינקעל פון מיין חדר,  
און נעהם דאָס קליינע תהלימיל אין האנד,  
און הייב אָן פון „אשרי“ כסדר.

פון די זיסע ווערטער מיט דעם וויינענדיגען נגון,  
ווערט מיר אויפן הארצין גרינג;  
דער תהלים פערשאַפט מיר א הייליגען פערגעניגען,  
און איך פערגעס אָן אלצדינג...



*

* *

וואס מעהר ס'בלוטיגט מיין הערץ,
וואס מעהר כ'פיהל אין איהר קעלט,
וואס מעהר טיעפער מיין שמערץ —
איז מיר ווייטער די וועלט...

וואס מעהר ס'בלוטיגט מיין הערץ,
וואס מעהר ליידען עס האט,
וואס מעהר טיעפער מיין שמערץ—
איז נעהנטער אלץ גאט...



אין הימעל איז קיין שיין צו זעהען,
אראָפּגעלאָזט האָט זיך די נאכט.

פארלאָהרען האָט די וועלט איהר נאָמען,
פארפינסטערט ליגט זי ווי זי איז גרוים,
פארוויאַלעט ליגען אלע בלומען,
געשטאָרבען ליגט די לעצטע רויז.

די ביימער פון דעם וואלד דעם אלטען,
זיי האָבען זיך צו דר'ערד געלעהנט,
די חיות האָבען זיך באהאלטען,
אונ' אוי, דער מענש האָט זיך צעוויינט:

וואָס קאָן די נאכט דעם מענשען געבין?
וואָס קאָן איהם געבין ד'וויסטע קעלט? —
פארוויסט, פארפינסטערט איז דאָס לעבען,
פאר וויסט, פארפינסטערט איז די וועלט!

די שיין, דער טאָג האָט זיך פארבאָרגען,
עס וויינען, קלאָגען בערג און טהאָל:
צי קומען וועט אמאָל דער מאָרגען?
צי קומען וועט דער טאָג אמאָל?

ווי לאנג וועט זיין דער טאָג פארבארגען?
וואָס הערט זיך, וועכטער מיט דער נאכט?
דער וועכטער זאָגט: עס קומט דער מאָרגען,
ווי לאנג עס זאָל ניט זיין די נאכט...

## אויף איהר קבר.

פון דעם ים דעם ווייטען
האָט מיך לייד געטראָגען,
כ'בין צו דיר געקומען
דיין קבר צו באקלאָגען...

אוי, כ'בין אלט, צובראָכען,
מיעד איז יעדער אבר,
פינסטער איז מיר דינה —
ווי ביי דיר אין קבר!

דאָרט אויף דעם בית-עולם,
אויף דעם פעלד דעם אלטען,
האָט מען דיך געטראָגען,
האָט מען דיך באהאלטען...

דאָרט ארויף, קיין דרום,
וויל איך מיך דערמאָהנען,
צווישען אלטע קברים
איז דיין שטיין געשטאָנען...

לאז די זון אונז בריהען, בראטען,
זי האט אונז געשיינט צום גליק:
זעהט דאס ברויט איז אונז, געראַ־
טען...
קינערד, קיינמאל ניט צוריק!...

גרויסער גאט! דו העלפסט דעם
מענשען,
אז ער רופט צו דיר אין נויט!
זאלסט אונז טאקי ווייטער בענשען
מיט הצלחה און מיט ברויט!

נעהמט צענויף אייך אלע אינאיינעם,
נחת האבען מיר שוין פיעל...
און דעם גאלדענעם קראנץ דעם
שענעם
פון די זאנגען טראגט אין שול.

לאזען אונזערע קינדער וויסען
פון א לעבען אויף דער וועלט,
אז דאס ברויט און יעדער ביסען
איז פון אונזער אייגען פעלד!...

גרויסער גאט! מיר זינגען ליעדער
דו ביזט אונזער הילף אליין!
נעהמט צענויף די סנאפעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגעהן!...
נעהמט צענויף די סנאפעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגעהן!

## דער ווינטער.

אוי העלפט מיר, קינדער אינטער,—
קיין כחות איז ניטא...
געקומען איז דער ווינטער,
דער ווינטער איז שוין דא!

ער פרעגט קיינעם קיין דעות,
ער קומט ווי צו זיך אהיים.
מיט דער ווייסער בארד און פאות,
מיט דער ווייסער, גרויסער ברעם.

דורך טאהל און וועלדער יאגט ער.
געהויקערט צו דער ערד;
מיט זיך א בעזעם טראגט ער —
און קעהרט, און קעהרט, און קעהרט!

מיט שניי געבעט די פעלדער,
פארפרוירען שטעהט דער וואלד,
די פעלדער און די וועלדער
זיי ברומען: קאלט... ס'איז קאלט!..

אין בעט ליגט קראנק מיין שיינדיל,
מיט איהר דאס קליינע קינד.
נישטא אין שטוב קיין שפענדיל
אין פענסטער ווײנט דער ווינד.

ער שווייגט דער אלטער זיידע,
ער מאכט זיך ניט פון דעם;
ער לאכט אין די פויסטען ביידע
און שאקעלט מיט דער ברעם...

ער וויל קיינעם ניט שוינען,
חאטש שריי, חאטש וויין אהן שעור...
וואו צער און עלענד וואוינען,
דארט קלאפט ער אין דער טיר.

אוי, העלפט מיר קינדער אינטער,—
קיין כחות איז ניטא.
געקומען איז דער ווינטער,
דער ווינטער איז שוין דא!...

## די נאכט.

ס'איז פינסטער, פינסטער, וואלקען שטעהען,
זיי האט דער קאלטער ווינט געבראכט;

ווער ס'וועט גיכער פון אייך קענען עברי,
דער באקומט א פּאָן.

זעהט־זשע קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע,
א. ז. וו...

לערענט, קינדער, האָט ניט מורא,
יעדער אנהויב איז שוועהר,
גליקליך דער וואָס האָט געלערענט תורה,
צי דאַרף דער מענש נאָך מעהר?

זעהט־זשע, קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע,
א. ז. וו....

אז איהר וועט, קינדער, עלטער ווערען,
וועט איהר אליין פארשטיין,
וויפיל אין די אותיות ליגען טרעהרען
און וויפיל געוויין.

זעהט־זשע, קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע,
א. ז. וו....

אז איהר וועט, קינדער, דעם גלות שלעפען,
אויסגעמוטשעט זיין,
זאָלט איהר פון די אותיות כח שעפּען,
קוקט אין זיי אריין!

זעהט־זשע, קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע.
א. ז. וו...

אויפ'ן פּריפּעטשיק ברענט א פייעריל
און אין שטוב איז היים,
און דער רבי לערענט קליינע קינדערליך
דעם אלף־בית...

## דאָס ליעד פון דעם ברויט.

גענוידמעט די יודישע קאָלאָניסטען
צו זינגען אין פעלד נאָך דער ארבייט.

גרויסער גאָט! מיר זינגען ליעדער
אונזער הילף ביזט דו אליין!
נעהמט צענויף די סנאָפּעס, ברידער
ביז די זון וועט אונטערגעהן.
נעהמט צענויף די סנאָפּעס, ברידער
ביז די זון וועט אונטערגעהן.

די מיזינקע גיב איך אויס —
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

שטאַרקער!... פרעהליך!...
דו די מלכה, איך דער מלך,
אוי, אוי, איך אליין
האָב מיט מיינע אויגען געזעהן,
ווי גאָט האָט מיר מצליח געווען —
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

שטאַרקער!... בעסער!...
די ראָד, די ראָד מאַכט גרעסער!
גרויס האָט מיך גאָט געמאַכט;
גליק האָט ער מיר געבראַכט,
הוליעט, קינדער, א גאַנצע נאַכט!—
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

דער טרייער פעטער יוסי
און די גוטע מומע סאָסי
האָבען מיר צום חתן־מאָהל,
טייערע ווייגען אָהן א צאָהל
מיר געשיקט פון ארץ־ישראל. —
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

מאָטעל!... שמעון!...
די אָרימע לייט זענען גיקימען,
שטעלט זיי דעם שענסטען טיש,
טייערע ווייגען, טייערע פיש,
אוי וועה, טאָכטער, גיב מיר א קיש!
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

אייזיק!... מזיק!...
די באָבע געהט א קאָזיק!
קיין עין־הרע זעהט נאָר זעהט,
ווי זי טופעט, און ווי זי געהט,
אוי, א שימחה, אוי, א פרייד! —
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

איציק!... שפיציק!...
וואָס שווייגסט דו מיט דעם
שמיציק?!
אויף די כלי־זמר טהו א געשריי:
צו שפילען זיי, צו שלאָפען זיי?
רייסט די סטרונעס אלע אויף
צוויי!—
די מיזינקע אויסגעגיבען!
די מיזינקע אויסגעגיבען!

## אויפ'ן פריפעטשיק ברענט א פייעריל.

אויפ'ן פריפעטשיק ברענט א פייעריל
און אין שטוב איז הייס,
און דער רבי לערענט קליינע קינדערליך
דעם אלף־בית.

זעהט־זשע, קינדערליך, געדענקט־זשע, טייערע,
וואָס איהר לערענט דאָ;
זאָגט־זשע נאָך אמאָל, און טאַקי נאָך אמאָל:
קמץ אלף — אָ!

לערענט, קינדער, מיט גרויס חשק,
אזוי זאָג איך אייך אָן.

אז עס האט זיך אין מיר צעשפיעלט די ווילדע קליפה,
האב איך רבקה'ן איינגערוימט דעם אייגענעם סוד.
„נאר דו וויליסט א קיש! — שטעל פריהער א חופה;
איך בין דיר ניט האפקע, דו ביזט ניט פעדאט!"

## צום באדעקענס דער כלה.

דו ביזט דעם חתן געפעלען,
ווארום דו ביזט דאך שען און פיין;
באלד וועט מען די חופה שטעלען,
באלד וועט די חופה זיין,
אנייע וועלט וועסט דו דערזעהן,—
עפים זאגט מען זי איז זעהר שען...
נאר איך וויים ניט צי דארפסט דו
זיך פרעהען...—
כלה'ניו, וויין־זשע וויין!

מען האט דיך אין צרות דערצויגען,
געמוטשעט זיך אהן א שיעור;
געקוקט אין דיינע אויגען,
געציטערט איבער דיר.
דו פיהלסט עס, מיין קינד,
מן־הסתמה:
דיין הארץ איז כשר און ריין,
פארגעס־זשע ניט טאטע־מאמע.—
כלה'ניו וויין־זשע וויין!

דו וועסט זיך תמיד דערמאנען,
וואס דו האסט קינדווייז געפיהלט:
אט דא ביזט דו געשטאנען,
אט דארטען האסט דו זיך געשפיעלט.
די יונגע יאהרען פערשוועבען, —
זיי קומען צוריק ניט צוגעהן.
אזוי פערגעהט אונזער לעבען...—
כלה'ניו, וויין־זשע וויין!

אז דאס גליק וועט דיר שיינען און
לייכטען,
פארגעס ניט דעם ארימאן;
דער מענש מוז תמיד טראכטען,
וואס וועט מיט איהם מארגען זיין,
אוי! יעדער מענש איז ארים,
ווי רייך ער וואלט נישט געווען,
אזוי זאגען אונזערע ספרים...—
כלה'ניו, וויין־זשע וויין!

אז דיין מאן וועט טרעהרען
פארגיסען,
פארביטערט וועט זיין דאס הארץ,
זאלסטו איהם זיין לעבען פארזיסען,
פארגרינגערען איהם זיין שמערץ.
דיינע קינדערליך זאלסט דו געבען
אונזער אומגליק גוט צו פארשטעהן,
אז וויינען הייסט ביי אונז לעבען...
כלה'ניו וויין־זשע וויין!

דעם חתן פיהרט צו דער כלה,
באשיט איהם מיט בלומען גיך;
אט וועלען מיר בעטען אלע
ער זאל דיר זיין מצליח.
וואו דו וועסט זיך ווענדען און קערן,
זאל גאט פאר דיר תמיד שטעהן;
ער זאל דיינע טרעהרען דערהערען...
כלה'ניו וויין־זשע וויין!

## די ראד.

(כלה'ס צד)

שלאגט כלי־זמר אין די טאצען,
ווער וועט אצינד מיך שאצען?

אוי, אוי! גאט איז גרוים!
ער האט דאך געבענשט מיין הויז...

# מ. מ. ווארשאווסקי.



**מ. מ. ווארשאווסקי — איינער פון** די שעהנסטע און באליבסטע אידישע פאלקסדיכטער. געבארען דעם 14טען נאוועמבער 1848, אין אדעס. (לויט דער יוד. ענג. ענצ. 1853 אין כערסאן) זיינע ליעדער, וועלכע ער האט אויף באזארגט מיט הארציגע נגונים ווערען געזונגען אינאיינעם מיט די עלטסטע אידישע פאלקסליעדער, און האבען אן עהנליכע ווירקונג אויף די צוהערער. מ. מ. ווארשאווסקי איז איינער פון א רייהע פאלקסדיכטער, וואס בילדען א מין בריק צווישען דער אלטער פאלקסדיכטונג און דער פאעזי פון פרוג׳ס חדר; און צייכענט זיך באזונדערס אויס מיט דער אויסגעהאלטענקייט פון זיין פארם און מיט דער ביינינקייט און זאפטינקייט פון זיין (זידרוסישער) שפראך. אין 1900 איז ארויס א קליינע זאמלונג פון זיינע ליעדער אונטערן נאמען „יודישע פאלקסליעדער". אביסעל שפעטער איז ארויס א צווייטע פארגרעסערטע אויסגאבע. געשטארבען איז ווארשאווסקי אין קיעוו, 1907. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 12, 473; ז. רייזען „לעקסיקאן".

## שרה און רבקה.

(פראגמענט)

אז איך בין געקומען קיין ראכמעסטריווקע,
האב איך דארט צוויי שענע שוועסטער גיזעהן:
איינע האט געהייסען שרה, די אנדערע רבקה, —
צוויי שענע כלות זענען דאס געווען;
יעדע פון זיי האט געהאט איין אנדער מעלה.
דא האט זיך פארדרעהט מיר דער קאפ אויפ׳ן ארט:
וועלכע פון זיי זאל איך מיר נעהמען פאר א כלה,
וועלכע פון ביידע זאל איך געבען דאס ווארט?...

אין שרה׳לעס אויגען קען מען גלייך ניט קוקען,
ווי די זון אים תמוז אזוי שיינען זיי:
זיי שמייכלען, זיי לאכען, זיי רעדען, זיי קוויקען
דאס הארץ, אז זי טוט א קוק נאר מיט זיי.
אבער רבקה׳לעס אוינען ברענען ווי פייער,
שווארץ ווי די קוילען וואס טיף אין דער ערד:
אז זי הייבט זיי אויף, ווערד דאס לעבען טייער,
אז זי לאזט זיי אראפ — האט דאס לעבען קיין ווערט...

איך האב אמאל א סוד אין אויער איינגערוימט שרה׳ן —
האט זי זיך צעוויינט ווי א פיצעלע קינד.
„אקעגען וואס, פרעגט זי מיך, ביזט דו געקומען צו פאהרען?
צו וואס האט דיך געבראכט אהערצו דער ווינד?"

צווישען פעלקער פערשאָלטען און נימאס,
בלאָנדזשע איך אום שוין באלד צוויי טויזענט יאָהר;
אין דער פינסטער, ווען אויף אלע אומות.
לייכט זיין שיין אזוי העל, אזוי קלאָהר.

אלע בענשען זיך נאָר אין זיין נאָמען,
און זיי פרעהט די ירושה פון מיר!...
נאָר איך נעבעך אברהם'ס וואהרער זאָמען,
האָב קיין מינדסט חלק אין איהר...

ג.

ניט קוקט, וואָס איך בין אזוי שווארץ!
איך בין נאָר אָבגעברענט פון זון;
ווייל איך האָב ניט בעשניטען מיין הארץ,
דערקענט איהר מיך ניט, ווער איך בין.

פרעמדע גערטנער האָב איך אבגעהיט,
און מיינעם האָב איך גאָר פערלאָזט.
אומזיסט האָב איך מיך יאָהרען געמיהט, —
ביי אייך אין ד'אויגען זיך פערהאסט.

יעצט וויל איך בעשניידען מיין הארץ!
נו גיט זשע מיר דאָך ברידער די הענט,
און קוקט ניט וואָס כ'בין אזוי שווארץ, —
די זון האָט מיך נאָר אָבגעברענט...



# מארק ליעוו.

**מארק ליעוו** — דיכטער. געבארען אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יארהונדערט. אין 1886 האט ער אין קישיניעוו ארויסגעגעבען א זאמלונג פון קריסטוס־ליעדער אונטער'ן נאמען „נייע מאטיוועו פארן יודישען פאלק". (עס איז צו באמערקען אז אין יענער צייט האט אין קישיניעוו אויך געלעבט יוסף ראבינאוויטש, דער גרינדער פון אן אידיש־קריסטליכער סעקטע מיט'ן נאמען „גאווי איזראיל") לויט דער פארם און שפראך זיינען די ליעדער פון דער דערמאנטער זאמלונג זעהר עהנליך צום פראלאג פון מ. ליעוו'ס פאעמא „הארעל". דער טאן, דער זאץ־בוי ווי אויך דער ריטהם מיט'ן גאנצען פערז־בוי, באזונדערס פון דאס ערשטע ליעד, זיינען די זעלבע ווי אין מ. ליעוו'ס דערמאנטען פראלאג. איך האב אויך אויסגעפונען אזביידע האבען זיך געפונען אין איין צייט אין קישיניעוו, און אז ביידע ווערק זיינען דארט ערשינען. דאס ערשטע אין 1886, די צווייטע אין 1888. ס'איז ביי מיר דעריבער מעהר קיין צווייפעל ניט אז מ. ליעוו און מארק ליעוו זיינען איין און דער זעלבער דיכטער. די ליעדער „ישראל און זיין משיח" זיינען געשריבען אין א ווארעם־ביבלישען טאן. געבראכט לויט דער לאטיינישער טראנסקריפציע. ביבל. דר. גוסטאוו הערמאן דאלמאן, „יודיש־דייטשע פאלקסליעדער אויס גאליציען און רוסלאנד". לייפציג, 1888.

## ישראל און זיין משיח.

### א.

הלואי וואלסטו לאנג שוין מיין ברודער געוועזן!
דו האסט דאך געזויגען פון מיין מוטערס ברוסט,
הלואי, ווען איך האב אויף דער גאס דיך דערזעהן,
וואלט איך דיר אנטקעגען געלאפען מיט לוסט!

הלואי וואלט איך לאנג דיך געקושט מיט גרויס פרייד.
און וואלט דיך געבראכט אין מיין מוטער'ס הויז;
איך וואלט דאך געווים ניט געוואוסט פון קיין לייד,
און וואלט פון דעם גלות געוועזען לאנג לויז.

נאר וועה! צו מיין אונגליק בין איך געוועזן בלינד,
מיין אויער איז מיר דאן געוועזען פערשטאפט, —
איך האב ניט פערשטאנען אז דו ביזט גאטס קינד,
און ס'האבען דיך פרעמדע פון מיר אויסגעכאפט...

### ב.

פרעמדע האבען גע'ירשן'ט מיין ירושה,
וואס האבען מיין פאטער קיינמאל ניט געקענט;
ווי א יתום פערטריעבען פול בושה
בין איך פון מיינע איינ'נע וועגט.

## פון דער פּאָעמא „האָדעל“.

אליין וויא א שטעקען איז האדעל שוין היינט,
קיין פּאָטער, קיין מוטער, קיין גואל, קיין פריינד,
אָ פרעמדע פאר יעדען, אליין מיט איהר וועה,
און דאָ נאָך אויף אייביג צעבראָכען אזוי.
צום אָנפאנג האָט האָדעל איהר בראָך ניט געוואוסט,
דיא האָפנונג האָט דאנן נאָך געצאַנקט אין איהר ברוסט,
זיא האָט זיא געווארעמט, געשיינט אויס איהר בליק,
און האָט איהר געמאָהלען מיראזשען פון גליק:
אָט באלד וועט זיא וויססען שוין אויך פון א וועלט,
ער האָט איהר געשוואורען און גליק פאָרגעשטעלט:
נאָך קלינגען דיא ווארטער — דיא קוויקענדע רייד:
„דוא ביסט מיין נשמה, מיין נחת, מיין פרייד!
„געטריי דיר אויף אייביג מיט זעהל און מיט לייב,
„נאָר דוא מיין געליעבטע, נאָר דוא ביסט מיין ווייב“.
אזוי האָט זיך האָדעל אין שבעה געטרייסט:
ער ווייסט דאָך איהר אומגליק, ער ווייסט דאָך, ער ווייסט:
זיא האָט זיך איהם איבער געגעבען וויא בלינד,
וועט ער דען פערפיהרען איין אומגליקליך קינד?
ער קומט ניט אין שבעה דאָס מאכט נאָך ניט אויס,
דיא שבעה פערגעהט גיך, באלד לאָזט זיא זיך אויס,
אָה, מוטטער! וואָס האָסטו מיט מיר זיך געשיידט?
דוא וואָלסט אין דיין טאָכטער דער לעבט זיך א פרייד,
דוא וואָלסט שוין געוואוסט פון א לעבען אָצינד
און וואָלסט געהאט נחת אין דיין איינציג קינד.
נאָר דיר איז קיין נהת געוועזען בעשעהרט
און האָסט אויך דיין טאָכטער דיא שמחה פערשטעהרט:
אין וויינינגסטען טרייסט דיך חאָטש דאָרט אין דיין גרוב, —
איך בין מעהר ניט עלענד — מיין פריינד האָט מיך ליעב.
ער קומט באלד נאָך שבעה — אט באלד שוין ניט וויט
און וועדט מיין מאנן אָפּפען פאר גאָטט און פאר לייט.
אזוי האָט דיא האָפנונג מיין האָדלען גענאַרט:
אזוי האָט מיין האָדעל געהאָפט און געהאַרט:
ער קומט ניט — עס איז שוין נאָך שבעה א וואָך:
ער קומט ניט — דאָס הארץ הייבט אָן פיהלען דיען בראָך.

# מ. ליעוו.

**מ. ליעוו** — אידישער דיכטער. געבארען אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יארהונדערט. זיין פאעמא „הארעל“ (ערשינען אין קישיניעוו אין יאהר 1888) איז אין יענער צייט געווען א נייעס אין דער אידישער פאעזי א דאנק איהר דערצעהלערישער פארם. דאך איז עס אלס גאנצע פון א קנאפען ווערט צוליעב איהר צוציינענקייט, אבּוואהל וואו ניט וואו בעגעגענט מען אין איהר אזעלכע שעהנע שטעלען ווי דער אניסצוג, וואס ווערט דא געבראכט. עס מוז דא פאראיינם באמערקט ווערען אז עס איז אבסאלוט ניט ריכטיג, וואס פראפעסאר ל. וויענער זאגט, אז די אויבען דערמאנטע פאעמא איז א נאכאהמונג נאך ש. י. אבראמאוויטש'ס „יודעל“, ווייל ניט לויט דער טעכנישער פארם און ניט לויט'ן אינהאלט האבען די ביידע זאכען די מינדסטע עהנליכקייט. עס איז אויך ווערט צו באמערקען אז דאס ליעד „דו זיצסט און שטריקסט אשאליכען“, איז איינע פון די שעהנסטע און אויסגעהאלטענסטע ליעבע־ליעדער אין דער אידישער פאעזי פון יענער צייט. ביבל. ל. וויענער “Yiddish Literature” 99; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## מירעלע.

דו זיצסט און שטריקסט א שאליכען,
און קוקסט דיך גאר ניט אום,
און אויף דיין שאנעם מאלעכען,
שפאצירט א שמייכעל אום.

דיין פנימ'על, דיין צורה'לע
איז זיס און מלא חן,
נור זאג: וואס זיפצסטו, מירעלע?
וואס איז מיט דיר געשעהן?

דו לאזסט די ארבייט — שטעקעלעך
פון דיינע הענד ארויס.
די רויז אויף דיינע באקעלעך
וואס לעשט זיך פלוצים אויס?

דו עפענסט אויף דאס לאדעלע
און זעהסט א שאנע נאכט. —
איך וויים, איך וויים מיין עדעלע,
וואס האט דיך טריב געמאכט...

אין הימעל גלאנצען שטערענדלעך,
זיי גלאנצען אבער קאלט;
נור דיינע הייסע טרעהרענדלעך —
זיי ברענען — א געוואלד!

און דארטען זינגען פאנעלעך, —
דו הערסט דיך צו צו זיי;
עס פינקלען דיינע איינעלעך,
דיין הארצעל טהוט דיר וויי...

דו זיצסט און שטיקסט א טיכעלע,
איך וויים אז ניט פאר דיר;
דיין הארצעל, ווי א ביכעלע
ליגט אפען ציגר פאר מיר...

איך לעז אין דעם איין שורה'לע —
פיער ווארטער — און ניט מעהר...
פאר וואס זשע איז דיר, מירעלע,
זיי אויסצואזאגען שווער?

דו ביסט א יודיש מאדעלע,
האלטסט עהרליך גאטט'ס געבאט:
אה, וויים זשע, וויים, כ'יין עדעלע
אז ליעבען הייסט אויך גאטט...

נו הער זשע אויף, מיין מירעלע,
און זיי שוין מעהר ניט טריב.
און זאג שוין אוים דאס שורה'לע:
אך, זאג: איך האב דיך ליעב!...

## אנמאָלאָגיע

דיא פעלדער וועלען דיר דארט מעלדען,
דיא וואונדער, וואָס איז דאָרט געשעהן;
פון דבורה, יעל, דיא גרויסע העלדען,
וואָס אונטער יודען איז געווען.

דיא ערד, דיא הימעל און דיא שטערען,
בעווייזען אונזער יודיש קראפט,
וויא פרויען האָבען, וויא דיא העררען,
דעם גרעסטען רוהם, דעם פאָלק פערשאפט.

וויא דבורה איז אין פעלד געריטען,
און מיט דער מחנה קאָמאנדירט;
וויא גאָט פון הימעל האָט געשטריטען
און צום טריומף זיין פאָלק געפיהרט.

זיא האָט דעם פיינד פאריאָגט, פארטריבען,
אין גאנצען איהם פארניכט אין שטרייט;
עס איז א זכר ניט געבליבען,
פון אַלע זיינע שטארקע לייט.

ווער האָט פאנצירעס, שווערדען, שפּיזען,
בייא פערציג טויזענד מאנן געזעהן?
דאָך האָבען זייא זיך וויא דיא ריזען,
געשלאָגען איינער געגען צעהן.

א הייסער שטראָם פון פעך און שוועבעל
איז פון דעם הימעל ראָש אראָפּ,
א פייער האגעל מיט רויך און נעבעל,
צובראָכען האָט דעם שונא'ס קאָפּ.

אויף דיין זיג איז ניט אויס צו זאָגען,
דו יעל! אַ, ווי קרעפטיג, שטייף,
אנאָגעל האסט אריינגעשלאָגען
דעם שטארקען אין זיין שלייף.

מיט גרויסען כבוד און מיט פריידען,
האָט דבורה אוּמגעקעהרט פון פעלד;
דאָס פאָלק בעפרייט פון זיינע ליידען,
מיט קראפט און גבורה פון אַ העלד.

אָך, גאָט, וויא גרויס איז דיינע וואונדער,
וואָס דוא האסט אָפט מיט אונז געטהון?...
דאָס זינגט דאָך יעדער יוד באזונדער,
דער פאָטער, מוטער, טאָכטער, זוהן.

אויף יענע בוימער אויפגעהאנגען
אונזרע הארפען האבען מיר,
ווייל דיא, וואס האבען אונז געפאנגען
געבעטען האבען אונזער שיר.

דורך שפעטערייען אונ דורך לאכען
האט אונז געזאגט דער פיינד מיט צוואנג:
„איהר, יודען, זאלט אונז פריילאך מאכען
מיט ציון׳ס ליעדער אונ געזאנג“.

וויא קענען מיר דען גאטעס ליעדער
זינגען אין א פרעמדען לאנד ?
אויב איך פארגעס דיך, ציון, וויעדער
אבפוילען זאל מיין רעכטע האנד !

מיין צונג זאל צו קלעפען צום גומען,
אויב איך וועל דיך פארגעסען ווען;
אויב דוא וועסט מיר אין זינן ניט קומען,
אויף אלע שמחות אין מיין פלען.

דער מאהן דיך, גאט, אן דיא רשעים,
וואס האבען אלע אין איין בונד
געזאגט: רייסט אוים ירושלים,
רייסט אוים אין נאנצען ביז צום גרונד !

דוא בבל, קעניגרייך, פון מערדער,
א, דיין מפלה וועט זיין גרוים !
דיין חטא וועט מען מיט שארפע שווערדער,
באצאהלען דאפעלט דיר אין שוים.

וואויל יענעם, וואס וועט דיך דערטאפען,
אונ זיך מיט דיר, וויא דוא — בעגיין;
וואס וועט דיא קינדער דיינע חאפען,
אונ זייא צו זעמצען אן א שטיין...

## דאס טריומף ליעד.

(נאך דער שירה פון דבורה)

זבולון׳ס פעלדער, בערג אונ טהאלען,
דארט האט דער שטארקער פיינד מארשירט.
ווער איז אים שטאנדע אבצומאהלען,
וואס דארטען האט אמאל פאסירט ?

אזוי, אזוי. גאנץ שטיל, גאנץ זאכט.
פילט אָן דעם כּס מיט ריינעם ווארעמס —
לחיים, לחיים, אלע מאכט!

## דאָס יאַכט-ליעד.

א.

בעשטענדיג פריילאך זיינען מיר,
אהן קימער אונ אהן זאָרגען;
מיר שיסען חיות אהן א שיעור
פון מאָרגען ביז צום מאָרגען.
דאָס איז דאָך אונזער גרויסע לוסט,
וואָס אונז ערקוויקט דיא זייל אונ ברוסט
אונ ווייַן דערצו איז אונז געגעבען —
א וויוואַט, פריינד, מיר זאָלען לעבען!

ב.

דער וואלד איז אונזער הויפּט קוואַטיר,
איז אונזער פרייד אויף ערדען;
דאָס ווירטשאַפט אונזער אונ געשיר:
דיא שפּיזען, פּיילען, שווערדען.
דיא הינד אומלויפען, העזלאך שפּרינגען
געוועהר אונ וואפען בליטצען, קלינגען,
בעפרידיגט ווערד באלד אונזער שטרעבען —
א וויוואַט, פריינד, מיר זאָלען לעבען!

ג.

נו, ניך דיא פלאַשען אוים געלעהרט!
דיא שווערדען פון דיא שיידען!
געשווינד זיך צו דער יאכט געקעהרט
מיט טאפּפערקייט, מיט פריידען!
די יאכטטאשען געשווינד געפילט
מיט פיל דערשלאָגענע געווילד:
אין פערגעניגען, נאר צו שוועבען —
א, וויוואַט, פריינד, מיר זאָלען לעבען!

## על נהרות בבל.

בייא דיא טייכען בבל'ס זיינען
מיר געזעסען אונ געוויינט,
דער מאהנענד זיך אָן ציון'ס פּיינען
אונ וויא זיא האָט אמאָל געשיינט.

## חיין-ליעדער.

א.

דער וויין, דער וויין איז אונז געגעבען.
אום אויף צו האלטען אונזער לעבען:
צו שטארקען אונזער זייל און לייב,
אונ אויך צום גוטען צייט פארטרייב.

אז אלע שמערין פערגעס איך באלד,
ווען אין דער האנד דעם כוס איך האלט...
א נאר איז דער, וואס טרינקט קיין וויין, —
דער חכם זאל דער טרינקער זיין.

ווען שלעכט דאס וועטער איז אין דרויסען,
דער שטורעם בלאזט, דיא ווינדען שטויסען, —
איז דאך בייא דעם דאס וועטער פיין,
וואס טרינקט זיך אוים זיין בעכער וויין.

ב.

מיר מאכען וואונדערליכע זאכען,
מיר לעבען זייער גוט אונ פיין,
מיר טאנצען, זינגען, שפילען, לאכען
אונ טרינקען אלטען, גוטען וויין!
דיא פראסטע מענשען אונז בעעהרען,
פאר פריצים יעדער אונז בעטראכט —
פילט אן דיא בעכער מיט מאדערן,
לחים, לחים, ברידער, מאכט!

מיר לעבען דאך וויא אין גן עדן,
אהן זארג אהן דאגה אונ אהן שמערץ,
מיט שמחה ששון אונ מיט נ־יידען,
ערקוויקען אונז מיט וויין דאס הערץ.
מיר האבען ניט קיין מאנגעל קיינער.
מיר הוליען שטענדיג טאג אונ נאכט!
נו, פילט זשע אן דעם כם מיט ריינער...
לחים, לחים, ברידער, מאכט.

איהר שיינע פריילינס, פיינע ווייבער,
א. טייהלט מיט אונז דיא לוסט אונ פרייד!
וויא גוטע פריינדינס, איינע לייבער,
וואס מיינס, דאס דיינס, קיין אונטערשייד!
גו, קומט געשווינד אין אונזרע ארעמס,

# רש"י קאצענעלענבאגען

**רש"י קאצענעלענבאגען** — אידישער דיכטער און דראמאטיקער. געבארען אין ווילנא אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יארהונדערט, איז אהן צווייפעל איינער פון די גרעסטע דיכטער פון זיין צייט, כאטש דאס פאלק ווייס פון איהם אזוי ווייניג. ער איז געוועזן איינער פון די ווייניגע דיכטער פון זיין צייט, וואס האט פארשטאנען ווי אנצוקליידען זיינע שטארקע געפיהלען אין א בוינזאמער ריטמישגעזונטער פארם. מאנכע פון זיינע ליעדער ווי דאס „וויינליעד“, „על נהרות בבל“ און אנדערע, קענען אהן צווייפעל פארגליכען ווערען מיט די בעסטע ליעדער פון פערזישען דיכטער האפיז, ביבל. ל. וויענער, "Yiddish Literature" 76, 99-100, 238 371; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## ביינקונגס ליעד.

צו דיר, צו דיר נאר, ליעבעס קינד,
פליהט מיין געדאנקען גאנץ געשווינד!
וויא קום איך שוין צו דער סעקונד,
אונז צו פארבינדען אין איין בונד.

איך בין פון דיר אוועק גאנץ ווייט,
געשיידט פון דיר א לאנגע צייט.
דאך מיין געדאנקען אין מיין זינן,
פליהט שטענדיג נאר צו דיר אהין.

פאר מיינע אויגען שטייט דיין בילד —
וויא שיין דוא ביסט, וויא רייצענד מילד!...
פון דיינע אויגען טרערען רינט, —
מיט שמערצען זעה איך דאס מיין קינד!

אומארמען וועל איך דיך גאנץ גיך,
פארגעס ניט אונ געדענק אן מיך,
דיא צייט קומט אן פון אונזער גליק, —
איך קעהר באלד אום צו דיר צוריק.

איך בין דיר נאך געבליבען טרייא —
פארטרויערט אונ פארקלאגט ניט זייא.
פון טיפסטען הארצען דורך דעם ווינד,
שיק איך דיר קישען ליעבעס קינד.

## יצחק ראַבינאָוויטש.



יצחק ראבינאָוויטש (איש קאָוונא) — העברעאיש-אידישער דיכטער. געבאָרען אין קאָווונא, אין יאָהר 1846, געשטאָרבען אין נויאָרק, אין יאָהר 1902. אין 1891 האָט ער אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, וואו ער האָט צווישען אנדערעס באַארבייט א גרויסע צאָהל פּאָפּולערע ראָמאַנען פאר די אידישע צייטונגען. אויסער דעם האָט ער אויך אָנגעשריבען אייניגע אידישע ליעדער. וואָס זיינען פון קנאָפּען פּאָעטישען ווערט. זיי זיינען אָבער געשריבען אין אן אויסגעצייכענטען אידיש אויך וואָס ער איז געווען א ספּעציאַליסט.
ביבל. יוד. ענג. ענצ. 10, 303; המו"ל. "Gallery of Hobrew Poets" ארויסגעגעבען אין לאָנדאָן; ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

### וויא אַ קליין שיפעלע.

וויא א קליין שיפעלע אים שטורמענדען מעער,<br>
איז, מענש, דיין לעבען פון ערשטען אויגענבליק;<br>
דער שטורם שאָקעלט עס, וואַרפט אהין און אהער,<br>
דאָ שווימט עס פון אויבען, דאָ זינקט עס צוריק;

צום הימעל אין דער הויך הייב די אויגען נור אויף,<br>
שאַר אוועק דעם נעבעל וואָס פערשטעלט דיין קוק —<br>
ווער דו ניט צו פריילעך ווען דו שווימסט ארויף —<br>
אויך ניט פערצווייפעלט ווען דו פאַלסט גאָר צוריק.

דען, טויט און לעבען זענען וויא ברידער בעזאַממען,<br>
די טרויריגקייט זיצט אָפט ביי דער פרייד אויפען שויס...<br>
האָפנונג, פערצווייפלונג פון איין אָרט נור שטאַממען —<br>
פון איין רעגירער קומט דאָס אַללעס ארויס!

און דאָס זאָלל זיין דיין טרייסט אין דיא ביטערע טאָג,<br>
ווען פון צרות אהן מאָס איז בעקלעממט דיין זינען...<br>
ווען דו האָסט שוין גאָר א ו נ ט ע ן פערלוירען דיין וועג —<br>
קוק ארויף אויבען וועסט דו ד אָ ר ט איהם געפינען! —

האָב שוין רחמנות, גאָטט, עפפען דיינע אויגען,
בעוויז דיין כח, מאַך פריי דיין שטאַרקע האַנד,
וויז שוין אויף דיין פאָלק איין אָרט דעם קאָפּ צו לעגען —
פיהר אונז שוין צוריק אין אונזער הייליג לאַנד.



# משה־לייב ליליענבלום.

משה־לייב ליליענבלום — באריהמטער העברעאישער פובליציסט. געבארען אין קיידאַן, קאוונער גוב. דעם 22סטען אָקטאָבער, 1843, גע־שטאָרבען אין אָדעס דעם 30סטען מערץ 1910.— האט אָנגעפאַנגען אלס משכיל און אפיקורוס, איז געווען טעטיג אויף פארשיידענע געביטען (איז אויך געשטאַנען זעהר נאָהענט צום אידישען טע־אַטער את פאר איהם געשריבען) און האט גיענ־דינט אלס פיהרער פון נאַציאָנאַליזם און חבת ציון. די פאָלגענדע תפלה איז קאָפירט פון זיין היסטאָרישער, ציונ׳יסטיש־טענדענציעזער אידי־שער דראמא „זרובבל“. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 8, 85—86; ל. וויענער, “Yiddish Literature” אינדעקס; ז. רייזען, „לעקסיקאָן“.



## תפלה.

ווי לאנג, א גאט, וועלען מיר זיין אין דער פרעמד,
פערשטויסען, פערוואָרפען פון אונזער אייגענעם לאנד?
מיר זענען הפקר פאר יעדען, ניט זיכער מיט׳ן העמד,
נאָר איינס איז אונזער איינענטהום: חרפה און שאנד!

אונזער כבוד, אונזערע געפיהלען טרעט מען מיט די פיס;
אונזער מיה, אונזער פערמעגען איז ניט אין אונזער האַנד,
וועד עם ווילל ראבעוועט, ווער עם ווילל — גיט א ביס,
ווארום מיר זענען איינגעבעטענע אין א פרעמדען לאנד.

אונזער לעבען, אונזערע טעכטערס עהרע הענגט אויף א האָר,
ווער נאָר כח האט הייבט אויף אונז זיין האַנד,
מיר מוזען שווייגען ניט עפפענען קיין מויל,
מיר זאָלען מיט׳ן שרייען ניט פערערגערן אונזער שטאַנד.

זענען מיר דען ערגער פון אללע אומות אויף דער וועלט?
אללע זיטצען זיך אין דער היים ווי אונטער א וואַנד,
נאָר מיר אליין זענען אומעדום אלס בעטלער געשטעלט,
מיר זענען פולל אומעדום, נאָר נישט אין אונזער לאנד.

א פויגעל האט א נעסט, א שלאנג — א קווארטהיר,
יעדעס לעבעדינעס — א וואָהנונג נאָך זיין שטאַנד,
נאָר דיין פאָלק ישראל ווייזט מען אומעדום די טהיר
נאָר קברים קריגענט עס פריי אינ׳ם פרעמדען לאנד.

ניט לאנג איז מיר דאס הארץ געווען וויא צו „על חטא“,
נאר דיא קוואלל פון טרערין איז געווען וויא פערשלאסען:
האב איך מיך דערמאנט, אז איך בין א יודישער פאעט, —
און פון מיינע אויגען זענען טייכען געפלאסען. —

## אין א יודיש חדר.

(פראגמענט)

אט דיא איינגע שמוציגע חדרים
מיט דיא אלטע פערשמאלצענע ספרים,
גיב איך אייך מיין ווארט — און קען דערוויף וועטין
אז זייא שטייען ניט נידעריגער פון אייערע אוניווערזיטעטען!

ווענן ניט העכער אין בילדונג, אין וויסענשאפט־לעהרע,
דער פאר אבער העכער אין געפיהל און אין עהרע;
העכער, ערהאבענער, אין הארץ און אין זיטטען,
און אומזיסט האבען מיר חדר אויף שוהלע פארביטען.

גיט צוריק אונז דעם חדר מיט דיא געשליפענע קעפלאך,
און מיר גיבען אייך אפ בכבוד אייערע מעשענע קנעפלאך...
מיר דארפען ניט אייערע פארמעס וואס איז גאר א חידוש,
א הארץ האבען מיר נייטיג, א הארץ וואס זאל זיין אידיש!...



## משה חאשקעס.

משה בן יעקב חאַשקעס (מ. דאנציג) — דיכטער. געבארען דעם 27טען סעפטעמבער, 1840, אין ווילנא — געשטארבען אין 1908, אין פעטערסבורג. משה חאשקעס האט געשריבען אויף פארשיידענע געביטען און אַגיך אין איינינע שפראכען: אידיש, העברעאיש און רוסיש. אין 1888 איז אין קראקוי ערשינען א קליינע זאמלונג פון זיינע אידישע ליעדער מיט'ן נאמען „ליעדער פונם הערצען". דעם זעלבען יאהר איז אין פעטערסבורג ארויס א זאמלונג פון זיינע ליעדער אויך אין רוסיש מיט'ן נאמען „סטיחי אי מיסלי". ביבל. יוד. ענג. ענצ. 3, 679; ל. וויענער "Yiddish Literature" 106-107; ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

### צוא גאָטט.

אט האָסטו, גאָטט, מיין מח\
דעם טרוקענעם, דעם קראַנקען;\
קוועטש, דריק, מיט קראַפט, מיט כח\
ארויס עטוואס געדאַנקען!...

אט האָסטו, גאָטט, מיין נשמה\
איך לייג זיא דיר צוא דיא פיס;\
זיא זוכט בייא דיר נחמה\
ווייל בייא דיר איז גוט און זיס.

נעם גאָטט צוא מיין הארץ אצונד,\
וואס שטערט מיר אין פיל פרטים;\
הייל עס, ווארום עס איז וואונד\
און פרייער מאַך דעם אָטים. —

נעם מיר צוא גאָטט מיינע אויגען,\
נעם דעם שכל, דעם פערשטאַנד;\
נעם צוא דאַס, וואָס קען ניט טויגען\
מיינע ברידער און מיין לאַנד!...

### ווענן עס וויללט זיך וויינען.

ווענן דאַס הארץ דריקט וויא א שטיין,\
נעה איך אריין אין דער יודישער גאַס;\
בעטראַכט נאַר דעם דלות אללײן\
ווערין מיינע אויגען שוין נאַס. —

ווענן שווערע אונ טרויריגע צייטען\
פארשטיינערן מיין פינסטער געמיטה\
ניב איך א קוק אויף א ש ו ל פון ווייטען, —\
גיעסט זיך שוין טרעהרין אונ בלוט. —

ווענן איך וויללֿ וויינען אונ עס געהט צו שווער,\
קוק איך אריין אין א יודיש ח ד ר...\
אונ פון וואָס איך זעה אונ פון וואָס איך האָר,\
גיעסען זיך שוין טרעהרין כסדר. —

אונ זיין שאנע ש ו ל מ ִ י ת זיטצט זיך דאָרט אויף
אונ גלעט זיין קאָפּ אויף איהרע קניה:
זי פּלעכט איהם די האאר, מיט איהרע פינגער ווי שנעע,
אונ דערלאנגט איהם א קוש אויף זיין שטערן;
אונ די פּאלמע ביינט שטיל אַז איהר קאָפּ איבער זיי
זייער זיסען ראָמאן אויסצוהאָרען!...

ג.

כ'וואלט געוואלט זעהען וויא פארטשאדעט פון רויך, —
פארטאג ווען דער נעבעל איז נאָך בלאָוו,
דרימּמעלט דער אַלטער ל ב נ ו ן אין דער הויך,
און רעדט עפּעס צו זיך פון דעם שלאָף!...
וואס חלומ'ט זיך דעם זיידען? וואָס טראַכט ער? וואָס קלעהרט?
צו דאווינט ער דענסטמאָלט? — צו ניין? —
צו ווידער האַלט ער דעם תהלים, וואָס ער האָט געהאָרט,
פון זיין ד ו ד'ן זינגען אליין? —
צו קלאָגט ער, וואָס זיינע נעסטען זענען לעער,
אונ די פאנגעלעך זענען פארטריבען?...
דערפאר קרעכצט ער פונ'ם שלאָף אזוי שווער
וואָס ער איז אזוי עלענד געבליבען?...

## דריי מאָל יודישקייט.

וואָס געהט דאָרט א גאנצער עולם פון יודען,
אונ פון זייער פּנים שיינט ארוים פרייד?
איינער מיט דעם אנדערען רעדען צופרידען,
אונ לאַכען אונ שפּאסען פרייליכערהייט.
וואוהין געהט דער עולם? וואָס איז דאָרט געשעהן? —
צו א ברית־מילה איז א מצוה צו געהן!...

וואָס געהט דאָרט ווייטער אַן עולם פון יודען,
אונ טראָגען זיך עפּעס יום־טוב'דיג געקליידט?
איינער מיט דעם אנדערען רעדען צופרידען,
זיי שמועסען אונ לאכען מיט גרוים פרייד.
וואוהין געהט דער עולם? וואָס איז דאָרט געשעהן? —
צו א חופּה פיהרען איז א מצוה צו געהן!...

אונ וואָס געהט דאָרטען פּאר אַן עולם יודען
פארכמאָרעט דאָס פּנים, פארזאָרגטערהייט?
הייסע טרעהרען זעהט מען אין די אויגען זיידען,
אונ וויינען אונ אויקען: א בראָך, א לייד.
וואוהין געהט דער עולם? וואָס איז דאָרט געשעהן? —
צו אמת־מצוה איז א מצוה צו געהן!...

איך האָב מיר אליין מיין ארון קודש,
עס בעט נים קיינער אין איהם — נאָר איך —

מיין שווער הארץ איז דאָרט דער עמוד,
עס זעהט איהם קיינער ניט ארוים:
די ליעבע איז דאָרטען מיין נר־תמיד...
עס ברענט! — אונ לעשט קיין מאָל ניט אוים!

דער חזן בין איך — אלץ איך אליין,
די צרות העלפען מיר ווי זינגערס מיט,
טרוירינגס, זינגען מיר אוים גאַנץ שעהן,
פרעהליכס? — עפּעס געהט ביי אונז ניט!...

די האָפנונג הערט מען דאָרט פערזאָגען!
מען הערט זי ארוים אויך ווען זי שווייגט!...
באַלד הערט מען זי דאָרט וויינען קלאָגען,
אונ די טרעהרען קלאָפּען צו צו׳ם טאַקט! —

## מיין היילינעם לאַנד.

א.

אויפ׳ן שטיינערנעם וועג וואָס קיין בית־לחם נעהט,
זעהט מען א קבר דאָרט שטעהן!
אונ פּונקט האַלבע נאַכט, ווער דאָרטין נאָר שטעהט,
האָרט ער א שרעקליך געוויין...
מען קרעכצט, מען זיפצט: „אוי וועה, אוי וועה!“
דאָס איז אונזער מוטטערס קול...
דאָס וויינט צו גאָטט ר ח ל מיט א געשריי,
איהרע קינדער אז ער העלפען זאָל:
זי געהט ניט צוריק אין איהר רוה׳ אריין
ביז זי האָרט ניט א טראָסט פון דעם הימעל;
ביז ג א ט ט אליין שלאָפט זי דעמלאָט ניט איין
אין איהר זיסען היילינען דרימעל!...

ב.

כ׳וואָלט זעהען דעם ירדן, דעם היילינען טייך,
ווי ער וויענט זיך אין זיין בלויען בעטט:
ארום איהם שטעהן שאַפּעלעך אויסגעשטעללט גלייך
אונ טרינקען זיך אָן ביז אין דער זאַט:
אונ דאָרט׳ן ניט ווייט אויף א בערגעלע הויך,
שפּיעלט זיי דאָס פּאַסטוכעל צו:

## אַ תפלה.

דו זיסער מלאך פון שלאָף,
וויעג מיך מיט דיין ליעדעלע איין!
פערגעסען זאָל איך אין דער שטראָף,
מיט דיינע פלינעלעך טרייב אוועק,
מיינע צרות און שרעק. —

אדוני לי
מיט מיר ביסטו,
שענק מיר דיין רוה!
מיין נשמה נעהם צו
ביז אין דער פריה,
נאָר דיר טרוי איך זי!

דו גרויסער וועכטער דאָרט אין הימעל!
דיין טריי אויג איז דאָך שטענדיג וואָך,
ווען איך שלאָף און ווען איך דרימעל,
היט מיך מיט דיינע קינדער גלייך!
מיין נשמה איז דאָך פון דיר,
איבער נאכט נעהם זי ביי מיר!...

אדוני לי!
מיט מיר ביסטו,
שענק מיר דיין רוה!
מיין נשמה נעהם צו
ביז אין דער פריה,
נאָר דיר טרוי איך זי!...

## פון „שולמית“.

פלאַקער, פייער, פלאַקער!
קנאַק אונז פריילִיך צו,
לייכט אונז צו ביז אין דערפריה;
דער בויער רוהט ביים אקער,
דער פאַסטוך — ביי די פיה,
יערען איז ליעב זיין מיה.

לייגט זשע צו האָלץ! —
מיר מעגען זיין שטאָלץ,
פרייהליך טאַנצען איז קאַהן:

ווייל פאַסטעכער אליין
זעננען דאָך געווען
אונזערע אבות פון אייביג אָן!

פלאַקער, פייער, פלאַקער!
קנאַק אונז פריילִיך צו,
לייכט אונז צו ביז אין דערפריה,
דער בויער רוהט ביים אקער,
דער פאַסטוך — ביי די פיה,
יערן איז ליעב זיין מיה.

## שבת, יום-טוב און ראש חודש.

שבת, יום־טוב און ראש חודש,
דאַווען איך מיר אליין פאַר זיך:

# אברהם גאָלדפאַדען.



אברהם גאַלדפאַדען — דיכטער און באַשעפער פון אידישען טעאטער. געבאָרען דעם 12טען יולי, 1840, אין אלט־קאָנסטאַנטין, וואָהלינער גובערניע. געשטאָרבען אין 1908, אין ניו־יארק. איז איינער פון אונזערע באַליבסטע פאָלקסדיכטער. זיינע ליעדער זיינען געשריבען אין א הארציג־אידישלאַכען איינפאַכען טאָן און אין א זאַפטיגען, וואויל קלינגענדען אידיש. ביבל. ל. וויענער "Yiddish Literature" אינדעקס; יוד. ענג. ענצ. 6, 23־24; ד. פינסקי: „דאָס אידישע דראמא"; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור", 1, 119־130, 2, 202־206; דר. גוסטאוו הערמאַן דאַלמאַן, „יודישדייטשע פאָלקסליעדער אוים גאַליציען און רוסלאַנד". לייפציג, 1888; ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

## מיין לעבען.

(פראַגמענט)

א.

יעדער האָט געהערט מן הסתם,
און אפשר געזעהען מיט די אויגען,
ווי דער ווינד טרייבט א שיף אויפ'ן ים,
ווי זי פליהט פייל אויס'ן בויגען.

אבער ניכער פון איהר פליהען געשווינד,
מיינע יונגע יאָהרען אַוועק;
ווי לאַנג בין איך געווען א קליין קינד,
היינט בין איך געעלטערט, א שרעק.

ב.

יעדער האָט געהערט מן הסתם,
און אפשר געזעהען מיט די אויגען,
ווי דער ווינד טרייבט א שיף אויפ'ן ים
ווי זי וואָלט געריין צו'נ'אַברעג צוגעפלויגען.

אזוי טרייבט די צייט די שיף פון מיין לעבען,
און זי פליהט אלץ ווייטער אַוועק.
איך בעט דיר ווינד! זאָלסט א גוטען בלאָז געבען,
און טרייב זי שוין צו צו'נ'א ברעג.

## דער קאלידאר (קארידאר).

„התקן עצמך בפרוזדור"
(אבות.

(פראגמענט)

איר מענטשין, איר אלע בארעכינט דאס גאר,
וויא מיר זיינען דא פאר נארט אהן איין ברעג,
אויפין רעכטען סוף, פאר געסין מיר גאר,
אז מיר שטייען דא שטענדיג אויפין וועג.
פונקט וויא דער אורח אויף דער אכסניה,
וואס ער באשטעלט זיין נומער אויף א קליינער צייט.
אזוי זיינען מיר דא, אונזער גאנצע קאנפאניע,
אויף א קליינער וויילע איז דער מענטש דא א לייט.
וויא דער שאטען אויפין וואנט, וואס ווערט ניט גיאכט,
ווילע ער ווערט פאר שוואונדען אין איין אויגין בליק,
אזוי האט דעם מענטשינס לעבין קיין מאכט,
דא לעבט ער גליקליך, דא רופט מען איהם צוא ריק.
א יאהר לויפט פאר בייא וויא א שעה,
און אויף דער לעצטער שעה פאר געסט ער גאר,
אין דאס פאר שטייט ער ניט דעם פשט,
אז דיא וועלט איז א קאלידאר (קארידאר).



# הלל קליבאנאוו.

**הילל קליבאנאוו — בדחן און פאלקסדיכ־**טער, געבארען אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יארהונדערט, אין באריסאוו, מינס־קער גובערניע. — הלל קליבאנאוו האט גע־שריבען אין דער זעלבער צייט און אין דעם זעלבען סטיל פון אליקום צונזער. זיין גאנצען לעבען האט ער געליטען פון האלוצינאציעס. ווי דער באוווסטער פארלעגער הערר י. קאצענעלענ־באגען דערצעהלט, האט ער די מעהרסטע פון זיי־נע ליעדער אנגעשריבען אין די אנפעלע פון דער דאזיגער קראנקהייט. ווען ער איז געשטארבען איז אונבאקאנט.

## די עקרה.

(פראגמענט)

אח! מיין גאט איך פרעג נאר בייא דיר,
פאר וואס האסטו מיר מיין שיין פערשטעלט?
פאר וואסער זינד קומט דאס מיר,
איך זאל זיין אזוי עלענד אויף דער וועלט?
ליבער וואלט איך ניט געבארין ווערין גאר.
צו וואס האב איך געדארפט דיא וועלט דערקאנען,
אז איך האב ניט דערלעבט קיין דור,
ווער עס זאל מיך נאך מיין טויט דערמאנען...

וויא קען איך מיין אנגסט פאר געסין,
און וויא קען מיר מיין לעבען איין גיין,
אז איך זעץ זיך אנידער בייא מיין טיש עסין,
איינע אליין וויא א שטיין?
איך בין דאך שטענדיק אין איין צארין —
וואס טויג מיר מיין פערמעגין, מיין גוטס,
אז איך בין געגליכען צו א טרוקענים דארין,
וואס קיינער האט פון אים קיין נוץ?...

אז איך הויב ווען אן מיין לעבין באקלערין,
וואס האב איך אויף דער וועלט פאר א ווערד, —
הייבט זיך מיר אן מיין מוח צו קערין,
אין געזיכט ווער איך שווארץ וויא דיא ערד.
מיין הארץ קען מיר ניט שטילין,
וויא זאל מיר איין גיין מיין לעבין...
איך זע בייא יעדער מוטער איהרע קינדערליך שפילין,
וויא דיא פיינעליך טוען זייא שוועבין.

מיר זאלין קאנען זעהן.
וויא צו זיצען. וויא צו גיין.
איך זאל האבין איין ארט.
איך זאל גיפינען מיין רוה דארט.
איך הער נור דאס איינעווארט.
גייא. גייא. דא איז פאר דיר ניט קיין גיצעלט.
גיבענשטער גאט! מאך שוין ליכטיג דיא פינצטערע וועלט.

ד.

גיבענשטער גאט! האב רחמנות אויף אונז היינט.
דיא שנאה איז היינט גרויס און מיר האבין זיך פיינט.
שיק דיין ליכט אליין.
אז מיר זאלין זעהן.
וויא דיא שנאה איז בא גרויס און קליין.
דער פריערדיקער פריינט דער בעסטער.
איז ער מיר דער שונא דער גרעסטער.
אפילו א ברודער מיט א שוועסטער.
זענען צווישין זיך שונאים שטיל און פארשטעלט.
גיבענשטער גאט! מאך שוין ליכטיג דיא פינצטערע וועלט.

ה.

גיבענשטער גאט! דיינע מעשים זענען שיין.
דוא העלפסט איעדערין מיט דיין קראפט אליין.
שיק דעם ליכטיגין טאג.
צו העלפין פון צרות און פלאג.
הער נור פון איעדערין דיא קלאג.
וויא דיינע קינדער אימעדים.
וואנדערין אויף דער וועלט ארום.
קיינער קוקט זיך אויף זיי ניט אום.
זייא וואלגערין זיך אוים וואו א מדינה וואו א גיצעלט.
גיבענשטער גאט! מאך שוין ליכטיג דיא פינצטערע וועלט.



## משה מאראחאווסקי.

משה מאראחאווסק(י)ע אויס באהוסלאב — פאלקסדיכטער און ברחן. א צייט־גענאסע פון אליקום צונזער. ביאגראפיע — אונבאקאנט. דאס ליעד „ברכו" איז גענומען פון א קליינער זאמלונג פון זיינע ליעדער מיט'ן נאמען „יום־טוב־דיקע לידער, אדער וואכעדיקע לידער מיט יום־טוב־דיקע נגונים, א סאטירעשע קריטיקע אין פערזין פאן דעם לעבין. פערפאסט פאן משה מאראחאווסקע אויס באהוסלאב". ארויסגעגעבען אין ווארשוי, 1886. אין יאהר 1872, איז אין אדעס ערשינען אן אנדער זאמלונג פון זיינע ליעדער מיט'ן נאמען „דער עלינטער יתום".

### ברכו.

דיא ליד דארף מען זינגען מיט דעם נוסח
פון ברכו וויא מען זינגט יו"ט צו מעריב.

א.

גיבענשטער גאט! האר פון דער גאנצער וועלט!
דוא מאכסט ליכטיג אונ פינצטער. טוסט וויא דיר גיפעלט.
שיק אונז דיין לעכט דיא שיין.
זעה אונזערע פיין.
ווי איינער שלינגט דעם צווייטין איין.
וויא אזוי מיר ווערין אויס גיבראכט.
אין אזא לאנגער פינצטערער נאכט.
איינער וויינט אונ דער צווייטער לאכט.
איינער וויינט און דער צווייטער קוועלט.
גיבענשטער גאט! מאך שוין ליכטיג דיא פינצטערע וועלט.

ב.

גיבענשטער גאט! ווייז אונז דיינע וואנדער.
דוא ביסט דער טאטע פון דיינע קינדער
שיק דעם טאג דיא פרייד.
צו העלפין פון צרות אונ לייד.
הער נור צו דיא שלעכטע רייד.
דיא אלע מיינע פריערדיקע גוטע פריינט.
ריידין אויף מיר שלעכטס היינט.
זייא זענען מיר גיווארין אומזיסטיקע פיינט.
אונ האבין זיך אויף מיר מיט בלבולים נישטעלט.
גיבענשטער גאט! מאך שוין ליכטיג דיא פינצטערע וועלט.

ג.

גיבענשטער גאט! דיינע מעשים זיינען פיין.
שיק אונז דיין ליכט דיא שיין.
דוא זאלסט ליכטיג מאכין אליין.

שרעקלאַך הייס ביסטו! —
און בייא מיר איז ער פּאַלקאָם פרייא.
א שליטענס וועג גימאַכט.

דיא לבנה שיינט, דיא וועג זיא גלאַנצט,
חאָץ פאַר א גאַנצע נאַכט...

דער זומער:

דער זומער פאַרין מענטשין,
וויא ליב איך בין וויא גוט!
דעם גאַנצען טאָג ער האָרעוועט,
פאַר נאַכט איז ער באָרוט.
ער גייט זיך אין טייך באָדין,
פריילאַך גאָר א בחיר.

אלע נייע פּרוכטין,
קריגט ער אויך בייא מיר.
און דער ווינטער דער מערדער,
פאַר קויפט אים פאַר א קנעכט!
ער האָט קיין מאָל קיין אָפּ רוא ניט,
האָרעוועט גאַנצע נעכט.

דער ווינטער:

וואָס רימסטו דיך דאָ זומער,
מיט דיין פרייע צייט?
דוא גייסט אַוועק דאַך וויינעדיק,
מיא זעט קיין פרעלעכקייט.
דיא ספירה מיט דרייא וואָכין,
פאַר יאָמער און פאַר צאָגט;

אלול ימים נוראים,
רק ער גייט און קלאָגט.
און איך דאַרף קיין טרערין ניט,
בייא מיר איז אלעס רעכט, —
חנוכה און פּורים,
פאַר ברייננ זיך גאַנצע נעכט.



איך מאך ניט אן קיין קאסטין,
בעלייכטונג לאז איך צוא רוא.
איך דארף קיין מאל קיין פוטער ניט:
קיין פערענע אויך דאצוא.

אונ דער ווינטער, דער מערדער,
בריינגט אוים גאר דיא געלט —
א קאפטעלע, א וועגעלע האלין —
מיא היט זיך רק פון קעלט.

דער ווינטער:

וואס רימסטו זיך דוא זומער?
בארעכין זיך אליין:
דער רוביל האט קיין שפאר בייא דיר,
ער מוז וויא זאלץ צוא נייז.
פערגעניגען אונ קאמעדיע,
אויב ער נאר פאר זוכט

דיא שפעקטין מיט דיא שערלאך,
מיט דיא יונגע פרוכט.
אונ בייא מיר איז דאס אלץ פאר שפארט,
פון שטוב נאך ניט א טריט.
דער רוביל בלייבט בייא זיך אין טאש
אז מיא זעט ניט ווילט זיך ניט.

דער זומער:

דער זומער פאר דעם מענטשין.
זיין האפענונג איז גרוים. —
דער קארען אויף דעם פעלד,
וויא שיין ער וואקסט דאס אוים.
מיא שנייט מיא בינט זייא גארבין:
מיא טראגט זייא אין דער הויף.

מיט שמחה מיט גרוים פרייד,
מיא זינגט נאך לידער אויף.
אונ דער ווינטער, דער מערדער,
קומט וויא דער העלד —
דורך אוים פאר וויט, דורך אוים פאר שנייט,
דורך אוים א ווייסע פעלד.

דער ווינטער:

וואס רימסטו דיך דוא זומער,
מיט דיין קארין וואס וואקסט אוים?
דוא ביסט דאך א בריה נאר,
אז ער שפראצט שוין ארוים.
אז דאס קינד קען שוין זעהן דיא וועלט,
האלט ער שוין גאנץ וויט.

נאר דיא מיהע באשטייט אין דעם,
נאר אין דער יוגענד צייט.
אונ בייא מיר ליגט ער אין ווארעמקייט,
ווערט זיך דיק אונ גרוים,
דיא שנייא פון אויבין דעקט אים צוא,
ביז ער שפראצט ארוים.

דער זומער:

דער זומער פאר דעם וואנדערער—
איז ער איין גוטער פריינד!
גייט גאנץ לייכט אן גיטאן,
דיא זון פון אויבין שיינט.
אויף דעם גראז קען ער זיך רוען,
וויא אף א ווייכין שטול.

דיא בוימער פון דיא זייטין,
מיט גרינע בלעטער פול.
אונ דער ווינטער, דער מערדער, —
בייא נאכט דיא וועג פאר וויט.
ער זעט קיין וועג, ער זעט קיין שטעג,
ער זעט ניט וואו ער גייט.

דער ווינטער:

וואס רימסטו דיך דוא זומער,
וואס גיסט אים פאר א נוץ?
ער קען בייא טאג ניט פארין,
עס ברענט אים שטארק דיא היץ.

דיא רעדער האפין ברענען,
זיין גומען אויף דער צוא,
דיא פערד, זייא ווערין אפ גישוואכט.—

מיט יאַהרין,
מיר ווערט א קינד גיבאָרין,
ווערט גרעסער מיין הכנסה.
איך קויף צו ערד א שטיק.
אין שטאָט א קינד וואָס מערער,
ווערט דעם פּאָטער שווערער,
ער מוז זיין א דערנעהרער, —
אפּין האַלז א שטריק;
בייא מיר עס וואקסין קינדער,
ווערט מיין ארבעט לינדער,
אונ יעדערער באזונדער,
איז פאר מיר א גליק.

מיין מיידיל,
נייא איך א פּראָסט קליידיל,
אונ טוא מיט איהר א שידוך,
אַן צירונג אַן נדן.
זעט אין שטאָט דיא כלות,
שטעלין פּראָסט ברלת,
ראַמט פון שטוב אוים אַלעס,
וואָס נאָר איז פאראַן;
מיר איז לייכט צו קריגין,
א חתן גראָד א היגין,
אונ גיב נדן צווייא ציגין,
אונ לעבט גליקליך פאר דעם מאַן.

בענשין,
זאָל נאָר גאָט דיא מענשין,
וועלכע שטיצען ציון,
צוריק דאָס לאַנד בעגייט;
בענש נאָר גאָט דיא ריצער,
דיא קלאָניען באשיצער;
דיא ארבייטער שטיצער,
דיא זרובבלס פון דער צייט.
ווען פון דיא קאָלאָניען,
וועט ווערען מיליאָנען,
וועט ציון ערשט דערמאָנען
אָט דיזע גרויסע לייט, —

## דער זומער מיט דעם ווינטער.

דער זומער:

דער זומער פאר'ן מענטשין,
וויא ליב איך בין וויא טרייא. —
איך דעק דיא פעלדער מיט גרינשען צו
איך מאך דיא לופטען פרייא;
איך ברייננג דעם שיינעם פרילינג,
מיט אַלע פרייליכקייט.
וויא שיין ער איז דער גרעזועלע
אין מאַיאָווע צייט.
אונ דער ווינטער דער מערדער,
ווער איז זיינע געסט? —
דיא שנייען דיא טומאַנען,
מיט דיא גרויסע פרעסט.

דער ווינטער:

וואָס רימסטו דיך דוא זומער?!
זע נאָר גוט בעטראַכט:
פון דיא היצען גייט דיא כוחות אוים,
דער מענטש ווערט אָפּ גישוואַכט.
דיא זון ברענט אים וויא פייער,
עס איז שרעקלאך היים.
שוואך און שלאף וויא איין פליג,
עס גיסט אים טייכין שוויים.
אונ בייא מיר איז ער גיזונט אונ
שטייף
ער דאַרף קיין גרויסין קאַסט —
טוט אָן אַף זיך וואָס מיגליך איז:
שטאַלצירט אין גרעסטין פראָסט.

דער זומער:

דער זומער פאר דעם מענטשין,
איז דאָך פּאָרט ניט שלעכט.
קיין שויב ניטאָ, קיין האָלץ ניטאָ —
בייא מיר איז אַלעס רעכט.

ציים מען האט אייך געפאנגען ?
וואס מאכט יהודה און אפרים ? גיט מיר א נעריס !...

אהער קומט, יענע יאהרען !
איך בין יונג געווארען :
איך ווארף אראפ מיין טרויער, אהער מיין זיידען קלייד !
פול ווערט מיין הויז שוין ווידער,
עס הויבט דאס הארץ, דיא גליעדער, —
פיעל פון מיינע קינדער פאהרען אן מיט פרייד.

פון שמחה טרעהרען פליסען,
לאזט מיך האלזען, קיסען,
רוהט אייך אוים דיא ביינער, מיינע הארצענס-נעסט !
איהר וועט בייא מיר קריגען
אלע פערגיניגען,
איהר וועט ניט וויסען פרעמדע טישען, נאר דער מוטערס קעסט.

## דיא סאכע.

כנען בידו מאזני מר מה לעשק
אהב : ונו׳, עוד אשיבך באהלים
כימי מועד :
(הושע י״ב)

אין סאכע,
ליגט דיא מזל ברכה, —
דער וואהרער גליק פון לעבין,
קיין זאך מיר ניט פעלט.
עס קומט דער פריה מארגין, —
איך דארף ניט לייהען, בארגין,
דער מח דארף ניט זארגען,
אויף טאג הוצאות געלט.
עס איז אן געגרייט אויף ווינטער,
א זאסיק א געזונטער,
איך זייא, איך שנייד גאנץ מונטער,
פרייא אין גאטטעס וועלט.

פון מארעס,
האב איך קיין הכבדת,
וויא אין שטאט פאר לעבט מען,
מער פיל מיא פערדינט.
א שטרוי הוט אונ א סוויטע,
טראג איך אפ א שמיטה,
אונ מיט דיא זעלבע שיטה,
פירט זיך מיין גיזינט.
דער סערפ, איז מיין קאסירער,
דער האן, מיין רעפוטירער,
דיא זון, איז מיין צייט פירער,
מיין פעכער, איז דער ווינט.

מיין דאמע,
ברויכט ניט קיין אמע:
קיין הויז מיידכען, קיין באנע, —
קיין פרעסער אפין קארק !
זיא דארף קיין הוט, קיין פעדער:
שפאצירט ניט אין דיא סערער:
פארט ניט אין דיא בערער, —
ליבערשט פרייטיג צום מארק.
קיין פוץ קיין פאר מאסקירטען,
אליין אי אם, אי ווירטהין:
אונ אין פעלד א הירטין,
אונ איז געזונד אונ שטארק.

איז צרות צווייא טויזענד יאָר?...
איהר שטערין, זאָגט מיר אויב איר ווייסט,
איז דען אייביג פאר לאָרען מיין טרייסט? —
אוי, ניין, איך שפיר נאָך איך שפיר!
אַח, גאָט, ענפער שוין מיר...

## קול ממרומים.

כה אמר ה׳ מנעי קולך מבכי
ועיניך מדמעה כי יש שכר
לפעולתך נאם ה׳.
(ירמיה ל״א ט״ז).

ציא דוא מיין טאָכטער טוסט עס ברומען?
דיא אויגען איז דיר פול.
דיינע טרערין איז גיקומען,
צו מיין הימעל שטיל.

גענוג צו לאָזען טרערין רינען,
הער שוין אויף דיין ליד;
אין ים קען מען א גרונד געפינען,
צו דיין טרויער ניט.

הער מיין קינד שוין אויף צו קלאָגין,
מען מוז געדולדיג זיין;
צום ענדע נאכט וועט דיר אוים טאָגין,
וועסט נאָך זעהען דיא שיין...

## שיבת ציון.

שאי — סביב עיניך וראי:
כלם נקבצו באו־לאך.
(ישעי מ״ט, י״ח).

וואָס זעה איך דורך דיא שויבען! —
עס פליהען אַז וויא טויבען, —
מיין יוסף, מיין בנימין, קלאפען אין מיין טיר.
אַך, הימעל, גאָט, דיא וואונדער!
איך זעה דאָך מיינע קינדער,
דיא ליעבסטע און דיא טרייסטע קומען אַז צו מיר.

אוועק אזוי פיעל יאָהרען,
געמיינט איך בין פערלאָרען,
אנ׳אלמנה א פערוויסטע, ליידינג בייא מיין טיש...
מיט איך וויא איז געגאנגען,

נייט שוין אין אבילות אַן גיטאַן.
דוא בארג לבנון דוא גוטער פריינד.
וואסערע פים צו טרעט דיך היינט?
דוא בארג מוריה, דוא הייליגער אָרט. —
א מאחמאדאנער מאצעט שטייט נאָר דאָרט...
דיא גאַסין שטייען שוין פּוסט,
דיא וועגין זיינין פאר וויסט;
אין כרמל קיין בלומען בליט;
דיא טורעמס גלאַנציין שוין נים.
דיא כהנים וואָס האָבין געשטיצט;
דיא נביאים וואו זעה איך זייא איצט,
וואו איז אייער קרוין אייער רייך?
וואָס איז היינט גיוואָרין פון אייך?..

איך קוק איצט אויף ירושלים ביין מערב וואנד,
איך זעה דאָרטין מיינע קינדער וויא קוילין שוואַרץ.
זייא שפּאַרין אָפּ דיא קאָפּ אויף דיא דאָרע הענד,
אונ אַכצין אונ קרעכצין, אז עס פאר קוועצט דאָס האַרץ...
ניטאַ אין ירושלים קיין בוים קיין שטיין,
וואָס איז נים גיוועזן נאָס, פון מיין קינדס געוויין...
מיין קינד צו דריקען איז א קינדער שפּיל —
וואו מיא שיסט איז ער דער ציל.
פון מאַלדאַווער הער איך א געשרייא,
מיין קינד שרייט דאָרט, אוי ווייא!
פון אראַביען שרייט ער — נים גוט,
מיא פאר גיסט דאָרט וויא וואַסער זיין בלוט;
פון אזיען שרייט ער נעבאך — שלעכט,
דאָרטין געפינט ער קיין רעכט;
אין פּרס באוויינט ער דיא ערד, —
דאָרט טוט מען מיט זייא וויא מיט פערד.

אין הימעל דיא טויזענדער שטערין,
באוויינען אלע מיין קינדס אומגליק;
דיא אַלע בוימער גיסען טרערין,
דיא פייגלאך ענטפערין אויף צוריק.
נאָר דיא האַרץ פון דיינע פיינד איז פאר שטיינט, —
דער אומגליק האָט זייא דאָס האַרץ פאר שפּאַרט.
דער קרוקעדיל, דער אכזר, טרעפט אויך, ער וויינט —
נאָר דיינע שונאים׳ס האַרץ איז וויא אייזין האַרט...
אח. גאָט, ענפער שוין מיר,
זאָג שוין פיעל איז דער שיעור,
צו ליידען א דור נאָך א דור,

# אליקום צונזער.



אליקום צונזער (אליקום ברחן) — באוואוסטער פאלקס־דיכטער. געבארען אין ווילנא, דעם 28טען אקטאבער 1840. אליקום צונזער איז איינער פון די אינטערעסאנטסטע פערזענליכקייטען אין דער אידישער פאלקסדיכטונג. א דאנק זיין באזונדערער מאניר צו פערזאניפיצירען פארשיידענע געגענשטאנדען ווי יאהרעס־צייטען, תפלות („דער תהנון“, „דער זומער און דער ווינטער“, „דאס אויג“, „דער זייגער“ א. ז. וו.) און ארויס־געמען א מוסר השכל פאר׳ן מענשען. מיט דער מאראל פון זיינע ליעדער דערמאנט ער אפט אן די אלטע אידישע מגידים. כאטש אליין א משכיל איז ער דאך געוועזן איינער פון די ערשטע די השכלה צו קריטיקירען. נאך די פאגראמען פון די 80־גער יאהרען ווערט אליקום צונזער א הייסער חובב ציון („שיבת ציון“, „די סאכע“ א. ז. וו.) אין 1889 איז ער געקומען אין אמעריקא, וואו ער איז פארבליבען ביז זיין טויט. געשטארבען דעם 22טען סעפטעמבער, 1913, אין נויארק. זיינע ליעדער מוזען גענומען ווערען פראגמענטענווייז צוליב זייער אונמעגליכער צוציינגענקייט. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 12, 699; ל. וויענער, “Yiddish Literature” אינדעקס; „צונזערס ביאגראפיע“, געשריבען פון איהם אליין, נויארק, 1905; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור“, 1, 130־131; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## רחל מבכה על בניה.

כה אמר ה׳ קול ברמה נשמע נהי
בכי תמרורים רחל מבכה על בניה
מאנה להנחם על־בניה כי איננו.
(ירמיה ל״א מ״ו).

דיא זון האט אן געוויזען אין מערב זייט,
מיט דיא רויטע פלאמען אז זיא נעמט אפ שייד,
אונ דיא נאכט מיט איהר פינצטערקייט,
האט אן גיטאן דיא ערד אין א שווארצע קלייד.
דיא וועלט מיט איהרע לייט שווייגען שטום;
דיא נאטור שלאפט סייא בערג, סייא טאל.
דיא לבנה גייט זיך גאנץ שטיל ארום,
פון דיא שטערין הערט מען אויך קיין קול.
נאר א שטימע דיא שטילקייט צו שלאגט,
א קול פון א פרויא וויינט אונ קלאגט,
אונ שרייט נעבאך פון איהר געצעלט:
פאר וואגילט בין איך אויף דער וועלט...

אבער ציון האט פארלארען איהר פערגעניגען;
איהר מאיאנטיק פאר שפילט אין קאן;
דער ארט בית לחם וואו מיינע ביינער ליגען,

אין דיא וואס ווילען ניט שווארצען דאס פנים,
שיקט זיא זייא דיא נדבה אהיים.

דאס מויל עפענט זיא מיט פארשטאנד,
פעריל שיטען זיך פין איהר שמים:
א גלייך ווערטעל געהט פין דער האנד,
אין איהרע רייד זענען ציקער זים.
זיא גיט אכטונג אויף דער שטיב:
זיא האט רחמנות אויף איהר בליט.
ליידינג זיצען האט זיא ניט ליעב,
זיא ריהט ניט אפילו איין מיניט.

מע גיט איהר שבחים צווישען לייטען,
פון מאן אין קינדער הערט מען נאר:
טויזענט ווייבער וועל איך ניט בייטען,
אפילו אויף איהר איין פארבאר.
וואס קומט דען ארוים אז מע האט חן,
ווען מע קען ניט אויזען מיט א שטיב?
ניט דאס איז ליעב וואס איז שיין,
נאר דאס איז שיין וואס איז ליעב...

בלומעליך גרייזלען אוים זייערע העריליך,
  דיא מאמע, דיא נאטור פארקעמט זייא זייער שיין:
טראָפּען־ראָסע פאלט אויף זייא וויא פעריליך
  אין שווענקט זייא אוים דיא פּיסקליך זייער ריין!...

זעהט נאר דאָרט אין טיפען טאהל,
  וויא דיא גרינע גרעזין איז דורך אוים באדעקט,
פּאשען זיך שעפּיליך אן א צאָהל
  יעדעס שמעקט דאָס צינגעלע אין לעקט.
דער פּאסטעך מיט זיין פייפילע געהט נאך זייא,
  אין שפּילט מיט גרוים געפיל זיין ליבע ליד.
א שיינם צושפּיל ענטוורט איהם דער סאָלאָווייא,
  אין זיין געליבטע גייט איהם נאך זיין סליעד!..

# אשת חיל.

(פראגמענט)

גליקליך קען נאר דער מענש זיין,
  וואָס דאָס ווייב האָט איהם אמת ליעב;
זיא איז איהם געטרייא אין תוך אריין,
  אין איז א בעל־הבית'טע אויף אין שטיב.
נאר מע זאל אפילו אין עק וועלט
  אלע יאהרען אויסלויפען;
מע זאל סטראצען לעבען, געלט,
  איז אזוינס נישטאָ ציא קויפען...

פלאקס אין וואל איז איהר געשעפט,
  זיא שפּינט, זיאָ ארבעט גאָר אליין;
זיא שטריקט, זיא דרעהט, זיא נייט, זיא העפט,
  אין איהר אַרבעט איז מלא חן...
וויא א שיף איז זיא ניט פויל,
  איהר פרנסה ברענגט זיא פין גאַנץ ווייט;
א סוחר איז זיא מיט'ן פּיעלען מויל,
  אין פאַרדינט א קערביל העריך אין דער זייט.

אין האַטש זיא איז אזוי פאַרטראַגען,
  פאַרגעסט זיא ניט דעם אָרימאַן;
זיא לאַזט איהם נעבעך זיין הערץ נים נאַגען,
  זיא העלפט איהם אוים וויא ווייט זיא קאַן.
ברוים ניט זיא דיא קבצנים,
  דיא וואָס גיבען זיך אָפּ מיט דעם;

# י. י. לינעצקי.



**יצחק־יואל לינעצקי** — באוואוסטער אידישער בעלעטריסט און סאטיריקער. געבארען דעם 8טען סעפטעמבער 1839. אין 1868 איז ערשינען זיין אויסגעצייכענטער ראמאן „דאס פוילישע יונגעל“. אין 1869 איז ארויס פון דרוק זיין „בייזער מארשעליק“, א קליינע זאמלונג פון סאטירישע און ערנסטע ליעדער פון וואגען אייגינע ווערען דא געבראכט טיילווייז. געשטארבען איז י. י. לינעצקי אין אקטאבער, 1915. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 8, 94; א. ליטווין, „לעבען און וויסענשאפט“, 5, 1909; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור“, 1, 219-234; ל. וויענער, “Yiddish Literature” אינדעקס; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## דער מאי.

(פראגמענט)

מענטשען שטעהט אויף גאנץ פריא!
ערוואכט פון אייער געלעגער!
זעהט דיא שיינע הארמאניא —
פון דעם נאטירליכען זייגער.
ביימיליך רוישען, פייגעלעך זינגען
מעלאדיען, זשימען פליגעלעך אלערלייא;
היישעריקליך טאנצען אין שפרינגען,
אין צום טאקט האלט צי דער סאלאווי!...

עפען דאס פענצטער אין טיה א בליק,
וויא שיין דיא נאטור איז אנגעטאהן!
פייגעל זינגען שיינע שטיק,
אין דער מאי טאנצט אין מיטען קאן!
באטראכט ארים דיר, קיק נאר הין אין הער,
עפען נים דיא אויגען אין קיק זיך ציא,
וויא דער מאי דער יונגער קאוואליער,
מיט דער נאטור טאנצען וויזאוויא!...

פייגעלעך, פלינעלעך, אויף דיא ביען,
אויפ'ן ברעג פון דעם מאנטעל אויסגעשטיקט;
דאס וויים, דאס רויט, דאס גריען,
יעדעס שטעקט דאס מיילעכיל אין פיקט.

בענשט מיט פרייד מיך, פרידליכע מלאכים,
איהר גאָט'ס דינער, אין מיין רוה.
פונ'ם מלך מלכי המלכים,
הקדוש ברוך הוא.

און נעהן בשלום זאָלט איהר, פרידליכע מלאכים,
איהר געשיקטע אין מיין רוה,
פונ'ם מלך מלכי המלכים,
הקדוש ברוך הוא.



# ש. י. אבראמאוויטש.



שלום־יעקב אבראמאוויטש (מענדעלע מוכר ספרים) — אידיש־העברעאישער נאוועליסט און פובליציסט. געבארען אין קאפוילע, מינסקער גוב. דעם 20טען דעצעמבער, 1835. שלום־יעקב אבראמאוויטש איז איינער פון אונזערע גרעסטע און פאפולערסטע שריפטשטעלער. איז באוואוסט אלס דער „זיידע" פון דער אידישער ליטעראטור און איז אין אלגעמיין באקאנט אלס איינער פון די בעסטע אידישע פייזאזשיסטען און מאלער פון אידישען לעבען. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 1, 25־26; בעל מחשבות, „געקליבענע שריפטען"; י. ענטין, אין „צוקונפט" 4־5־6, 1906; ל. וויענער, "Yiddish Literature" אינדעקס; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור" 1, 157־218; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## פון דער פאעמא „יודעל".

ס'דרעהט זיך אין דער וועלט דאס רעדעל איבער,\
און אוועק דער זומער גיך דער ליבער.\
ס'קומט דער הערבסט אן מיט זיין בייזער צורה,\
זיינע משרתים: ווינטען, נעץ און קעלט,\
לויפען פריהער מיט דער וויסטער בשורה —\
ריכטען זיך אויף צרות זאל די וועלט!\
מיט זיין קומען ענדערט זיך דאס וועטער.\
משונה ווילד און שטרענג איז זיין צענזור.\
פון די זינגער איז ניטא אי איינער,\
ווייט פארוואנעלט איז דער סאלאוויי,\
ס'בלייבט פון אלע מעהר ניט איבער קיינער,\
ער, דער גנב נאר — דער „וואראביי".

## שלום עליכם.

זייט געגריסט, געשיקטע מיר מלאכים,\
איהר גאט'ס דינער, אין מיין רוה.\
פונ'ם מלך מלכי המלכים,\
הקדוש ברוך הוא.

קומט מיט פרידען, פריידליכע מלאכים,\
איהר גאט'ס דינער, אין מיין רוה.\
פונ'ם מלך מלכי המלכים,\
הקדוש ברוך הוא.

אזוי וויא דיא טהיר איז געשטאנען האַלב־אָפען,
בין איך אַהן אַ היטעל אַהיים זיך אנטלאָפען. —

„וואָס איז אבער דאָרטען ביים קהל געבליבען,
„צי האָט מען וואָס אָבגערעדט, וואָס אָבגעשריבען?
„צי האָט מען געפונען אנ'עצה, אַ מיטעל?"
— ביי קהל, איהר הערט דאָך, איז געבליבען מיין היטעל!



און הלל מיט שמאי'ן האָבען אויך זיך מיט דבקות
נעאמפערט, נעפיהרט זייער אַלטע מחלוקת;
אויך ניט וועגען דעם, וואָס טהוט אונז איצט וועה,
נאָר אַלץ וועגען דאָס אויסגעבלאָזענע איי.

ר' קאָפּיל, דער פרוש, וואָס קוקט ניט אויף ווייבער,
דער האָט זיך נעפּארסקעט מיט יודעל דעם שרייבער:
„דו מופקר, אפנים דו ווילסט אויך זאָגען דעות —
„אַ איד, וואָס עס נעהט אָהן באָרד און אָהן פאות ? !"

„ווארט, ווארט, שרייט דער שרייבער, איך זאָג אייך פּארמאַלנע,
איך שרייב באַלד אַ פּראָזבע צום סאַמע קווארטאַלניע,
דערצעהל איהם דיא מעשה מיט דער מעהל קאָראָבקע,
שוין קרענק וועט איהר האָבען, ניט געלד מעהר אַ קאָפּקע.

דער שניידערשער מגיד, פון יאַטקעווער געססעל,
האָט מוסר נע'דרש'ענט אַ יונג בעל־הבית'ל:
דיא שווארצע מאָהן האָט ער אויף איהם אויסגעשאָטען
און דער האָט נעציטערט, נעשטומט, וויא אַ שאָטען:

דורך דיר נאַר, יונגאַטש דו, דורך דיר אפּיקורוס,
אַט ליידען מיר אַללע דיא צרות, דיא גזרות;
מיינסט אפשר, טרפ'ניאַק, אַז מיר האָבען פּארנעסען,
אַז דו האָסט אום פּסח — בעבלעך נעגעסען.

נו, האָב איך נעטראַכט זיך, אַט וויים מען שוין קלאָר עס,
פון וואַנען עס קומען אַלע אונזערע צרות,
און איך האָב אויך אָקאָרסט נעוואָללט זייא דערצעהלען,
אַ פּאָר שענע מעשיות פון מיין שכנ'טע — קיילען.

מיט אַמאָל דערזעה איך, וויא בענצע דער פּארבער,
וואָס האָט זיך נע'הרג'עט מיט לייזער דעם נאַרבער,
איז איבער דעם שולחן אַריבערגעשפּרונגען,
דערלאַנגט איהם אַ פּראַסק, אַז דיא וועלט האָט נעקלונגען.

און לייזער, דער טהוט גלייך אַ שפּיי אין אַ קולאַק,
ווילל בענצען צוריק שוין דערלאַנגען אין באַק:
האָט אָבער נעטראָפען נאָר מיר אין דעם קאָפּ,
אַזוי, אַז מיין היטעל איז נעפלויגען אַראָפּ.

וויא איך האָב דערזעהען, אַז עס האַלט שוין ביים שלאָגען,
האָב איך זיך בשתיקה געשווינד אָבגעטראָגען:

וואו האָט מען אונז ניט פערפּאַלגט און פערטריבען —
פאַר דיא הייליגע תורה אויף פּאַרמעט געשריעבען?

צוויא טויזענד יאָהר, אַ קליינינקייט צו זאָגען!
צוויא טויזענד יאָהר געמאַטערט, געשלאָגען,
זיעבען און זיבעציג פינסטערע דורות,
געשטאָפּט מיט צרות, געפּיללט מיט גזרות;
אז מי וואָלט נעמען דערצעהלען יעדע גזרה
וואָלט היינט ניט געווען שמחת תורה;
נאַר דאָס דאַרף איך גאַרניט, עס איז זעהר גוט
ביי יעדעם איינגעשריעבען איז זיין מארך, אין זיין בלוט, —
מיר האָבען אלץ אוים געהאַלטען, אלץ אוועק געגעבען,
אונזער געלד, אונזער כבוד, אונזער געזונד און לעבען,
— וויא אמאָל חנה איהרע קינדער דיא זיעבען, —
פאַר דיא הייליגע תורה אויף פּאַרמעט געשריעבען.

## וואָס איז ביי דער אסיפה געבליעבען.

„זעהט, זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיין ליבער ר׳ ברוך,
„איהר ווייסט דאָך איך בין איין ישובניק, איין אורח.
„מען האָט אונז געזאָגט: אייער גבאי, ר׳ יוסי,
„האָט דיא וואָך געמאַכט איין אסיפה א גרויסע.

„געוויס האָט מען דאָרטען, איך קען זיך מיר דענקען,
„געשמוסט מכח ישובים און שענקען;
„מכח דיא איצטיגע צרות, פּאָגראָמעס —
„טאָ זאָגט זשע, וואָס הערט זיך פאַר אידען נחמות?"

— נחמות פאַר אידען? איך בעט אייך מחילה!
געווען איז געווען איין אסיפה אפילו:
וואָס אבער זייא האָבען זיך דאָרטען געריססען,
אט זאָלל איך אזוי פון קיין צרות ניט וויססען.

וויא איך האָב פון דער כנופיא צו הערען בעקומען,
האָב איך מיין באַקענע היטעל גענומען,
בין וויא א פער׳סמ׳טער צו קהל געלאָפען,
האָב אבער דעם אנהויב שוין ניט אנגעטראָפען.

אז איך בין געקומען, האָט יענקעל מיט אידלען,
געהאַלטען ביים קריעגען זיך שוין און ביים זידלען;
ביי זייא איז איין אלטע מחלוקת א גרויסע,
אלץ איבער דעם פסוק פון אתה הראית.

ווינטער ווערט אויך איז מיין לעבענסקאַלענדער;
דער שמש — דיא צייט — קלאַפּט שוין אין שטאַנדרע.
עס הויבט שוין אָן דיא זאַווירוחע צו וועהען.
אין הארצען צו פרירען, א פין קאָפּ צו שנייען...
„זאָג משיב הרוח!" — זעה ליעבער שמש, האַלט!
איז דען טאַקי שוין ווינטער? ווער איך טאַקי שוין אַלט?...

## זמר לשמחת תורה.

(פראגמענט)

לחיים, ברידער, לחיים, לחיים!
היינט זענען מיר דיא תורה מסיים,
היינט הייבען מיר זיא אָן נאָך אמאָל ווידער —
דרום לחיים ולשלום ליעבע ברידער!
זייט פרעהליך אונ דאנקט דעם גאָטט, דעם ליעבען,
פאַר דיא הייליגע תורה אויף פּאַרמעט געשריעבען.

דיא הייליגע תורה, געשריעבען אויף פּאַרמעט,
איז דאָך אונזער טרייסט אין אונזערער ארמיט;
אַלץ אויף דער וועלט האָבען מיר פערלאָרען:
דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען;
חרוב דאָס לאַנד וואו מיר זענען געזעססען,
אפילו אונזער לשון האָבען מיר פערגעססען...
ניטאָ אונזער מלוכה, ניטאָ אונזער כהונה,
נאָר אונז איז געבליבען אונזער אמונה;
גאָטט אין הארצין, דיא תורה אין דער האנד,
זענען מיר געגאנגען פון לאַנד צו לאַנד,
פיעל צרות געליטטען, דאָך לעבען געבליעבען —
דורך דיא הייליגע תורה אויף פּאַרמעט געשריעבען.

קומט, ליעבע ברידער, קומט אהער גיכער,
קומט, לאָמיר אָפּהענען דיא היסטאָרישע ביכער ——
וואָס דערצעהלט דיא געשיכטע? וואָס שרייבען דיא קראָניקס?
נאָר רייבער־געשיכטען, מעשיות פון ראָזבאָיניקעס!
אונזער געשיכטע, אזוי גרויס וויא דיא ערד,
איז ניט מיט א פעדער, נאָר מיט א שווערד.
ניט מיט טינט געשריעבען, נאָר מיט בלוט אונ טרערין;
ניט אין לייפּציג געדרוקט, נאָר אין גלות אין שווערין;
ניט אין גאָלדשניט געבונדען, נאָר אין קעטען אונ אייזען...
לאָז מיר כאָטש איינער קוממען אונ ווייזען.

# יהודה־לייב גארדאָן.



**יהודה־לייב גאָרדאָן** (יל"ג) — באַוואוּסטער העברעאיש־אידישער דיכטער. געבאָרען אין ווילנאַ אין יאָהר 1830, געשטאָרבען אין פּעטערסבורג אין יאָהר 1892. יהודה־לייב גאָרדאָן איז געוועזן איינער פון די פאָרביסענסטע געגנער פון אידיש. דאָך האָט עס איהם ניט אָפּגעהאַלטען פון צו שרייבען לידער אין אידיש. אין 1886 איז אין וואַרשוי ערשינען זיין אידיש ביכעל אונטער'ן נאָמען „שיחת חולין", אין וועלכען עס געפינען זיך גאַנץ שעהנע לירישע לידער, קרעפּטיגע באַלאָדען און שאַרפע סאַטירען. דער טאָן פון וועלכע איז שטענדיג געזונט און פאָלקסטימליך. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 6, 47־48; **דר. מ. פינעס**, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור", 1, 111 ־ 119; ל. וויענער, "Yiddish Literature" אינדעקס; ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

## דיא יונגע יאָהרען.

(פראגמענטען)

שמיני עצרת צו מוסף פאַר חזרת הש"ץ,
אַז דער שמש ניט דעם שטאַנדער דען גרויסען פּאַטש,
אונ טהוט אַ געשריי: „זאָגט משיב הרוח!"
נעהט יעדעם אַריבער איבערן לייב אַ סקרוּת;
יעדער פאַרשטעהט וואָס דיא פּאָוויעסטקע בעטייט:
דער זוממער איז פאַרביי, דער ווינטער ניט ווייט;
דיא לופט ווערט קאַלט, פאַרוואָלקענט דער הימעל;
דיא ערד ווערט בעדעקט מיט פּאָוויאַנעטע בלאַטטער;
אַפּין האַרצין ווערט טרויריג... אונ דער אַלטער ר' זימעל
זאָגט נביאות אין לוח פון ווינד אונ שלעכט וועטטער.

עה מען הויבט אָן צו זאָגען משיב הרוח,
ווער ווילל דאָס ניט אויף מאַכען דען אַלטען לוח
אונ נאָך אַמאָל חאָץ געבען אַ בליק,
וויאַ'ס האָט אויסגעזעהן מיט עטליכע בלאַטליך צוריק? —
וויא אַנדערש איז צום מוטה געוועזין דעם מענשען,
אַז דער זעלביגער שמש האָט געהייסען טל בענשען?
דענצמאָל איז געוועזן פּסח, יעדער איז זיך פראַהליך;
זיצט זיך אַפּין הסב־בעט וויא שלמה המלך,
טרינקט זיך די כוסות, פערגעססט אַז זיין נויט;
דיא ווייב איז שטילל, זיא בעט ניט אויף ברויט...
אויף דרויסען ווערט וואַרעם, עס קומט אַז דער זוממער;
דער הימעל, דיא ערד, דער מענש ווערט וויא נאַיי,
ער פערגעססט זיינע צרות, זיינע זאָרג אונ קוממער —
וויא גליקליך איז דער מענש אים פריי־יאָהר, אין מאַי!...

אזוי איז מיין קורצע לעבענסצייט,
אזוי איז מיין גלענצענדער לעבענסגליס.
עס נעהמט נאָר פּלוצלונג ארוים פון אייביגקייט,
און פאלט אין אייביגקייט געשווינד צוריק.



*

* *

נו, שווייג שוין, מיין קינד, זייא רוהיג, מיין נשמה,
איך האָב שוין געהערט פון גאָט א נחמה.
גאָט זאָגט: ס'וועט זיין צו דיינע צרות אנ'ענד,
ער וועט אויסלייזען דיך פון דער שטיפמוטערס הענד.
די מרשעת, די שטיפמוטער, וועט גאָט בעשטראָפען,
און דו מיין קינד, שווייג: צו גאָט זאָלסטו נאָר האָפען.
פאַר אַללע דיינע צרות, פאַר אַללע דיינע לייד,
וועט גאָט דיר בעצאָהלען מיט נחמות און פרייד.

נו, שווייג שוין, מיין קינד, וויש אָפּ דיינע טרערען,
דו זאָלסט מיך ניט מעהר פון מיין רוה שטערען.
גאָט וועט ערפילען זיין היילינגעס וואָרט, —
נו, קען איך שוין ליגען רוהיג אין מיין אָרט...

## מיין לעבענס-צייט.

פון מענשענס לייב בין איך ארויס,
מיט גרויס געשרייא, מיט גרויס געוויין.
אבער איצט אין דער ערד, מיין אייביג הויז,
וויל איך גאַנץ שטילל און רוהיג זיין.

אזוי ווי דורך אנ'אָפען טהיר,
ארויס אין גאַס פון איינגען שטוב:
אזוי גאַנץ רוהיג גיי איך מיר,
אראָפּ פון בעט אריין אין גרוב.

אָט באַלד איז מיין קורץ-לעבען אוועק,
אָט באַלד קומט אָן זיין לעצטע שעה:
ניט לאַנג זיין אָנהויב און שוין זיין עק,
אָט ערשט געוועזן און באַלד ניטאָ.

מיליאָנען יאָהרען זענען פערשוואומען,
איידער איך בין אויף דער וועלט געוועזן:
מיליאָנען יאָהרען וועלען אָנקומען,
און איך וועל מעהר די וועלט ניט זעהן.

עס טהוט אמאָל פון ים א שפּריץ,
א טראָפּען וואַסער פאַר'ן זונען-שיין,
און פאַלט געשווינד אזוי ווי א בליץ
צוריק אראָפּ אין ים אריין.

מיט בלוט פון הארצען האָב איך איהם ערצויגען;
כ'האָב איהם געוואשען מיט טרערען פון מיינע אויגען.
איצט צאפט מען זיין בלוט, מען ברעכט זיינע ביינער,
ער שרייט, ער וויינט, עס העלפט איהם ניט קיינער...

עס שטייען מענשען פון ארום אונ ארום
וואָס שווייגט איהר אללע, צו זייד איהר שטום?
ווען אייער הארץ איז פון אייזען אונ שטיין,
פון קינדס הייסע טרערען דארף עס צוגיין.

אט זעהט, די שטיפמוטער שלאָגט איהם אין קאָפּ;
זי דראפּעט זיין פּנים, בלוט רינט אראָפּ;
זי שלאָגט איהם, ווארפט איהם אויף די ערד אנידער;
זי בייסט איהם, רייסט איהם, ברעכט זיינע גלידער.

ער שרייט: אָ, מוטער! אָ, מוטער, העלף מיר!
ווען קענסט ניט העלפען, טאָ נעם מיך צו דיר...
שטייט אויף אללע טויטע, שטייט אויף געשווינד,
שטייט אויף אללע טויטע, ראטעוועט מיין קינד!

אללע טוידטע ליגען רוהיג אין זייער רוה.
צו גאָט'ס כסא־כבוד פליה איך באלד צו.
פון גאָט'ס כסא־כבוד וועל איך ניט אבטרעטען,
ביז ער וועט דערהערען מיין שרייען, מיין בעטען...

* * *

רבונו של עולם, וואו זענען דיינע רחמנות,
דער פאָטער ביזטו פון יתומים אונ אלמנות;
ווי קענסט דו זעהען, ווי די מרשעת,
גיסט אויס אויף מיין יתום איהר גיפטיגען כעס?

מיינע יונגע יאָהרען האָסטו מיר אָפּגעשניטען,
ביסט דו מחוייב מיין יתום צו היטען;
פון דיין וועלט האָב איך ניט געהאט פערגעניגען,
טאָ לאָז מיך חאָטש רוהיג אין קבר איינליגען...

ווי קען איך אין קבר איינליגען בערוהט,
ווען ס'רינט מיר אריין מיין יתום'ס בלוט;
ווי קען איך צום גרוב צוריק זיך אומקערען,
ווען מיין גרוב איז פול מיט מיין יתום'ס טרערען?...

איך זעה די ערד זיא איז בעדעקט,
מיט איהר גאנץ שיינעם גרינעם קלייד:
אָט ווערט אין מיר נאָך מעהר דערוועקט,
מיינע אַללע צרות, מיינע אַללע לייד.

עס זוזעט דאָס טייכל, ווי זילבער קלאָר:
עס רוישט דער וואַלד, עס ברוזט דער ווינד:
וויינט מיר דאָס הארץ, מיר דוכט זיך נאָר,
מען וויינט מען שרייט: אי וויי, אי ווינד!...

מיינע יאָהרען זענען פערשוואונדען,
אזוי געשווינד ווי איין וואסער שטראָם,
און פול מיט צרות פול מיט וואונדען,
פאללען זייא באלד אריין אין טיפען תהום.

איך בין אין דער וועלט תמיד א גר,
מיין הערצעסליידען פיהלט ניט קיינער:
איך בין ווי אַ שיפל וואָס שווימט הין און הער,
אין מיטען ים צווישען שפיציגע שטיינער.

פיל מענשען לעבען ווי פייגעלעך פרייע,
וואָס פליהען, וואָס שפרינגען, וואָס זינגען זיך אויס:
די וועלט איז זייא א מוטער אַ טרייע,
זייא שפילען ווי קינדער אין זייער מוטערס שויס.

איהר גליקליכע לייט, איך זינג ניט פאר אייך,
מיין טרויעריג לידיל איז פאר מיר אלליין;
אייער הארץ איז פרייליך איהר זייד מיר ניט גלייך,
איהר קענט נאָר דאָס לידיל ניט פערשטיין...

## די שטיפמוטער.

אפין בית־הקברות, אונטער א מצבה,
הערט זיך ביטער א קול פון א נקבה,
דאָס שרייט א מוטער: אַי ווייא מיר, אַי ווינד,
וואָס טהוט א שטיפמוטער מיין טהייערען קינד...

מיין גאנצעס לעבען, וואָס איך האב פערבראכט,
איז דאָס נאָר געווען א פינסטערע נאַכט,
מיין קינד איז מיר געווען מיין ליכט, מיין שיין,
איצט ליידעט עס נעבעך גרויס צרות און פיין.

# מיכל גארדאן.



מיכל גארדאן — איינער פון די שעהנסטע אידישע פאלקסדיכטער. געבארען אין ווילנא, דעם 4טען נאוועמבער 1823. מיכל גארדאן איז געווען ניט נאר א פאלקסדיכטער, נאר אויך דער גרויסער דיכטער פון אלגעמיינע און אויבינע אידייען. אזוי צ. ב. ש. הייבט ער זיך אויף אין זיין ליעד „מיין לעבענסצייט“ צו דער אוניווערסאלער גרויסקייט פון א וואלט וויטמאן, צו ווע־מען ער איז אזוי ענהליך אין דעם אויבען דערמאנטען ליעד. אין 1889 איז אין ווארשוי ערשינען א קליינע אויסגאבע פון זיינע ליעדער. געשטארבען איז מיכל גארדאן אין קיעוו, דעם 26טען דעצעמבער 1890. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 6, 47־48; ל. וויענער, “Yiddish Literature” אינדעקס; פרץ'ס „יודישע ביבליאטעק“, 1; דר. מ. פינעס „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור“, 1, 102 — 111; מ. ספעקטאר, „הויזפריינד“, 1890; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## מיינע יאהרען.

(פראגמענט)

איש זקן עני וגבה רוח\
— מרת נפשו לבו יודע —\
על שו סלע ישב לנוח\
מרוב עמל יעיץ ינע.\
על שן סלע ישב ויקונן\
ובמרי שיחו מר יתאונן.

מיינע יאהרען זענען פערשוואונדען,\
אזוי געשווינד ווי איין וואסערשטראם,\
אונ פול מיט צרות פול מיט וואונדען,\
פאללען זייא באלד אריין אין טיפען תהום.

דוא שיינע וועלט דוא ביסט נאר פוסט,\
ביסט פול מיט יאמער פול מיט קלאג;\
איך האב אין דיר נאך ניט געוואוסט,\
פון קיין שום פריילּיכען גוטען טאג.

די יונגע יאהרען, די שענסטע טעג,\
צום שיינעם פריהלינג גלייכט מען זייא:\
זייא זענען מיר מיט שטורעם אוועק,\
מיט שטארקע פרעסט מיט גרויסען שנייא.

דוא ליכטיגע זון ביסט שיין אן א שעור,\
דעם שיינעם פריהלינג האסט תמיד געבראכט,\
אבער נאר פאר יענעם ניט פאר מיר, —\
מיר איז דיין טאג א ווינטער נאכט...

## שירי בתולת בת יהודא.

אין רעם וויסטין מדבר פון בבל אויף אשטיין,
איז גיזעסין איינע בתולה איינער אליין,
דיא גאנצע לאנד ארום איר איז וויסט אונ לער,
זיא זיצט פאר קימערט אונ שלאגט אטרער נאך אטרער.

קעגין אווינט וויא זיא זיצט אזוי פאר טראכט,
אונ פון דיא וואלקענס האט זיך באוויזען דיא לבנה שיין,
האט ראס רעיתי דער קאנט אז דער טונקעלע נאכט,
פון וויטען איין איינגעל שיין וויא דיא זון...

א שיין פעניםיל מיט בלאנקענדע אויגין,
זיין גישטאלט איז וויא דער הימיל אין אהעלין טאג;
זיינע פים זיינען גיפליגין וויא א פייל פון בויגין,
זיין הארץ האט גירירט איר שרעקליכע קלאג.

— זאג מיר וואס דוא ווינשט שיינע פערעלע,
וואס קלעמט דיר דיין הארץ דיא איידעלע?
ווארום זיצט דא אין דער וויסטער לאנד? —
קום זע מיט מיר אין אבאזעצטע לאנד.

—„איין מאל האב איך גישווארין בייא דער עהרע פון מיין הערין:
פון דאנען אהין זאל איך זיך ניט צוריקקערין...
ניך פון מיין גיליבטען וועט איבער גיין דער צארין,
נאר אויף איין ווילע איז ער פון מיר אנטלאפין גיווארין“.

אויף דיא בערג האט אריינער ווינד ליבליך גישאלט,
דיא לבנה האט פונקטליך וויא דיא זון גישטראלט,
באלד האבין זיך גיפעלט אלע טרויער אונ קלאגין,
וויא פון א הארפע האט זיך גיהערט אזיסע שטימע זאגין:

— וויין ניט, וויין ניט דוא טייערע קינד,
דוא וועסט פון דיין אונגליק ניהאלפין ווערין גישווינד:
צוא איין פארלאזענע פרוי איז טרייסט פאראן, —
איך קעהר איר אום צוריק צוא איר מאן.

איך בין העכער איבער אללע פערשטאנד,
מיין נאמען „אמונה“ איז דיר וואול באקאנט.
„אבער ווייסטו ווער איך בין, דוא, מיין בעסטער,
דיא טאכטער פון „יהודא“ בין איך, דיין שוועסטער...“

# ישראל-מאיר וואהלמאן.

ישראל־מאיר וואהלמאן — העברעאיש אידישער שריפטשטעלער. געבארען אין יאהר 1821, אין מינסק. צווישען אנדערעם האט י. מ. וואהלמאן צוויי קליינע ליעדער־זאמלונגען אין אידיש, פון וועלכע איינע ⁄ געפינט זיך אין פרא־פעסאר ל. וויענער׳ס קאלעקציע אידישע ביכער פון הארווארד אוניווערזיטעט, אין קעמברידזש, ביי באסטאן. די מעהרסטע פון זיינע ליעדער זיינען פון א גאנץ קליינעם פאעטישען ווערט. גע־שטארבען איז י. מ. וואהלמאן אין זיין געבורט־שטאט אין יאהר 1913. ביבל. דר. גוסטאוו הער־מאן דאלמאן „יודישדייטשע פאלקסליעדער אויס גאליציען און רוסלאנד". לייפציג, 1888; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## קול ברמה נשמע.

(פראגמענט)

אף דעם ליבען בארג וואס גאט האט גירוהט,
איז ניגאנגען ירמיה הנביא מיט א צובראכינע געמיהט,
בעת דער פיינד האט זיך גיפרייט אין טאג פון שמערץ,
צוא באוויינען ציון אף איהרע וויסטע וועגט,
און צוא באקלאגין דעם בית המקדש וואס ער איז פאר ברענט.
זיינע אויגין זיינען פערוויינט אין וואונדען איז דאס הארץ.

זיין בלוטיגע הארץ וואס איז וויא וואסער צו רונען,
האט קיין טרייסט אונטען דעם גאנצען הימעל געפונען:
א פארשטויסענער קען זיך נאך אמאל טרייסטען.
אבער דער וואס ליבט זיין לאנד
און זעט איר אין צווייטענס האנד,
דיזער וועט ביז צום קבר וויינען און קלאגין:
אלע טרייסטער וועט ער פון זיך פאר יאגין,
ווייל דיא זון מיט דיא לבנה זיינען אים מיט איר אפ נישטארבין.

איבער דיא חורבות פון ציון וואס זיינען גיוועזן אמאל רייך.
איז ניגאנגען דער נביא. פון זיינע אויגין רינען וויא פון א טייך.
פיליכט וועלין אים אירע בערג א קבר געבין:
ווייל א טרייער זוהן וויל בעסיר האבין
אין זיין וויסטע לאנד צוא זיין באגראבין.
וויא צוא צוברייננען אין דער פרעמד אפירסטליכען לעבין...

שלום עליכם, גוטע פריינד !
שבת קודש איז דאָך היינט.
שלום עליכם, זיידעס, באָבים !
שלום עליכם, ליבער שבת.

## דיא גיטרייע פריינד.

צווייא הוכע בענק
שטעהן דאָרט שטאָלץ.
אוף זייא אין דער לענג
ליגט א שטיק האָלץ.

אובען און אונטען
שטייען מענטשען צווייא,
און א קלאָץ אגיזונטען
צווישען זייא.

איך טוה זייא פרעג,
זאָגט מיר בעשטימט,
וואָס זיננט עס דיא זעג,
און דער קלאָץ וואָס ברימט ?...

פאָרשטייסט ניט קיין זאך,
מענטש, שטיק לעהם.
דאָס איז זייער שפּראך,
א סוד ליגט אין דעם...

אין דעם ברימען באשטעהט,
דיר מענטש א ווינק.
אז פון דאנען אברעט
דינט דיר צו אלדינג :

פון איר מאכסטו א ווינעל;
א קאמאָדע א גוטע ;
אז ארעם צו א שפיגעל;
א בעט און א מיטה...



שבת פרעלעך, ווערט ער א מלך
און קנאקט שלום עליכם וויא א סאלאווייא.
שלום עליכם מלאכים פיינע
א. ז. וו.

דער שניידער ווערט גאר איבער גיקערט —
וועק גילעגט שער און אייזען.
ויין אוף קידוש, בראנפען, א חידוש;
חלה און פיש איז דא וויא באם גרעסטען בעל בית.
זיין קול, זיין לידעל איז א ריינע פידעל,
דאס חזירט ער אויס באם גינייא.
שבת פרעלעך, ווערט ער א מלך
און קנאקט שלום עליכם וויא א סאלאווייא.
שלום עליכם מלאכים פיינע
א. ז. וו.

אוף יעדען בעל מלאכה, קומט א ברכה,
מיט ברכה איז פילל און פילל זיין הויז;
תענוג האט ער, פון יעדען מער,
שבת ריהט ער זיך דיא ביינער אויס...
איטליכער יוד איז גענביך מיעד,
איטליכעס ביינדעל טיהט איהם ווייא.
שבת פרעהליך, ווערט ער א מלך,
און זאגט שלום עליכם וויא א סאלאווייא.
שלום עליכם מלאכים פיינע
א. ז. וו.

דערקענט גאר פארט ר׳ יאחצין דארט,
דער גרוסער קבצן איז ער דאכט זיך מיר.
קיק אים גאר אן — גאנץ אויבען אן,
וואס זאגסטו אוף איהם? ווי גיפעלט ער דיר?
סאיז גאר קיין חידוש אוף זיין גרוסען קידוש —
ער האט א גאסט, זעה נאר, זעה:
דער שבת דער פיינער איז דער גאסט זיינער,
קנאקט ער שלום עליכם וויא אסאלאווייא.
שלום עליכם מלאכים פיינע
א. ז. וו.

שלום עליכם, מלאכים פיינע!
שלום עליכם, מלאכים מיינע!
שלום עליכם, ווייב און קינד!
שבת קודש איז צו גיזינד.

זאָל איך אפשר קלערען,
אַז זיא מיינט עפּיס דער בייא? —
מיר זאָגען פּאָרט דיא טרערען, —
זיא איז מיר באמת גיטרייא.

נאָר א שרעקליכר גידאנק
קומט מיר פּלוצים אופען מת —
טאָמער איז דאָס ניט אוף לאַנג —
גייט מיר אוס מיין כח.

## דיא פאלשע האָפנונג.

(פראגמענט)

דיא וועלט איז גרוס, דיא וועלט איז ווייט,
דער מענש׳ זוכט נאָר זיין גליק־שטערען:
דיא האָפּפענונג טרייסט אים אין דער שלעכטער צייט:
עס וועט דיר שיינען, דיא וועסט אוף גירעכט ווערען.
גילדענע בערג זאָגט זיא אים צו:
טויזענדטער מאכט זיא אים פון איין גראשען —
וויא א פונק פייער, אזו איז זיא. —
אַט שיינט זיא, אַט לייכט זיא, אַט ווערט זיא פערלאָשען;
זיא בעווייזט זיך אין געטליכען גישטאַלט:
זיא קוויקט אים איטליכעס אבר... —
אזו ווערט ער גרא, אזו ווערט ער אַלט,
אזו באַלייכט זיא אים אין קבר.

## שלום עליכם.

(פראגמענט)

שלום עליכם, מלאכים פיינע!
שלום עליכם, מלאכים מיינע!
שלום עליכם, וייב אונ קינד!
שבת קודש איז צו גיזינד.
שלום עליכם, גוטע פריינד!
שבת קודש איז דאָך היינט.
שלום עליכם, זיידעס, באָבים!
שלום עליכם, ליבער שבת.

א גאנצי וואָך וואו א לאָך
איז דאָך פיל אַט דער יוד.
ער לויפט, ער יאָגט, דאגות טראָגט,
טאָג אונ נאכט ווערט ער גאָר ניט מיער.
טרינקען, עסען: גאָר פאר געסען,
ער ציהט פון זיך ארויס דיא קלייא.

# שלום בערנשטיין.

שלום בערנשטיין — איינער פון די פאָפולערסטע אידישע פאָלקסדיכטער. געבאָרען ארום דעם ערשטען פערטעל פון 19טען יאָרהונדערט, אין קאמעניץ־פאָדאָלסק, רוסלאנד. מאַנכע פון זיינע ליעדער ווי די „יונגע טרעהרען" און אנדערע, האָבען א זעלטען פיינעם לירישען ציטער, וואָס דערצעהלט פון גרויסער אויפריכטינער דיכטונג. אין 1880 איז אין ווארשוי ארוים א זאַמלונג פון זיינע ליעדער מיט'ן נאָמען „מאָגאַזין פון „יודישע לידער". געשטאָרבען איז שלום בערנשטיין צווישען די זיבעציגער און אכציגער יאָהרען, ביבל. ל. וויענער "Yiddish Literature" 88־85־83־82 ; ז רייזען, „לעקסיקאָן".

## יונגע טרערען.

(על משכבי בלילות)

עס האָט שוין 12 גישלאָגען,
עס איז שוין האַלבע נאַכט.
איך ליג נאָך פארטראַגען,
איך ליג נאָך און טראַכט:
איז דען שוין ניט צייט
אנשלאָפין צו ווערען? —
פון שלאָפין בין איך ווייט, —
דיא אונן גיססען טרערען.

דיא לבנה שיינט איבער מיר
מיט איהרע בלאססע שטראַהלען,
עס שלאָגט שון זייגער פיר —
מיין שלאָף איז שון פערפאַללען.
זיסע חלומות שוועבען,
פערגרעססערן מיינע ליידן,
אוי! א ביטער לעבען —
מיט דיר אין חולם צו ריידן...

פלוצים זעה איך לייכטען,
וויא דער מאָרגענשטערן, —
איך ווייס ניט וואָס צו טראַכטען,
איך ווייס ניט וואָס צו קלערען...
איך זעה דיך פאַר מיר,
וויא א מלאך שטעהן, —
איך טיה מיך נאָר א ריהר, —
אוי! ס'איז א חלום גיוועזן.

דאָס הארץ וויל ניט ריהן,
איך האָב מיך אומזיסט גילעגט,—
איך וואַך — חלומות פליהן, —
דאָס קישען איז אוים גיוויינט.
אזו טריקען איך מיר אליין,
מיינע הייסע טרערען,
ביז דיא זון הייבט אָן אויף גייז,
עס הייבט אָן ליכטיג ווערען.

דיא זון איז שון אויף גיגאַנגען,
באַלייכט מיין פינסטערן גייסט;
איך הער דיא פייגעלעך זינגען,
יעדעס אין זיין נעסט.
— טייערע פייגעלעך פליהט,
צו מיין נשמה אומגיטראַכט,
זיא האָט אודאי אויך ניט גיריהט,—
וויא איך, דיא נאַכט פארבראַכט.

איר פייגעלעך קומט באַלד צוריק,
און זאָגט מיר וואָס זיא טוהט. —
צו זיצט זיא אומידיק,
צו פרעהליך, שטיל און באַרוהט?—
איר וועט זיא דער קענען אופען אָרט:
פערטראַכט און אָן גלעהנט,
זיצט זיא באַם פענסטער דאָרט,
און דיא אויגען זענען איר פאַר
וויינט...

„אויף מיין האַלז טראָג איך, — איך בין עס נישט אימשטאַנד —
אַך! דיא שווערע געזעצע פון דעם לאַנד:
אויף מיין מויל טראָג איך א שלאָס א שווערען —
איך טאָר נישט רעדען, איך מוז נור אַלץ הערען.

„נור דער טוט קען מיר היילען דיא ווינדען, —
איך וואָלט עס געטיהן, נור איך בין געבינדען,
ווענען מיין ווייב און קינדער טראָג איך אַלץ דעם יאָך —
וואס ווילסט דיא, מענש! מענש! וואָס ווילסט דיא נאָך?!

עס הערט איהם צו יעדער וויא ער נעביך קלאָגט,
בעדויערט איהם וויא ער איז שטארק געפּלאָגט,
אין טוהט א זיפץ און געהט אַוועק באלד — —
און ע ר געהט ווייטער אין שרייעט געוואלד.

עס בעגעגענט איהם איינער מיט רחמנות פּאַרט,
טרייסט איהם און זאָגט איהם דאָס גיטע וואָרט: —
„קים מיט מיר וועסט דיא פערגעסען אין דיין נויט,
בא מיר וועסט דיא רוהען — איך בין דער טויט“.



דיא מענשען קערען זיך אים צוא דער ערד
אין דיא ליעבע ניט.

איך וויל נישט הערען וואס מען רעד,
איך וויל נישט וויססען ווער דיא ביזט:
עס ציהט מיך צו דיר איין מאגנעט,
וויא א קינד צוא דער מיטטערס בריסט...

## דער טרעגער.

עס געהט איין ארים מאן, דרעהט זיך הין אין הער,
קלאגט אין שרייעט עס איז איהם צו ערטראגען שווער:
„דיא משא בייגט מיך צו דער ערד" — קרעכצט ער נור אין וויינט —
„איך וויים נישט וואס דער הערר גאטט מיט מיר מיינט..."

עס פרעגט איהם יעדער — ווער איהם טרעפט: —
ווער ביזט דיא אין וואס איז דיין געשעפט?
טאג אין נאכט געהסט דיא קלאגסט נור אין וויינסט,
אין קיינער וויים נישט וואס דיא דאמיט מיינסט.

„איין ארימער טרעגער בין איך" — ענפערט דער מאן.
„שלעכט איז מיר, עס קאן ערגער נישט זאן:
הענד אין פים געבינדען אין בין זעהר קראנק, —
אין טראג דיא שווערע משא אזו לאנג".

עס זאגט איהם יעדער, ווער נור איהם אנקיקט: —
דיא ביזט גאר משוגע, דיא ביזט פעריקט!
איך זעה נישט דיא זאלסט זיין געבינדען, וויא דיא זאגסט, —
אין וויא איז דיא משא, וואס דיא טראגסט? —

„הער מיך צו, זאגט ער, איך וועל דיך מאכען קלאר —
אויף דיא פלייצעס טראג איך שון זעכצינג שווערע יאהר;
אויף מיין קאפ טראג איך מיין עלענד אין מיין נוט. —
דיא שווערע דאגה — וויא נעמט מאן א שטיקעל ברוט".

„אין מיין הארץ טראג איך מיין ווייב אין קינד,
אין פין דער ליעבע נאך איין אלטע ווינד. —
איך בין שון אלט דיא ווינד שפיר איך דאך —
וואס ווילסט דיא, מענש! מענש! וואס ווילסט דיא נאך?!

דואַ שענע לבנה מיט דיין פראַכט,
דואַ קיקסט דיך איבעראַלל,
ווען עס אוז שטילל בא דער נאַכט
פערדעקט מוט דער שווארצער שאַלל.
דיא געהסט דיך אוים דוא גאַנצע וועלט
תמיד דאַרף דוא נעכט.
ווייסט נישט ערגעץ איין גנעצעלט,
וויא דעם גיטען אוז נישט שלעכט? —
מיזעהט זיא אין א וואָלקען באַלד פערגיין --
זיפצט אין ענטפערט: „ניין, ניין".

זאַגזשע דוא מור, מיין זעעלע פאַרט,
ליעבע אין האָפפנונג דערנעבען:
וויא דוא זין געהט אויף יעדען אָרט,
וויא געפינט מאַן ארוהיג לעבען,
וויא קיין שלעכטס איז נישט דערבייא,
מילעבט נאַר אין פריידען:
פון זינד אין זאָרג אוז מאַן פרייא,
פון צרות אין פון ליידען? —
זע געבען אללע איין אַנטוואָרט: —
רוהיג לעבט מאַן אין הימעל דאָרט.

## דער אומגליקליכער פערליבטער.

(פראַגמענט)

אך! דאָס איינע וואָס מיך קוועהלט,
מאַכט מיר דאָס לעבען ביטטער:
אך! דאָס איינע וואָס מיר פעהלט,
בעצאָהלען מיר נישט מיינע גיטער.
דער ליעבעס שטיממע מיט שיינעם געזאַנג,
הער איך פין יעדען עק.
נאָך יעדען טאָג וואָס נייט אוועק,
טיהט מיר זייער באַנג.

וואָס טוג מיר דער יוחס, דער שיינער ראַנג —
מעהר פין א מענש בין איך ניט.
איינם גלאַנצט פאַר מיר זייער בלאַנק,
צים הימעל לענקט איהר שריט.
דער גילדענע יוחס האָט דיך קיין ווערטה,
נישט דאָס איידלע בלוט:

# װעלװעל זבארזשער.



**װעלװעל זבארזשער** (בנימין־װאלף **עהרענ**קראנץ) — גאליציש־אידישער פאלקסדיכטער. **גע**בארען אין זבאראזש, גאליציען, אין יאהר **1819**. (לויט דער יוד. ענג. ענצ. 1812). איז געװעזען אײנער פון די שעהנסטע פאלקסדיכטער, **װאס האט** געװירקט אויף דער װײטערדיגער ענטװיקלונג פון דעם אידישען ליעד. זבארזשער **איז יאה**רען לאנג ארומגעפאהרען איבער גאליציען, רוסלאנד און רומעניען, װאו ער האט **פארגעלעזען** און פארגעזונגען זײנע ליעדער. זײנע ליעדער „דער עלענדער זוכט דיא רוהע“ און דער טרענער באלאנגען צו די שעהנסטע מוסטערען פון דער אלטער אידישער פאעזי. געשטארבען איז ער אין קאנסטאנטינאפאל, אין יאהר 1884 (לויט **דער** יוד. ענג. ענצ. 1882). ביבל. ל. װיענער “Yiddish Literature” 79-80; יוד. ענג. ענצ. 5, 73-74; **ז. רייזען**, „לעקסיקאן“; דר. גוסטאװ הערמאן דאלמאן, „יודיש דײטשע פאלקסליעדער אוים גאליציען און רוסלאנד“ לייפציג, **1888**.

## דער עלענדער זוכט דיא רוהע.

**זאג מור, איך בעט דיך, דוא װינד,**  
**דוא שװעבסט דיך אויף דער גאנצער װעלט.**  
**װייסט נישט װיא דער עלענדער זיך געפינט**  
**ציא רוהען אנגצעלט;**  
**װיא רציחות האט אויף געהערט,**  
**מ'האט קיין מאל נישט געקלאגט,**  
**װיא קיין אויג האט נישט געטרערט,**  
**דער גערעכטער װערד נישט געפלאגט?**  
**דער װינד שװייגט און בלייבט שטילל שטיין,**  
**זיפצט און ענטפערט: „ניין, ניין“.**

**זאג מור, דוא טיפעס, דוא גרױסעס מערר,**  
**דוא שטראעמסט אזו װאט**  
**בא דיינע אונזלען הין און הער, —**  
**װייסט נישט ערגעץ אין אזאט,**  
**װיא דער פרימער געפינט א טרייסט;**  
**צו רוהען אזיכער ארט:**  
**װייסט נישט װיא דוא שטאט הייסט?**  
**זאג דאס גימע װארט. —**  
**דער ים שטארימט און ברימט: „ניין,**  
**איך האב זוא איין ארט נישט געזעהן“.**

קומט דער טויט אין איין איינגענבליק.
אונ דיא גרוב פארדעקט אלדינג...

וואָס זענען דאָס פאר איין ביינער,
וואָס איך האָב דאָ גיפונין? —
עס איז גיוועזן איין מענטש איין שיינער
וואָס ער האָט זיך איבער גנימען.
ער איז גגאָנגין אויסגיצויגין
כדי ער זאָל אוים ווייזין העכער:
אויף דעם אורט פון דיא אויגין
זענין צווייא טיפע לעכער.

מענטש, דיא מענש, אז דיא האָסט גילעבט,
ביסט אקעגען מיר גיוועזן גישוועבט.
איצט ליגסטו וויא איין שטיק האָלץ,
גאָר אָן קראפט אָן שטאָלץ...
דיא האָסט זיך נישעמט מיט מיר
דורך דיין פיל האָב.
אצונד ליגסטו אונ גוסט דיך קיין ריהר,
ווען איך דיין קבר גראָב...



מכלשכן דאַ וויא איך זיץ
דער האַגיל קומט מיט גרוס שטאַרים
דער ווינד רייסט אום אליביימיר
אונ איך לוג אין דרוסין אַרום
איך נעבעך זינדוגער שומר

ווינטער ווער שמיסט אין דיא גרוסי פרעסט
ווער איך נעבעך פאַר פרורין
דאַ האָב איך שון וויסטע קעסט
אז פאַרקאַוויט ווערין מיינע אוערין
מענטשען זעטען זיך מיט דעם שלאָף דעם גישמאַקין
אונ יעדער אוף זיין גילעגער
פון דעם פרוסט הער איך דעכער קנאַקין
פון דעם פרוסט בלייבט שטיין דער שטאָט זייגער.

נאָר מיט איינם טרייסט איך מיך
וואָס עס לאָזט מיר ניט צוא קיין דרימיל
גאָטס ווערק זעה איך
אונ בטראַכט דעם הימיל
עס איז נאָך פינסטער אין אלי ווינקלין
אונ אין מזרח שיינט שון לעכט
איך זעה דיא שטערין פינקלין
אונ אין מזרח איז שון טאָג רעכט

דיא לבנה מיט דיא שטערין
אונ דער הימעל איז ביים ריינעם קאָליר
אלי חיות טוען אין דיא נעסטען אריין זיך מערין
אונ לופין פאַר בייא פאַר מיר
דער האָן לאָזט הערין זיין קלאַנג
אונ פון דעם הימעל פאַלט דער טויה
דיא נאַכטוגאַל לאָזט הערין איר גזאַנג
אונ איך מוז שרייען ווערד אויה.

## איין ליד פון איין גרעבער.

גרוב, דיא גרוב, דיא בייזי זאַך,
ביסט פון אלעם פון דער וועלט אַם ערגסטין.
הן פאַר אָרום, הן פאַר רייך,
אפילו פאַר דעם שטאַרקסטין.
ווען איינער איז שון בייא דעם גרעסטין גליק,
אונ דאָס גרעסטי איז בייא אים גרינג,

## איין ליד פון איין וועכטער.

איך נעבעך ארימער וועכטער
איך לוג איין דרוסען אונ טראכט
פון א יעדען מענטשין איז מיר שלעכטער
ווייל פאר מיר איז ניט דיא נאכט
איין מינץ בשעפעניש אוף דער וועלט
רוהט אונ דער נעסט וואס עס האט
אונ איך לוג אונ דרויסען ביים גיצעלט
אוף מיר איז נעבעך איין שטראף פון גאט.

גאט זיסער גאט דוא האסט דיא וועלט בשטאט
אוף אזו איין אופין
אפילו דער פון דעם קלענסטין גראד
זאל בייא נאכט שלאפין
פאר וואס זאל איך זיין אזו זינדיג
פון דיר שלאפען צוא האבען קיין נחמה
איך לוג אין דרוסין בשטענדיג
איך נעבעך זונדיגע נשמה.

בייא טאג בין איך איין טרעגער
אונ בייא נאכט איין ווארטאוניק
וויא איז נאך פאר האנין ערגער
אליץ אוף צוא זיין שטיק אוף שטיק
איך זאל מיר אום רוהען מייני ביינער
וואלט איך גידאנקט גאט
אז עס גייט דורך איינער
מוז איך שרייען אכטא יוראט.

שלאף זיסער שלאף דוא טייערער ברודער
מענטשען שטארקסטו מיט דיין קראפט
רוה איך אום מייני גלידער
האב איך אין מיר נייעם זאפט
כדי אוף דער ערד דיא הארטע
וואלט איך מיך דער קוויקט מיט דיר
איך מוז גיין אוף דיא ווארטע
אונ פאר וואגילט ביסטו שלאף פון מיר.

זימער ווער שמיסט אונ שלאקס רעגין
אונ אוף דער דינער מיט דעם בלויץ
דער דינער איז אוף אלע וועגין

# בערל בראָדער.

**בערל בראָדער** (מאַרגאָליס) — איינער פון די ערשטע אידישע דיכטער אין גאַליציען און פון דעם קרייז פאָלקס־וויי־קעלער זינגער, וואָס זיינען באַקאַנט מיט'ן נאָמען „בראָדער זינגער". געבאָרען אין בראָד אין יאָהר 1817. איז אויך גע־ווען איינער פון די ערשטע פערזענליכקייטען מיט וועמען דאָס אידישע טעאַטער האָט זיך אָנגע־פאַנגען אין גאַליציען. פיעל פון זיינע ליעדער האָט בערל בראָדער ניט נאָר אָנגעשריבען און אָבגעדרוקט, נאָר אויך געזונגען מיט אייגענע פאַרפאַסטע מעלאָדיען און גאַנץ אָפט פערזאָני־פיצירט זיי אויפ'ן שטייגער פון טעאַטער, האָ־בענדיג אליין די ראָלען דורכגעפיהרט. געשטאָר־בען איז בערל בראָדער אַרום 1880 אין פּליעשטש, א קליין שטעטעל אין רומעניען. אזוי האָט דריי יאָהר נאָך זיין טויט דערצעהלט אַן אַלטער וואַנ־דרער, וואָס איז פון דאָרט געקומען. דאָס ערשטע און דריטע ליעד ווערען געבראַכט פראַגמענטען־ווייז, צוליעב זייער שטאַרקער צוציינגענקייט. ביבל. „מיטטיילונגען צור אידישען פאָלקסקונדע"; א. ליטווין, אין „צוקונפט", דעצעמבער, 1914.

## אַ ליד פון דעם גילדענים מאַרגין.

צו'ם גאָלדינים מאַרגין ער וועקט אייך גרוס און קליין,
און דאַנקט דעם לעבידיגען גאָט!
ווען דיא זין הייבט נאָר אָן אויף צוא גיין,
דורך זיין גיבאָט.

אַך מאַרגין מיט דיין אָנקומין,
דיא טוי דער קוויקט גאָר דיא ערד;
אַך וויא שיין איז דאָס און אָנגינומען
דאָס גיזאַנג פון פייגעל אַז מען הערט.
דאָס גראָז איז ביי'ם קאָלער ריין, גרון,
און דאָס קנאַריקעל שוויפּטשעט,
עס הייבט אוך אָן זומין דיא בוהן
און דאָס קליינע הינדעלע פּושטשעט.

דער בושעק איז שון פון דער נעסט אַראָפּ גיפלוגין;
און דיא נאַכטיגאַל גיט אַרום איר הוכען קלאַנג...
איר מענשען רייסט אייך אויף אייערי אויגין
און דאַנקט און לובט גאָט מיט איין גיזאַנג!...

גליקליך, ווער עס האט אויף קיינעם קיין שלעכץ גיטראכט;
גליקליך, ווער עס האט איז פרומקייט זיין לעבין פארבראכט.

גליקליך, ווער עס האט גיזוואוסט תמיד זיין ארט;
גליקליך, ווער עס האט קיינעם ניט אן גירירט מיט א ווארט;
גליקליך, ווער עס האט זיינע תאוות פאר בויגין.
אונ איז מיט זיינע גידאנקין צו דיר ארויף גיפלויגין.

## צום טויט.

(פראגמענט)

פאר דיר בייזער שררה! — בעקלערענדיג איז א שרעק —
לייגט דער גרעסטער העלד זיין גיוועהר אוועק;
דער קארגער זיין בייטיל, דיא חכמה איר לוין;
דער פארליבטער זיין ליבע, דער קעניג זיין קרוין.

## אליעזר־צבי צווייפעל.



אליעזר־צבי הכהן צווייפעל — באוואוסטער העברעאיש־אידישער דיכטער און פובליציסט. געבארען דעם 15טען אפריל, 1815, אין סאהיליעוו. ווי געטלאבער און אנדערע געצעהלטע העברעאישע שריפטשטעלער פון יענער צייט, האט זיך אויך צווייפעל באצויגען צו דער אידישער שפראך מיט א באזונדערער ליעבע. געשטארבען איז ער דעם 18טען פעברואר, 1888, אין גלוכאוו, טשערניגאווער גובערניע. די פאלגענדע צוויי סטראפען זיינען אן אויסצוג פון זיין סאטירישער פאעמא „אהער און אהין“. איך ברייננג דא זיינע ליעדער פראגמענטענווייז, ווייל די מעהרסטע פון זיי זיינען אזוי לאנג, אז ס'איז אונמעגליך איבערצודרוקען זיי אין גאנצען. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 12, 707־708; דר. מ. פינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור“; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## אהער און אהין.

איך בין שוין אלט, מיט יאהרען זאט,<br>
בין שוין אריבער דעם וועלט־ים כמעט;<br>
ס'זעהט זיך שוין דער ברעג וואו מע דארף אראפ. —<br>
איך האב נאך מיין הארץ, האב נאך מיין קאפ,<br>
פאר אלעס, וואס גוט, האב איך נאך זין,<br>
אבער דאך האלט איך ביים געהן שוין אהין.

פילערליי בלומען געפינען זיך אין א קייזערליכען גארטען,<br>
טייערע, זעלטענע שאנע, פון אלערליי סארטען;<br>
אין גאט'ס וועלט זיינען דא פערשיעדענע גלויבען,<br>
אלע דאנקען און בעטען גאטט פון אויבען;<br>
ס'קען זיין אייניגע פעהלען, האבען א טעות דערין,<br>
אבער צילען — צילען אלע גלייך ארויף אהין.

## ודוי.

(פראגמענטען)

ווענען מער וויא דיר, בין איך באקאנט, —<br>
שטענדיג האסטו מיך גיפירט פארין האנט.<br>
אין גימיינהייטין האב איך פערצערט מיין לעבין,<br>
אויף דיר האף איך מיינע זינד מיר פאר געבין.

גליקליך איז דער וואס האט ניציילט זיינע טריט;<br>
גליקליך, ווער עס האט זיין צונג פון שלעכץ גיהיט;

אוים חסידות, אוים קלויז,
א כל־בויניק, נעמט גרויסע פּראצענט:

מיין חסיד, איהר זעהט?
נעהט דייטשעם געקליידט,
און דאָס ווייב זיינס, אז אַך איהר און וועה!
ער האָט זי שוין פיינט,
און זאָגט שוין גאַר היינט,
אַז מע דאַרף ביי זיך האָבען נאָך צוויי...

פון צדקה ווער שמיסט?
די טרחה איז אימזיסט —
מע דאַרף רייסען איהם פון די צאָהן...
פּרענט מיך נישט מעהר,
„ווער איז ער אָט דער?"
אוי, איהר ווייסט איהם, איהר קענט איהם אליין.„



דער דאָזיגער קנעכט ?
— כ'וויל אכט הונדערט מאָל טויזענד גילדיין ;

עס איז קיין סך געלד, —
און וואָס אין דער וועלט
וועט ער מאכען דיר קריגען אלסדינג : —
דו ווילסט דיר א הויז, —
אָט בויעט ער דיר אויס,
מיט דעם קיק ווערד זי פארטיג גאָר גרינג !"

— מע דערקענט אין איין בליק,
ער איז איין אנטיק...
וויפיל טעג דאַרפסט דו בויען א הויז ?
„א הויז ? וואָס הייסט דאָס,
וואָס קלעקט דאָס מיר וואָס ? —
אויב דו ווילסט, בוי איך א שטאָדט דיר באלד אויס.—

„פארגעס ניט דאָס אויך,
אז ניט מיט קיין כח
טהו איך מאכען אלסדינג, וואָס איך מאַך;
די האנד מיינע שאפט,
מיט הימלישען קראפט,
און מיר העלפען מלאכים א סך.

„דו פריץ, גיב געלד, —
איך מאַך דיר א וועלט,
עס ווערד פארטיג ביי מיר אין איין נאכט..."
דער פריץ הערט אויס,
און צעהלט געלד איהם אויס.
נאָר מיין חסיד האָט לאנג נישט געטראכט. —

דער קנעכט איז פערקויפט,
דער חסיד אנטלויפט,
ער פערפיהרט אזש דעם „זייט מיר געזונד":
ער הערט נישט קיין וועלט,
ער האָט שוין היינט געלד —
אליהו'ן פערגעסט ער געשווינד...

מע זאָגט : אין א צייט,
ווי ס'פיהרט זיך ביי לייט,
האָט שוין קיינער דעם חסיד דערקענט ;
אויס חסיד אויס־אויס.

מיט אייער נאָט'ס כח...
וואָס? עס דאַרף אייך דען קאָסטען פיעל מיה?

איך גיב אייך דאָס וואָרט,
אָט דאָ אויפ'ן אָרט —
איך וועל פרום זיין, און עהרליך, און פיין;
און צדקה אָהן א שיעור,
וועט פאַלען פון מיר —
אזאַ צדיק ווי איך וועט ניט זיין!...

דער זיידע האָט געהערט,
האָט לאַנג ניט געקלעהרט,
טהוט א זאָג באַלד צום חסיד גאַנץ שטאַרק:
— דו נעם מיך און בינד
און פיהר מיך געשווינד
אַפּ אהין, ווי עס שטעלט זיך דער מאַרק.

און פרעג נאָר דאָרט רעכט,
וועד דאַרף זיך א קנעכט,
וואָס קאָן אלסדינג טהון אין דער וועלט?
פערקויף מיך, נישט טראַכט,
און גיך אָפּגעמאַכט
דו וועסט נעמען פאַר מיר אַ סך געלד!

„אוי זיידעניו, ניין!...
ווי קען עס געשעהן,
אַז א קנעכט זאָל פערקויפען זיין האַרר?
איך וועל עס נישט טאָן,
אייך פאַר א מיליאָן,
ניין, איך וויל נישט, איך קאָן ניט קיין צער!"

— דו שוטה, איך וויים, —
נאָר טהו, וואָס איך הייס,
מן הסתם אז מע שמיסט דאָ מיט דיר!
טאָ זיי ניט קיין נאַר,
דו ביסט שוין מיין האַרר —
שטעה ניט, נעם מיך און בינד מיך און פיהר!...

א פריץ דאָרט שטעהט,
דעם יודען דערזעהט,
אויף דעם מאַרק מיט א קנעכט דאָרטען שטעהן;
— וואָס קאָסט אָט דער העכט,

איז שווער ווי דער טויט —
און מע ווערד פון דעם גיך גרוי און אַלט..."

— אַט הער נאָר, מיין קינד,
דו ווייסט ווער מען ציינד
האָסט א זכיה פאר זיך דאָ צו זעהן? —
איך בין... אנו טרעף,
פון הימעל דער שעף —
אליהו הנביא אליין!

איך וויים וואו א סוד,
איך האָב דורך א חאָד,
וואו דו ווילסט קאָנסט דו טרעפען מיך דאָרט:
איך וואקס פלוצים אוים,
אין איטליכעם הויז,
ווי מערעדט נאָר ארוים מיר א וואָרט.

און פסח ביים טיש,
צו קידוש, צו פיש,
צו די סדרים דורכאוים מוז איך זיין;
און גאנץ אויבענאָן,
דאָרט גרייט מען מיר אָן,
א בעזאָנדערען בעכער מיט וויין.

און וואו נאָר סע איז —
עס טרעפט זיך א ברית,
קום אהין איך צי לויפען נאָר גיך,
און פליה נאָך א חוץ,
ארים ווי א בליץ,
אימעטים בין דאָך איך דער שליח.

אַט היינט בין איך היא,
און מאָרגען גאנץ פריה —
אויף צוויי ברית'ען — דאָס מוז איך נאָך זיין:
אין אַלט־קאָסנעטין,
ביי דייטשעל אין וויען —
דאָ אי דאָרט איז דער ברית זייגער ניין.

„אוי זיידעניו הערט,
אז מיר איז באַשערט
אליהו'ן צי זעהן דאָ היא,
טאָ העלפטזשע מיך אויף

דאס אידישע פּנים איז איין אמת'ע שילד,
דארויף איז זיין געשיכטע אויסגעקריצט.
איך הער נאך דאס געוויין און זעה דאס בלוט,
וואס מיין פאלק האט פערגאסען יעדען טאג.
האבען זיי דען געהאט כאטש איין בערוהטע מינוט,
דאריבער וויין איך אזוי און יאמער און קלאג...

## איש חסיד.

באלאדע.

פאר גאנץ לאנגע צייט,
דערצעהלט מען ביי לייט,
איז א חסיד א פרומער געוועזן;
א חסיד, דאס הייסט,
ווי איטליכער ווייסט... —
דאס פערשטעהט איהר מסתמא אליין:

א ווייב, איין אנטיק,
און קינדער פינף שטיק,
נאר קיין ברויט איז אין שטיב ניט געוועזן:
דאס ווייב לאזט ניט רוה,
די קינדער דערצו:
גיב אינז עסען — מיר וועלען אויסגעהן!

ער געהט אום פערשמאכט,
ביז שפעט אין דער נאכט:
„אוי, ביז וואן איז דער שיעור מיר צו געהן?"
במחשבות פערטיפט,
ער הארכט ווי מען ריפט —
און דערזעהט פאר זיך עמיצען שטעהן.

מע ניט איהם די האנד,
אזוי ווי בעקאנט,
און מע פרעגט איהם וואס ביסט דו פערטראכט?
ער ענטווערט איהם שטיל:
„דער קאפּ איז מיר דיל:
אוי, פערשווארצט ווער איך טאג אזוי נאכט!

נאר צרות און לייד,
קיין עסען, קיין קלייד,
ווי נ'אפּסארני איז אין שטוב ביי מיר קאלט:
דאס שטיקעלע ברויט

# אברהם-בער גאָטלאָבער



**אברהם־בער גאָטלאָבער** (אב"ג)—העבּרעאיש־אידישער דיכטער און פּובּליציסט, געבּאָרען אין אלט־קאָנסטאַנטין, וואָהלינער גוב. דעם 14טען יאַנואַר, 1811. נאָך אין 1820 האָט ער אונטערן איינדרוק פון סענדעל לעפינ'ס כתבים געשריבּען ליעדער אין דער אידישער שפּראַך, וועלכע ער האָט אמת געליעבּט. איינינע פון זיינע ליעדער ווי „אַ זיפץ", די באַלאַדע „איש חסיד" און אנדערע זיינען געווען זעהר פּאָפּולער אין זייער צייט. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבּען איז דער אלטער דיכטער בּלינד געווען און האָט זיי צוגעבּראַכט איינזאַם. געשטאָרבּען איז אברהם־בער גאָטלאָבער אין ביאַלאסטאָק, דעם 12טען אַפּריל, 1899. ביבל. ל. וויענער, "Yiddish Literature" אינדעקס; יוד. ענג. ענצ. 6, 54־55.

## אַ זיפץ.

גיב מיר מיין יוגענד צוריק!
גיב מיר די קינדערשע צייט.
דאָס איז געוועזען מיין גליק,
יעצט איז דאָס גליק פון מיר ווייט.

איך האָב פון מיין כבוד געוויסט,
איך האָב נאָר די וועלט ניט
געהערט;
איך האָב מיך געשפּילט אויף דעם
מיסט,—
קיינער האָט מיך ניט געשטערט.

מיסט, איז אויך דאָס וואָס איך וויל,
אצינד אויף די עלטערע טעג,
עס מאַכט מיר דעם קאָפּ אבּער דילל,
איטליכער שטעהט מיר אין וועג.

וואָס איך וויל, וויל יענער אויך.
שטאַרקער פון מיר וויל ער נאָר:
מיר דאַרט נאָר תמיד דער מח,
עס ווערען מיר גראָה אלע האָאָר.

עס האָט זיך מיר חכמה פערגלוסט—
זיא צו דערלאַנגען איז שווער,
אצינד זעה איך — עס איז גאָר
אומזיסט. —
נאַרישקייט גילטען דאָך מעהר

מענשען וואָס בּענשען פאַר געלט,
לויפט מען נאָך און מען שרייט:
נעהם!
זעהט נאָר ווער געלט אין דער וועלט,
אייניקלעך פונ'ם „בעל־השם".

## איין קלאָג.

ניט נאָר דאַרויף וויין איך און קלאָג אצונד,
וואָס מיין פאָלק איז אין גלות דורכאויס:
עס טהוט מיר נאָך וועה נאָר די אלטע וואונד,
אז איך דערמאָן זיך נעהט מיר דאָס לעבּען אויס.
פאַר מיינע אויגען שטעהט מיר נאָך דאָס בילד,
וואָס מיין פאָלק האָט געליטען און ליידעט נאָך איצט:

דער ווײַלע ערלויבע דאָש אויף דיזע נאכט,
זאָל ווערין מיט דיר קיניגין שבת צו גיבראכט;
ביי איינעם מאָלצייט מיט דיר זיך פרייען,
זמירות זינגען, ביז דער האָן וועט קרייען...

נון ציהע מיט גליק מיט פריידען אונ פרידען,
אין די הייזער פון דיינע פרומע אידען:
מען ווארט שוין דארט אויף דיר שטונדין לאנג,
אום אויף צו נעמען דיך דארט מיט זאנג און קלאנג.

## איין ליד אויף שבת צו נאכט.

אַ. דער הייליגער שבת־איז שוין אוועק,
אונ מיט דער זיסע מנוחה נעמט שוין איין עק,
דען עס שליסען שוין איין די זארגין ווידער,
ווי נאנץ שווערע קייטין די מידען גלידער.

עס איז זוי צום מוטה ווי יענעם פאר ליבטען,
וואש וואר דארט אין דאש וואונדער לאנד עגיפטין,
פון זיינער היים גיליבטע ברויט אויף גיוועקט,
אויש דעם וויכען ווארעמען געלעגער אויף גישרעקט.

אום אריין צו שפרינגען אין דעם רוישענדען „ניל“,
גאנץ בעגינען אלס עס איז נאך דרויסין קיל;
אום אים אריבער צו שווימען גאנץ גיך אונ שנעל,
בעפאר עס ווערט אויש טאגין אונ ווערין העל.

אַ! צו וואש דאש זוכין דעם סמבטיון גאנץ וויט,
ווען מיר האבען איהם אין זיך אונ ביי דער זייט;
נאנצע זעקס טעג לייפט ביסטרע דער זארגענשטראם,
דורך דעם איינגען אונ העכסט שמאלען הערצענס בראם.

ער שלעפט מיט זיך הארטע זארגין וויא שטיינער,
וואש ברעכט דעם שווימער דעם מח אונ די ביינער;
ער רוישעט אונ לארעמט, זידעט אונ קאכט,
דאש אויש גרויש שרעק מיר דער נשמה פאכט.

דיזער שטראם רוהעט נור אין דעם הייליגען טאג,
דורך נאטעס בעפעהל דורך זיינען הייליגען זאג,
וואש צווינגט אונ קלעמט איין דיזעס רוישענדען מעער,
דאש ער זאל זיך נים קערין אהין אונ אהער.

אַ. וואלט שוין דער אייבינער שבת קומען,
דאש דיזער סמבטיון זאל אויף אימער שטומען;
דאש דיין פאלק ישראל דיינע פרומע אידין,
זאלין שוין זיין מיט זייער לעבין צו פרידען!

# אייזיק מאיר דיק.

**אייזיק־מאיר דיק** (אמ"ד) — אידישער און העברעאישער שריפטשטעלער. געבארען אין ווילנא, 1807. אלס משכיל האט ער געקוקט אויף אידיש פון אויבען אראפ. טראץ דעם האט ער פופציג יאהר פון זיין לעבען אבגעגעבען דער אידישער ליטעראטור, פון וועלכער ער איז ביז צו זעהר א הויכען גראד געווען דער פאטער און באשעפער. אייזיקמאיר דיק איז געווען דער ערשטער אידישער ראמאנען־שרייבער און וועלטליכער ערצעהלער, וואס האט גוט געקענט דאס אידישע לעבען און האט עס געשילדערט זעהר לעבעדיג און מיט ניט ווייניג הומאר. צווישען אנדערעם האט ער אנגעשריבען א רייהע ליעדער אין אן עכט אידישלאכען נאציאנאל־רעליגיעזען טאן. געשטארבען איז א. מ. דיק אין זיין געבורטשטאט, 1893. ביבל. „אידיש דייטשע ליטעראטור אין דייטשלאנד, פוילען און אמעריקא" פון מ. גרינבוים; ז. רייזען, „לעקסיקאן"; יוד. ענג. ענצ. A 576.



## איין ליד אויף פרייטיג צו נאכט.

א, דו שבת, דו הייליגער גיבענצטער טאג,
דו בעפרייער פון זארגען, פון קלאג און פלאג,
ציהע איין צום גליק מיט פריידען און פרידען,
אין די הייזער פון דיינע פרומע אידען.

נור צוליב דיר ווערען די טישען געדעקט;
די בלאנקע לייכטער מיט ליכט בעשטעקט;
דערצו נאך שענערע קליידער אנגעטאן —
יעדערער נאך זיין פערמעגען, ווי וויט ער קאן.

דען ווי מען ציהט נאר אן דעם שבת הוט,
בעקומט מען שוין נאר איין אנדערען מוט.
עס פאלען אראב אלע פינסטערע זארגען,
מען קימערט זיך ניט אום דעם איבער־מארגען.

מען בעקומט שוין גאר נייע געטליכע קרעפטען,
מען רעט שוין ניט מער פון וואכען געשעפטען;
אלע הענדע אין דיר רוהען און ראשען,
עס ווערט שוין רוהיג דאן אין אלע גאסען.

א, זעלבסט ביי דעם בעסטען און טייערסטען וויין,
ביי קיינעם באל קען מען אזא לוסטיג זיין,
ווי ביי דעם מאלצייט פון דעם פרייטאג צו נאכט,
וואס עס ווערט נאר צו ליב דיר שבת קודש געמאכט.

## ישראל אַקסענפעלד.

ישראל אַקסענפעלד — איינער פון די ערשטע בעדייטענדע אידישע שריפטשטעלער. געבאָרען אין פּאָדאָליען ארום 1798. פונקט אין געגענזאַץ פון לעווינזאָהנ'ען, האָט י. אַקסענפעלד בלויז אין אידיש געשריבען און האָט זיך פערהאַלטען צו דער אידישער שפּראַך מיט א באַזונדערער ליעבע. געשטאָרבען איז אַקסענפעלד אין פּאַריז, 1868. איך ברייננ דאָ אַ פּאָר פערזען פון איינער פון זיינע טעאַטער־שטיקער מיט'ן נאָמען „דער ערשטער אידישער רעקרוט". ביבל. דר. פּ. מינעס, „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור„: ל. וויענער, "Yiddish Literature" יוד. ענג. ענצ. 1, 314; ז. רייזען, „לעקסיקאָן".

### דער וואָילער יונג.

לאָזט מען מיך ניט אריין נעכטיקין,
מיך, דעם גיטין נחמן דעם גרויסין,
שלאָפט נחמן ביז אין טאָג אריין אין לעכטיקין,
טאָקע גיט אף אוואָגין אין דרויסין.
אמאָהל לייד איך הינגער אין קעלט,
איינער זידילט דער אנדערער שעלט,
נחמן שטעלט אלע ארוים א צינג,
אין טאַנצט מיט כלי־זמר אין מיט'ן רינג.

פרימילע איז א שען מיידיל אין איך האָב זי ליב,
אין דער פּאָטער לאָזט מיך ניט אריין אין שטיב,
אבער אף דער גאָס קיק איך זי אָן
אין זי קיקט אף מיר וויא די הין אף דעם האָן.
אמאָל לויף איך צי אין גיב א גלעט,
וואָס זי לויפט אוועק, דאָס איז ניט קיין נט.
פרימילע איז שען אין קליג, אקוראָט נאָך מיין מאָס,
מיין מאָס איז א ברייט אין אפּיל גלאָז.



# יצחק־בער לעווינזאהן.



**יצחק־בער לעווינזאהן** — העברעאישער שריפטשטעלער, פאטער פון דער השכלה אין רוסלאנד. געבארען דעם 2טען סעפטעמבער (לויט דער יוד. ענצ. דעם 13טען אקטאבער) 1788 אין קרעמעניץ, וואהלין,ביי א זעהר אנגעזעהענער פאמיליע. געשטארבען דארטען דעם 12טען פעברואר, 1860. ניט קוקענדיג אויף זיין פאראכטונג צו דער אידישער שפראך, איז ער דאך אין דער זעלבער צייט, געוועז איינער פון די ערשטע אין רוסלאנד, וואס האט אונדירעקט ארויסגערופען צו שאפען אן אידישע וועלטליכע ליטעראטור. די פאלגענדע סטראפען זיינען פון זיין איינציגען ליעד אין אידיש, און זיי ווערען דא געבראכט מעהר צוליב זייער שפראך ווי צוליב זייער פאעטישען ווערט. דאס ליעד געפינט זיך אין ילקוט ריב"ל (לעווינזאהן). ביבל. יוד. ענג. ענצ. 8, 42—45; ד. מ. הערמאלין, „לעווינזאהנ'ס ביאגראפיע"; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## אזו שמועסט לבן הכזבי אליין צו זיך.

עס לאזין זיך אוים דיא גוטע צייטען,
וואס איך פלעג אויף קהל רייטען.
זייא האבען גיגעסין מיט לעפיל,
און איך מיט שעפיל.

אז ביי מיר פלעגט זיין דיא אסיפה,
האב איך געהאט פרנסה בשפע, —
פערבייא דיא גוטע צייטען,
וואס איך פלעג אויף קהל ארום רייטען.

קהל וועט אויך באלד אוים ווערין,
וועט שוין מיין פרנסה גאנץ אויפהעריז,
איך וועל בלייבען אן געלד,
א פנים וויא חוזק בייא דער וועלט.

נאך ד א ס פעהלט מיר, פורים אין לאנד!
ער שטעהט שוין אונטער דער וואנד,
ער איז שאן גאר נישט וויים,
וואס וועל איך טוהן מיט דיא ארמע לייט?

אזו שמועסט לבן הכזבי אליין צו זיך,
דרעהט מיט דיא פינגער, שמיך, פיך, דיך,
און ניט א פייף, עס איז שוין ניט שלעכט,
און האט זיך דער ווייל דעם ספאדיק פערעכט.

זי פליהט אוועק, אונ זאגט זיך אין דער ברייט:
„פאהרט שוין, פאהרט שוין, פאהרט אייך געזונדערהייט“. —

גוטע ברידערלעך! לאזט מיך געמאך,
אזעלכע טובות, טהוט איהר אויך א סך. —

פלוצלינג קרייעט א האָן —
זי גיט איהם א חאפּ אָן.
און שלעפּט דעם חתן אראָב פון פערד,
צו דער ערד. —

שאה! שאה! וואָר פון זיי שטאַרקער ווייהעט,
האָט זיך די לופט מיט דעם ווינד געוועט:
עס ווערט טאָג, דער האָן האָט געקרייהעט.
„חתן לעב! די כלה וויל איהר בעט,
קום אריין, קום אריין,
ביזט שוין מיין, ביזט שוין מיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן עדן,
צו שיידען". —

מיט אייז קאַלטע ליפּען, ווי פגרים,
האָט זי זיין ציטערדיקע באַק געקישט.
ער פיהלט א ריח ווי פון קברים,
ער ווערט גאָר אין גאַנצען ווי פאַרמישט...
מיט פאַרגלייסטע אויגען,
צו דער ערד געצויגען,
האָט די כלה דעם חתן געפינגען,
דאָרט דרינגען...

## די פליג.

(פאַבעל)

א שווערער וואָגען מיט פעסער וויין,
איז פאַרפאָהרען אין א זומפּ אריין.
דער פוהרמאַנן האָט אלס אין דער וועלט געטיהען,
און די פערד האָבען נישט געקענט ארויסציהען:
ער האָט זיי גע'הרג'עט, געשמיסען,
די שטריק האָבען זיך אַזש צעררִיסען,
ער האָט ווידער געקניפּט און געבונדען,
פון די בידנע פערד די הויט געשונדען,
און ניין, און ניין, און ניין.
דער וואָגען בלייבט אלס שטיין. —
א פליג, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם וואָגען,
הייבט אָן, צו זיך אליין אזוי צו זאָגען:
„דער שוטה! קוקט גאָר נישט צו מיר אהער,
„אז איך מאַך דאָס דעם וואָגען אזוי שווער,
„איך וויל איהם אבער די טובה טיהען,
„און שוין פון דעם וואָגען אוועקפליהען".

און אנטלויפט מיט איהר געשווינד, און רייט,
אוועק ווייט. —

און רייט לאנג — זי זיצט שטילל דערנעבען,
ער וויעגט די כלה אויף די קניע:
— ביזט לייכט ווי א פעדער, מיין לעבען!
מאכסט דעם רייטער קיין ארבייט, קיין מיה".
— ווייל מיין ווייס קליידעל,
איז זעהר איידעל,
עס איז ווי געפיל דין און לופטיג,
נאר טיפטיג".

זי נעמט איהם ארום מיט גאנצער געוואלט,
א שוידער לויפט איהם דורך די גלידער:
— ביזט מיין לעבען! ווי א שטיק אייז קאלט,
דערוואַרעמט דיך מיין ליעבשאפט ניט ווידער"?
— אין ארעם ביי דיר,
איז גאנץ ווארעם מיר,
אין מיין בעט פריהרט איטליכעס אבר,
ווי אין קבר".—

זיי רייטען גיך דורך לאנקעס און וואלד,
בלייך בלישטשען די שטערען צוזאמען.
— און האטש דו ביזט פון דרויסען אייז קאלט,
אבער דיין הארץ אין דיר מוז פלאמען".
רודאלף לעב! ביזט מיין,
רודאלף לעב! בין דיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן עדן,
צו שיידען". —

און זיי פליהען נאך געשווינדער צו,
עס פליהען אויך אוועק די שעה:
„איך בין דערלייזט, איך געה אין מיין רוה,
איך האב מיין חתן, ער איז שוין דא.
דו ביזט אייביג מיין,
איך בין אייביג דיין,
אונז וועט קיין גיהנם, קיין גן עדן,
צו שיידען!" —
צו בלאהען הויבט אן אויף מזרח זייט,
און זיי לויפען איבער שטאק און שטיין,
שטיל ווערט די כלה פון צייט צו צייט,
און קעלטער, און קעלטער, מיין און מיין.

„וואַרט זשע ביי דער טיהר! — ווען צוועלף שלאָגט
קומט שטיל צו דיר וואַלהייד געגאַנגען,
אין אַ בלוטיג קלייד, פון ווינד געיאַגט,
אַזוי ווי דער שד גייט פאַרהאַנגען:
וואָרעם ווערט ערשט מיר,
ווען איך בין ביי דיר,
דערנאָך לויף מיט מיר געשווינד און רייט
אַוועק ווייט“.—

„גוט“, שלאָגט איהר רודאָלף איבער איהר וואָרט,
„איצט מעג איך מיינע זאָרג פאַרטרייבען,
לאָמיר נאָר זיין אויף איין אַנדער אָרט,
וועט אונזער ליעבשאַפט זיכער בלייבען:
מיין כלה ביזט די,
תיכף אין דער פריה:
גוט נאַכט, מיין האַרץ! לאָמיר זיך שיידען,
צו פריידען“.—

אויף דער באַק האַט נאָך דער קוש געגליהט,
און ער לויפט שוין איבער באַרג און טהאַל,
זי ווינקט איהם נאָך ווי ער באַרג אַב פליהט,
זי געזעגענט זיך צום לעצטען מאָל:
„רודאָלף לעב! ביזט מיין,
רודאָלף לעב! בין דיין,
אונז ועט קיין גיהנם, קיין גן עדן,
צו שיידען“. —

און ווי עס הויבט אָן נאַכט צו ווערען,
זיצט דער ריצערש אין פאַנצער אויפ'ן פערד:
בלייך בלישצעט דאָרט אין הימעל אַ שטערען,
גאַנץ טונקעל ווערט אויף דער גאַנצער ערד.
הינטען און פאָרענט,
דאָס פערד געשפאָרענט,
שטעהט ער און וואַרט אויף דער כלה'ס וואָרט,
אויף זיין אָרט. —

און ווי דער זייגער צוועלף שלאָגט,
קומט שטיל יענע וואַלהייד געגאַנגען,
אין אַ בלוטיג קלייד פון ווינד געיאַגט,
געהט זי אין גאַנצען פאַרהאַנגען.
ער גיט זי אַ האַפּ,
און דעם פערד אַ קלאַפּ,

זי ווילל אבער פון איהם נישט שיידען,
און אין מיטען דער נאכט,
האבען זיי אבגעמאכט
זיי זאלען די קייטען צו טראטעווען,
און' ראטעווען"—

„א מסור איז אבער געלאפען,
דעם גראף דערצעהלט די מעשה גאר בולט:
דעם חתן אויף דעם וועג געטראפען,
האט א גזלן און געקוילעט,
נישט ווייט פון דאנען,
איז זי געשטאנען,
זי שטעכט דער פאטער ווי קרבנות,
אן רחמנות".

„איצט בלאנקעט זיך איהר נשמה ארום,
זייט מע האט זי אוועקגענומען;
זי הארט ביי דער טיהר און קוקט זיך אום,
אויב דער חתן וועט צו איהר קומען,
נאר איהם קוקט זי אוים,
ביז טאג קומט ארוים,
דער חתן וועט קומען, מיינען לייט,
אין א צייט"—

„און זי שוועבט אין איטליכען ווינקעל,
אין א פארבלוטיגטען קלייד א ווייס,
נאר פריינדליך, ווען עס ווערט נאר טינקעל,
טהוט קיינעם קיין שאדען גאר אן כעס.
גאנץ שטיל געהט זי פריהר,
צו דער הינטערטיהר,
שומרים לאזען זי פאר ביי רוקען,
און קוקען"—

„און ווי ביים לעבען געוועזן גאנץ גוט,
וועט זי נאך איהר טויט אויך גאנץ גוט זיין,
מיר לייהט זי היינט דאס קליידעל מיט בלוט,
פריי וועל איך געהן ארוים און אריין;
ווארום שדים גיין,
לאזען גרויס און קליין,
פאר די וואכען וועל איך געהן פארביי,
פראנק און פריי".

האַלט ער זי מיט ביידע הענט אַרום,
אַבער פרום, —

צום סוף זאָגט רודאָלף: „ווען האַלבער נאַכט,
אַלע אין שלאָס שלאָפען און רוהען:
דער שומר שוין זיין אויג פארמאַכט, —
קום איך אַז אויף מיין פערד צופליהען,
דו גיסט נאָר גרינג,
ארויף א שפרינג,
און איך אנטלויף מיט דיר, מיין ברילינט!
באנאנד". —

זי האָט איהם איצט ארומגענומען,
געקושט, געגלעט א סך מעהר ווי פריהר.
פלוצלונג איז זי צו זיך געקומען:
„ווי קומט מען אבער דורך דער טיהר?
ביי מיין דירה,
אויף דער שמירה,
שטעהען טאָג און נאַכט משרתים אויף דעם דאַך,
אויף דער וואַך". —

„נאָר וואַרט! — גאָט קען שיקען הצלחה. —
איך וועל שוין געהן דורך אַלע טיהרען,
עס איז פאר א מיידעל א מלאכה.
מיין ליעבשאפט וועט מיך אבער פיהרען,
צו איהר דער בטחון,
פיהרט אוים א נצחון,
מען זיין אוים א תפיסה נאָך אזוי שווער,
האר־זשע האר:

„ווען נאָך מיין עלטער זיידע,
האָט פארצייטענס אין דעם שלאָס רעגיערט,
האָט ער געהאַט א טאָכטער וואלהיידע,
איהר שיינקייט האָט גאָר דאָס שלאָס פארציערט.
ווי איך, האָט געהאַט זי,
א ליעבהאַבער ווי די,
געפינען אין א גליקליכער שעה
אַטאָרא". —

„איהם ווילל זי געטריי בלייבען אליין,
ווי אין פריידען, אזוי אין ליידען,
חאָטש דער בייזער פאָטער זאָגט איהר „ניין":

ווי זיי זעהן דער זומער נייט אוועק,
הייבען זיי אןביידע צו בענקען:
רודאלף נייט צום גראף מאכען איין עק: —
„האר! איצט מוז דער סוד שוין פענקען.
גיב דו מיר פאר א ווייב,
איך האב ליעב ווי מיין לייב,
די שעהנסטע גאר פון אלע מיידען,
וואלהיידען“. —

דעם גראפ׳ס פינסטער פנים ווערט פארמישט,
ער הייבט אן מיט כעס צו זאגען:
„גיין רודאלף! מיין טאכטער קריגסט דו נישט,
דאס מוזטו דיר אוים דעם קאפ שלאגען;
איינער מיט א קרוין,
נעמט מיין טאכטעריל שיין,
איהר מוז ער האטש זי וועט נים וועלען,
געפעלען“. —

רודאלפ׳ס הארץ האט דאס שטארק געטראפען;
אויף זיין ווילד פערד היות צו שיסען,
איז ער אין וואלד ארומגעלאפען,
קיין טרעהר קען זיין בלייך אויג פארגיסען.
זיין צעררימען הארץ,
האט געפיהלט א שמארץ;
ער האט זיך שוין געוואונשען דעם טויט,
אין דער נויט.—

פלוצלינג פאלט איהם איין א גוטער פלאן,
אונ ער פיהלט זיך ווי ניי געבארען:
יא, טראכט ער זיך: „עס וועט אזוי זאן,
ניין עס איז נאך נים אלם פארלארען.
איך בין דאך נאך פריי;
וואלהייד מיר געטראי, —
ביי גאטט איז צו צעררייסען קייטען,
קלייניגקייטען“.—

אונ נאך איידער די זון אונטערנייט,
ווארט ער שוין אויף א שטיל ארט אונ הארט;
אונ ווי א לופטיל האט שטיללערהייט,
דורך דער פארטקע וואלהייד זיך געשארט,
אונ אז זיין ברוסט,
מיט גרויסער לוסט,

איז געשטאַנען אַמאָל אַ שלאָס שיין,
א פּיסטקע זעהט מען דערפון נאָר היינט.
איצט פייפט דאָרט דער שטורעם,
דורך די סאַלעס אין טורעם,
און עס טאַנצען אויף אַלע ביידעם,
נאָר שדים.

דאָרט אין יענעם שלאָס דרינגען,
האָט לאַנג פאַרצייטענס אַ גראַף געוואוינט.
מלחמות פלעגט ער צוגעווינען,
אויף ביי זיך דער היים קיין מענש פאַרשוינט.
אָבער ווי די זון גאָר,
שיינט זיין טאָכטעריל קלאָר.
שיין און ציכטיג, אַ נחת, אַ פרייד,
איז וואלהייד. —

זי פלעגט זיך צו פאַררעגן שטיל אין שטיב,
אין ארנעץ נישט צו לויפען צו גיין,
א ריצערש האָט זי געהאַט גאַנץ ליעב,
נאָר זי האָט ער ליעב געהאַט אליין;
פון זיין שלאָס דערנעבען,
פלעגט קומען צו שוועבען,
צו איהר רודאָלף דער שיינער גבור,
אריבער. —

און נאָך איידער די זון אונטערגייט,
וואַרט ער שוין אויף אַ שטיל אָרט און האַרט;
און ווי אַ לופטיל האָט שטיללערהייט,
דורך דער פאַרטקע וואלהייד זיך געשאַרט,
און אַז זיין ברוסט,
מיט גרויסער לוסט,
האַלט ער זי מיט ביידע הענט ארום,
אָבער פרום, —

זיי האָבען ווי אין חלום געמיינט,
אַ פּאָר מינוטען צו זיין גליקליך;
ער גייט אָבער אוועק שטאַרק פאַרוויינט.
עס ווערט שוין שפּעט, עס איז ניט שיקליך;
אַ גלעט, אַ וויש,
אַ האַלז, אַ קיש,
און טרעהרען פלעגען ביים געזעגנען,
צו רעגנען. —

זייער גרוים שווארצקייט נישט פארלארען:
עס איז דאך שוין דריי און פערציג יאהר
זייט איך בין אויף דער וועלט געבארען? —
נאר איך האב א תירוץ גאר א קליינעם:
זיי ווערען פארשווארצט מיט מיר אין איינעם.

## צום נייעם יאהר.

צו מיינע פריינד.

עס דרייט זיך גאר ווי א רינגעלע,
דעם מענשענ'ס לעבען אין צרות, אין גליק.
אלט און גרייז גראה ווערט דאס יינגעלע,
און גייט ווידער צו דער ערד צוריק.
שיינקייט, כבוד, עשירות גאנצע פעק,
פארשווינדט מיט דער צייט גאר גלייך אוועק;
מיט דער צייט ווערט פארשוואונדען פון דער וועלט.
די מצבות אפילו וואס מען שטעלט. —

זיינען מיר נאך אלע איצונד,
ווי מיר זיינען פאר א יאהרען געוועז;
אלע באנאנד גאר פריש און געזונד,
ווי מיר האבען זיך דעמעלט געזעהן?
אוי! נישט איינער איז אונז געוועזן ליב,
וואס ער ליגט איצט שוין און פוילט אין גריב;
זיין לעבען האט געעקט ווי א חלום,
מע זאגט איצט אויף איהם „עליו השלום". —

און ווער ווייסט פון אונז אט אדא,
ווער איבער א יאהר וועט דארט רוהען?
דער טויט זאגט דאך נישט אן די שעה,
ווען ער וויל דעם מענש עפעס טוהען.
אפט פאללען ביי דעם שענסטען וועטטער,
אראב פון בוים די גרינסטע בלעטער.
און דער מענש וואס אויף דער וועלט איבערבלייבט,
קלאגט ווען ער זיין פריינד די מצבה שרייבט.

## וואלהייד.

באלאדע.

דארט וואו יענע אלטע מויערן שטעהן,
און די זון, דורך אלע שפארעס שיינט,

אויף דעם ווייכען גראז,
מיט רויזען מיט שלאז,
פאססען זיך שאף און רינדער,
און נעבען זיי ריהט,
דער פאסטוך און היט,
אללע ווי זיינע קינדער. —

שוין נאך דער זריעה,
וואקסט דארט די תבואה,
ביז עס קומט די צייט פון שניט.

מיט א שיינעם קראנץ,
מאכען איצט א טאנץ,
אללע שניטטערס שיין און גוט. —

וואס האב איך דערפון,
ווען אין שטאדט די זון,
בעלייכט די גאנצע וועלט ?
ווען דאס גרויע הויז,
קריכט נאך הויך ארויס,
און מיר איהר שיינקייט פאר-
שטעלט.

## צו דער לבנה.

איך פערגעס אן צרות, און לייד,
איך ווער מלא שמחה און פרייד,
אז איך קוק ארויף דארט צו דיר.
פון דעם גאנצין הימעל,
מיט זיין גאנצין רימעל,
געפאללסט דו אליין לבנה מיר. —

אין דעם גרויסען שפיגעל דעם ים,
זעהט מען דיין פנים ווי א פלאם,
און ער ווערט אלע מאל העכער;
פאלעס זעהט מען שפרינגען,
שיפער הארט מען זינגען,
און די שיף געהט זיך נאר זעכער.—

נאר ווי מיט א גילדערנעם זוים,
איז אבגעלאמעוועט דער בוים;
דו בעשיינסט איהם זיינע צווייגען;
זיינע בלאטער גלאנצען,
שאקלען זיך און טאנצען.
די פייגלען קיקען און' שווייגען. —

וואס אין מיין הארץ ליעגט
פארבארגען,
אלע סודות, אלע זארגען,
מעגסט דו וויסען נאר פראנק און
פריי ;
ווארים דו זאגסט נישט אויס,
חאטש דו געהסט פון הויז צו הויז,
דו ביזט מיין פריינד מיר געטריי.—

איטליכעס בלימעל בעזונדער,
שלעפסט דו שטיל איין, ווי די
קינדער.
עס זאמעלט כח אויף מארגען,
די זון זאל נישט קענען,
עס מארגען פערברענען,
פאר דעם מיזט דו אליין זארגען.

אזוי געהסט דו פון טהוי'ר צו טהוי'ר,
ווערסט דיר אומעטום אלס געוואויהר,
מאכסט קיין לארעם, קיין גערידער;
עס בלייבט גאר שטיל ווי פריהר,
בעהאלטסט דעם סוד ביי דיר
לבנה ! ביזט א גוטער ברידער !—

## ביי מיין געבורטס-טאג.

איך זיץ און קלער מיר שוין אזוי דא,
אפשר מעהר ווי א האלבע שעה,
פאר וואס האבען דאס נאך מיינע האר,

# שלמה עטטינגער.



דר. שלמה עטטינגער — איינער פון די ערשטע אידישע דיכטער אין רוסלאנד. געבארען אין דעצעמבער, 1799, אין ווארשוי, ביי א זעהר יחוס׳דינער פאמיליע. זיין בוך פון איבער 250 זייטען מיט ליעדער, באלאדען, פאבלען און קורצע הומאריסטישע פערזען (אן עקזעמפליאר פון וועלכען, עס געפינט זיך אין דער נויארקער גרויסער שטאט־ביבליאטעק, ארויסגעגעבען אין פעטערסבורג, 1889) איז אן אמת׳ער אוצר פון אידישער פאעזי, הומאר און בליץ־געדאנקען. באזונדערס זיינען פון א באדייטענדען ווערט זיינע נאטורליעדער, וואס דינען אלס אנהייב פון דער נאטור־מאלעריי אין דער אידישער פאעזי. ניט אכטענדיג דארויף, וואס אין א היבשען טייל פון זיינע ליעדער, באזונדערס אין די באלאדען, פיהלט זיך דער טאן פון דער דייטשער קלאסישער ריטטער־באלאדע, בלייבט שלמה עטטינגער דאך דער ערשטער גרויסער דיכטער מיט וועמען די טראדיציע פון דער אידישער דיכטונג הייבט זיך אן. איך הייב דעריבער אן די צווייטע עפאכע פון דער אידישער פאעזי מיט איהם, טראץ דעם, וואס די פאלגענדע צוויי שריפטשטעלער זיינען עלטער פון איהם. געשטארבען איז עטטינגער אין דארף זדאנאוו ביי זאמאשטש, לובלינער גוב. 1855. ביבל. ל. וויענער, "Yiddish Literature" אינדעקס; דר. מ. פינעס „די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור"; ז. רייזען, „לעקסיקאן" ; יוד. ענג. ענצ., 5, 264; א. מוקדוני, אין „פנקס".

## דאס שפאצירען געהן.

שטעהט אויף, זייט ניט פויל!  
וועט איהר זעהן די קויל,  
ווי פייער אויף מזרח זייט;  
ווען מיט דעם באגין,  
עס געהט אויף די זין  
דארט הינטער די בערג גאר ווייט.—

איי! זעהט נאר ווי שיין  
עס איז דארט צו גיין,  
שפאצירען אויף די פעלדער;  
צווישען די זאנגען,  
ווייטער געגאנגען,  
קומט מען אין גרינע וועלדער. —

דארט רייסען קערשען,  
די שיינע הערשען  
פון די בוימעלעך רויט ווי בליט;  
און דער וועווערײק שפרינגט,  
קנאקט ניסלעך און שלינגט,  
מאכט קאזעלקעס אין דער מיט, —

ביים טייכעל גלאנצען,  
היפען און טאנצען,  
ווי זילבער שיינע באלעס;  
דארטען געזעסען,  
מעג מען פארגעסען,  
די שטאדט מיט זייערע כאלעס.

און ווערט עס גאר הייס,  
פאכט מען אב דעם שווייס,  
מיט א פריש גרין צווייגעל;  
איך דארף נישט די שטאדט,  
מיט דעם גרויסען סאד,  
דארט זיץ איך ווי אין א שטייגעל.—

ח.

האָב איך מיר אָ בויד,
האָב איך מיר א בויד,
מיט קאָוואַנע רעדער.
און דערצו צוגעדעקט
מיט א שוואַרצען לעדער.
און די פערד געהען ניט,
און די רעדער דרעהען ניט,
א טרונק בראַנפען ווילט זיך,
און דאָס ווייב שילט זיך, —
זעה איך מיר א שטיין,
זעץ איך מיר און וויין.

זאָל איך ווערען א רב,
קען איך ניט קיין תורה,
זאָל איך זיין א סוחר,
האָב איך ניט קיין סחורה.
און די פערד געהען ניט, א. ז. וו.

זאָל איך ווערען א שוחט,
האַלט איך ניט קיין חלף,
זאָל איך זיין א מלמד,
קען איך ניט קיין אלף.
און די פערד געהען ניט, א. ז. וו.

איינמאָל קומט ער צו איהר פארשטעלט:
צי האָסטו קליידער, צי האָסטו געלט?
צי האָסטו קליידער, צי האָסטו שפּענער?
צי האָסטו לוסט צו פרעמדע מענער?
כ'האָב קיין קליידער, כ'האָב קיין שפּענער,
איך האָב קיין לוסט צו פרעמדע מענער!"

א פינגער'ל האָט ער געברענגט — איז עס העל און רויט,
און וועגען וועגט עס זעכציג לויט,
און שעהן איז עס ווי די גאנצע וועלט,
און ווערט איז עס זעהר פיעל געלט.
„דאָס פינגערל וועל איך דיר פאר א מתנה שענקען,
נאָך דיין ליעבען מאַן זאָלסטו נישט געדענקען!"

„אי, ס'פינגערל איז טאקע העל און רויט,
און וועגען וועגט עס זעכציג לויט,
און שעהן איז עס ווי די גאנצע וועלט,
און ווערט איז עס זעהר פיעל געלט,
ס'פינגערל וויל איך פאר א מתנה נישט טראָגען,
נאָך מיין ליעבען מאַן וועל איך וויינען און קלאָגען!"

א פארטעכעל האָט ער איהר געברענגט — איז עס וויים ווי קרייד,
און וואשען וואשט זיך עס אזוי ווי זייד,
לאנג איז עס ביז צו דער ערד,
הונדערט רובעל האָט עס די ווערט.
„ס'פארטעכעל וועל איך דיר פאר א מתנה שענקען,
אז דיין ליעבען זאָלסטו נישט געדענקען!"

„ס'פארטעכעל איז טאקע וויים ווי קרייד,
און וואשען וואשט זיך עס אזוי ווי זייד,
און לאנג איז עס ביז צו דער ערד,
הונדערט רובעל האָט עס די ווערט;
ס'פארטעכעל זאָלסטו מיר פאר א מתנה נישט שענקען,
נאָך מיין ליעבען מאַן וועל איך טרויערען און בענקען!"

וואיל איז צו מיר און צו מיין לייב,
אז איך בין דיין מאַן און דו ביזט מיין ווייב!
איך דאַנק דיר, און איך דאַנק דיר לבנה,
איך דאַנק דיר, גאָט, פאר דיין טייערע מתנה!
איך דאַנק דיר, שעהנער מארגען־שטערן,
איך דאַנק דיר, גאָט, פאר מיין זונ־קרן!"

אין דעם יתום׳ס וויענעלע האָט זיך אריינגעחאפּט א פייער
ווי אויפ׳ן פרייען פעלד אין די שטרוי פון א שייער.
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

ו.

שלאָגט דער זייגער׳ל איינס:
דער יתום׳ל ז׳געבליבען א קליינס.
און גאָר נישט ניט געטהאָן און גאָר נישט ניט געטראַכט,
זאָגט די נשמה׳לע: א גוטינקע נאַכט!

שלאָגט דער זייגער׳ל צוויי:
דעם יתום׳ל טוט די קעפּעלע וועה,
און גאָר נישט ניט געטהאָן און גאָר נישט ניט געטראַכט,
זאָגט די נשמה׳לע: א גוטינקע נאַכט!

שלאָגט דער זייגער׳ל דריי:
דער יתום׳ל איז געבליבען פאַרביי.
און גאָר נישט ניט געטהאָן און גאָר נישט ניט געטראַכט,
זאָגט די נשמה׳לע: א גוטינקע נאַכט!

שלאָגט דער זייגער׳ל פיער:
דער יתום׳ל ליעגט מיט די פיסלעך צו דער טיהר.
און גאָר נישט ניט געטהאָן און גאָר נישט ניט געטראַכט,
זאָגט די נשמה׳לע: א גוטינקע נאַכט!

שלאָגט דער זייגער׳ל פינף:
פאַר׳ן יתום׳ל איז שוין ניטאָ קיין הילף.
און גאָר נישט ניט געטהאָן און גאָר נישט ניט געטראַכט,
זאָגט די נשמה׳לע: א גוטינקע נאַכט!

ז.

אמאָל איז געווען א מעשה אזוי:
א מאַן איז אוועק פון א יונגע פרוי:
ער איז פון איהר אוועק געפאָהרען
און האָט זיך אפּגעזאַמט א ים מיט יאָהרען;
א ים מיט יאָהרען אין א ווייטער מדינה —
די שעהנע חנה איז געבליבען אן עגונה.

ה.

דאָס קינד ליעגט אין וויעגעלע מיט אויסגעוויינטע אויגען,
די מאמע ליעגט אויף דר'ערד, די פיס אויסגעצויגען.
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

דאָס קינד ליעגט אין וויעגעלע און חלש'ט זויגען,
די מאמע ליעגט אין קבר מיט שארבענס אויף די אויגען.
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, גלעטען און קאמען,
ווער וועט דיר מיין קינד דאָס וויעגעלע אויסראמען?
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און גלעטען,
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאָס וויעגעלע אויסבעטען?
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און ציערען,
ווער וועט דיך, מיין קינד, אין חדר אריין פיהרען?
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

וועט וועט דיך, מיין קינד, מאכען פאר א מענשען,
און ווער וועט דיך, מיין קינד, אונטער דער חופה בענשען?
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

כ'בין אויסגעגאנגען אין אלע אפטייקען,
כ'האָב געמיינט — דער מלך המות וועט ניט קומען דער מאמען טויטען.
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

כ'בין אויסגעפאהרען אויף אלע שיפען איבער אלע ימ'ען,
כ'האָב געמיינט — כ'וועל קריגען קויפען פאר'ן יתומ'ל א מאמען.
ניטאָ קיין מאמע,
ניטאָ קיין נחמה!

„שנור דו ליעב, שנור דו מיין,
זאל דיר דאכטען איך האב דיך געזעצט אין הייזעל אריין,
זאל דיר דאכטען האסט געהערט דאס הענדעלע קרעהען,
און גאט ב"ה וויל דיר נישט דיין הארץ דערפרעהען!"

— שווינגער איהר ליעב, שווינגער איהר מיין,
שיקט איהר מיר דעם שווער אריין!
אזוי ווי דער שווער איז אריינגעקומען,
האט זי איהם גאנץ פריינדליך צוגענומען:

— שווער איהר ליעב, שווער איהר מיין,
לויפט איהר מיר אין שוהל אריין:
טוהט תשובה, תפילה, צדקה פאר מיין געלט,
אפשר וועט מיר גאט לאזען לעבען אויף דער וועלט!

„שנור דו ליעב, שנור דו מיין,
זאל דאכטען איך בין שוין געלאפען אין שוהל אריין,
כ'האב געטון תשובה, תפילה, צדקה פאר דיין געלט,
נאר גאט וויל דיר נישט האבען אויף דער וועלט!"

— שווער איהר ליעב, שווער איהר מיין,
שיקט איהר מיין מאן אריין.
אזוי ווי דער מאן איז אריינגעקומען,
האט זי איהם גאנץ שעהן צוגענומען:

מיין מאן דו ליעב, מיין מאן דו מיין,
לויף מיר גיך אין שטאל אריין!
קלייב דיר אויס דאס בעסטע פערד,
ס'מעג הונדערט רובעל זיין די ווערט;

פליה געשווינד, ווי פייל פון בויגען,
ברענג מיר מיין מאמען, וואס האט מיך דערצויגען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי ווי די מוטער איז געקומען צום בריק,
זענען שוין די באגרעבערס געגאנגען צוריק.

— באגרעבערס איהר ליעב, באגרעבערס איהר מיין,
וואו האט איהר געלעגט מיין טאכטער אריין?
„מיר האבען זי געלעגט וואו ס'בוימעלע איז רויט,
שווער און שווינגער האבען איהר געמאכט דעם טויט".

שלאָף, מיין טאָכטער קליינינקע,
אויגעליך האָסטו שענינקע.
שלאָף געזונדערהייד,
שלאָף געזונדערהייד!

לעג איך מיין קעפּעלע
אויף מיין שוויגערס בעטעלע.
געהט די שוויגער פארביי,
רק זי טוט און שעלט:
מיין שנור איז קיין בריה ניט,
קיין מלאכה טוט זי ניט,
נאָר זי טוט און פּאַפּט,
נאָר זי טוט און פּאַפּט!

לעג איך מיין קעפּעלע
אויפ׳ן שווערס בעטעלע,
געהט דער שווער פארביי,
רק ער טוט און שעלט:
מיין שנור איז קיין בריה ניט,
קיין מלאכה טוט זי ניט,
נאָר זי טוט און פּאַפּט,
נאָר זי טוט און פּאַפּט!

לעג איך מיין קעפּעלע
אויף מיין מאַנס בעטעלע,
געהט דער מאַן פּארביי,
רק ער טוט און קוועלט:
שלאָף, מיין ווייבעלע קליינינקע,
אויגעליך האָסטו שענינקע,
שלאָף געזונדערהייד,
שלאָף געזונדערהייד!

ג.

קנעט איך חלה — זאָגט זי: שיטער!
מאַך איך פיש — שרייט זי: ביטער!
פּערבעט איך דאָס בעט — זאָגט זי: הויך!
הייץ איך אין אויוועז — פיהלט זי רויך,
געה איך פּאַמעליך — זאָגט זי: איך קריך!
געה איך גיך — „זי רייסט די שיך!"

ד.

טאָכטער, דו ליעב, טאָכטער דו מיין!
קום איך וועל דיר לערנען א שנור צו זיין:
אזוי ווי די שוויגער וועט קומען צו געהן,
זאָלסטו זיי לאָזען פריהער אריין.

אזוי ווי די שוויגער איז געקומען צו געהן,
האָט זי זי געלאָזט פריהער אריין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי ווי זי האָט געקריגען דעם ערשטען וועה,
האָט זי געטהאָן א גרויס געשריי:

— שווינער איהר ליעב, שווינער איהר מיין!
זעצט איהר מיך אין הייזעלע אריין,
אפשר וועל איך הערען דאָס הענדעלע קרעהען,
און גאָט ב"ה וועט מיר מייז הארץ דערפרעהען!

לאַז זשע גערימען, דו גאָלדענער פויגעל
מיין ליעבער, מיין הארציגער מאמען!

איז געפלויגען די גאָלדענע פאווע
איבער'ן טייך דעם גלאטען,
לאַז זשע גערימען, דו גאָלדענער פויגעל,
מיין ליעבען, מיין הארציגען טאטען!

איז געפלויגען די גאָלדענע פאווע
איבער אלע פעלדער,
האָט זי פערלוירען די גאָלדענע פעדער
אין די פרעמדע לענדער.

ניט אזוי די גאָלדענע פעדער,
ווי די פאווע אליין;
ניט אזוי דער פרעמדער זוהן,
ווי די טאכטער אליין.

ווי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
א פייגעלע אָהן א נעסט, —
אזוי איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
ביי א שווער און שווינגער אויף קעסט!

ווי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
א וואסער אָהן א פיש, —
אזוי איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
אז מ'זיצט ביי א פרעמדען טיש!

ווי עס איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
א פייגעלע אָהן א זאמד, —
אזוי איז ביטער, מיין ליעבע מוטער,
אז מ'ווערט פערוואָגעלט אין א פרעמדען לאנד!

ב.

לעג איך מיין קעפעלע
אויף דער מאמעס בעטעלע,
געהט די מאמע פארביי,
רק זי טוט און קוועלט:
שלאָף, מיין טאכטער קליינינקע,
אויגעליך האָסטו שעניגקע,
שלאָף געזונדערהייד,
שלאָף געזונדערהייד!

לעג איך מיין קעפעלע
אויף מיין טאטענס בעטעלע,
געהט דער טאטע פארביי,
רק ער טוט און קוועלט:

מיט א גלעזעלע וויין, מיט א
שטיקעלע פלאַדען,
מען זאל זי ניבער אבבאַדען,
מען זאל זי ניט דערטרענקען,
מען זאל זי כשר שווענקען.

ה.

האפט מען אָן פאר א הענטעלע
שווינקט מען אָב א הענטעלע;
האפט מען אָן פאר א פיסעלע,
שווינקט מען אָב א פיסעלע.

אוי, וועה, ביטער,
זעה, מיין חתן, איך ציטער!
נעהם מיך ארונטער
אונטער דיין פוטער!

—כלה מיין, כלה פיין,
ווי איז דיר געגאנגען?
—מקוה־וואסער — צוקער זיס,
כ'האָב אָבגעפראָרען די יונגע פיס!

—ווי קען איך דיך נעהמען?
כ'מוז זיך פאר לייטען שעמען!
— שעם זיך יא, שעם זיך ניט,
נעהם דעם פוטער און נעהם מיך מיט!

ו.

זיי זשע מיר געזונד, מיין געליעבטער פאַטער,
זאָל שוין נעהמען אַנ'עק!
דיין זאַלץ און ברויט האָב איך דאָך געגעסען,
איצטער פאָהר איך שוין פון דיר אוועק!

ווי עס איז ביטער, מיין געליעבטער פאַטער,
א פייגעלע אין וויסטען וואַלד אליין,
אזוי איז דאָך ביטער, מיין געליעבטער פאַטער,
מיר אין א פרעמדען לאַנד אליין!

אין א פרעמדען לאַנד, מיט קיינעם ניט בעקאַנט,
עלענד אזוי ווי א שטיין.
און אז איך דערמאַהן זיך אָן דיר, מיין געליעבטער פאַטער,
זיץ איך און טרויער און וויין.

זיי זשע מיר געזונד, מיין געליעבטע מוטער,
זאָל שוין נעהמען אַנ'עק!
דיין מילך פון דיין ברוסט האָב איך דאָך געזויגען,
איצטער פאָהר איך שוין פון דיר אוועק.

## פאַמיליען־ליעדער

א.

געפלויגען, געפלויגען די גאָלדענע פאַווע,
איבער אלע ימ'ען,

זאָל ער מיט מיר ריידען,
שטעהט דאָך איהם ניט אָן.
זאָל ער מיט מיר ניט ריידען,
איז ער דאָך מיין מאַן!

מיין מאַן, מיין מאַן, איז ער
געבליעבען,
או' געלט האָט ער אין בייטעל
געקליעבען.

ג.

אלע מענטשען טאַנצענדיג און שפרינגענדיג,
און לאַכענדיג און זינגענדיג,
און משה'לע שטעהט אליין וויינענדיג.
— משה, משה, וואָס דו וויינסט?...
„איך וויין, וואָס איך מיין:
עס איז שוין צייט צו דער חופּה צו געהן!"

אלע מענטשען טאַנצענדיג, און שפרינגענדיג,
און לאַכענדיג, און זינגענדיג,
און משה'לע שטעהט אליין וויינענדיג.
— משה, משה, וואָס דו וויינסט?...
„איך וויין, וואָס איך מיין:
עס איז שוין צייט עסען צו געהן!"

אלע מענטשען טאַנצענדיג, און שפרינגענדיג,
און לאַכענדיג, און זינגענדיג,
און משה'לע שטעהט אליין וויינענדיג.
— משה, משה, וואָס דו וויינסט?...
„איך וויין, וואָס איך מיין:
עס איז שוין צייט א מצוה־טענציל געהן!"

אלע מענטשען טאַנצענדיג, און שפרינגענדיג,
און לאַכענדיג, און זינגענדיג,
און משה'לע שטעהט אליין וויינענדיג.
— משה, משה, וואָס דו וויינסט?...
„איך וויין, וואָס איך מיין:
עס איז שוין צייט שלאָפען צו געהן!"

ד.

פאַרביי מיהל, פאַרביי ראָד
פיהרט מען די כלה גלייך אין באָד,
פאַרביי די נייע בריקען
פיהרט מען די כלה טוקען.

פיהרט מען די כלה טוקען,
לויפען די ווייבער קוקען;
ווי מען פיהרט נאָר די כלה ארויס,
געהט דער חתן פון קלויז ארויס.

## די יונגע יאהרען.

אויפ'ן בארג, איבער'ן בארג
פליהען טויבען פאארען:
איך האב נאך גאר קיין נחת ניט געהאט,
ס'איז אוועק מיינע יונגע יאהרען.

שפאנט זשע מיר ברידער,
די שווארצע קארע פערד,
און לאמיר לויפען, פאהרען:
אפשר וועלען מיר נאך קענען אומקעהרען
אונזערע יונגע יאהרען?

— קעהרט זיך אום, יונגע יאהרען,
מיר וועלען אייך צונעהמען!
— מיר וועלען זיך ניט אומקעהרען,
מיר וועלען זיך ניט אומקעהרען,
ס'איז ניטא צו וועמען!

— קעהרט זיך אום, יונגע יאהרען,
טהוט אונז ניט פארשעהמען!

## חתן־כלה און חתונה־ליעדער.

### א.

א שען מיידעלע בין איך דאך,
רויטע פאדים שפין איך דאך,
א רייכען טאטען האב איך דאך,—
היינט וואס פעהלט מיר נאך?
טאטע, טאטע, נעה אויפ'ן בן־זכר
און קלייב מיר אוים א שענעם בחור,
מיט לאנגע פאות, מיט שווארצע אויגען,
און צו דער הייליגער תורה זאל ער טויגען.

### ב.

קומט דער ליעבער זומער,
שפיעלען מיר אין זאמד;
וואו ס'איז אונזער וואוינונג,
דארט איז אונזער לאנד.

שווארצע קארשען רייסען מיר,
רויטע לאזען מיר שטעהן;
שעהנע חתנים נעהמען מיר,
מיאוס'ע לאזען מיר געהן.

נעה איך ארום שוהל, ארום שוהל,
באגעגנען איך דעם רב'ס זוהן.

אז דו וועסט קומען אין א ווייטער שטאדט, ליובעליו,
מיינע רייד זאלסטו בעקענען;
און אז דו וועסט קומען איבער א פייער, ליובעליו,
פאר צרות זאלסטו דעך נישט פארברענען.

צוויי מייבעלעך זענען איבערן וואסער געפלוינגען,
מיט די פליגעלעך אזוי צושפרייט.
קיין גוטען סוף זאל דער מענטש נישט האבען,
וואס האט אונז פון דער ליעבע אזוי נעך צושיידט!

## יב.

דארטען אויף דעם בערגעלע שטעהט נאך א ביימעלע,
דאס ביימעלע איז שוין לאנג איינגעבויגען.
דארטען שטעהט נאך מיין געטרייע כלה
מיט איהרע אויסגעוויינטע אויגען:

וויין ניש׳, קרוינעשי, וויין ניש׳, דושעניו!
כ׳וועל נאך צו דיר צוריק־קומען,
זאלסט נישט הערען, וואס לייט רעדען...
ביי מיר האסטו חן געפונען.

מיינע עלטערן טוען מיך בעטען,
כ׳זאל שוין אן דיר פארגעסען:
נישט איין וואסערל וועט פארביילויפען,
אונזער ליעבע וועט קייענר ניש׳ פארלעשען.

„וואס טויג מיר די רייד, וואס ניצט מיר דיין טרייסטען?
איך קען שוין דיין ליעבע נישט גלויבען —
א בריעוועלע האסטו מיר שוין לאנג געשריעבען,
אז דו מוזט דיך מיט מיר צושיידען“.

א בריוועלע האב איך טאקע דיר געשריעבען,
כ׳האב אויך געהאט א מיין דערביי:
כ׳האב נאר געמיינט דיר אויסצופרובירען,
צי דו ביזט מיר אמת׳דיג געטריי.

איך וועל מיר אויף אן עצה געבען
אונזער ליעבע זאל קומען צו א צוועק:
כ׳וועל פארקויפען אלץ, וואס מיר האבען,
און פון דאנען וועלען מיר אוועק.

קען עס שוין קיין מאָל נישט בליהען
אזוי ווי אויף דעם ערשטען אָרט.

### י.

אין דרויסען איז א טריעבער טאָג,
אין שטיבעלע איז א פארע;
כ'האָב אָפּגעלעבט מיינע יונגע יאָהרען
ווי אין א פינסטערע כמארע.

ווי א פינסטערע כמארע
איז דער טאָג פון מיין געבוירען;
איך האָב געהאט א טייער'ן דימענט
און האָב איהם אָנגעוואָרען.

איך האָב איהם אָנגעוואָרען
און קען איהם נישט געפינען;
שטעהן שטעהט ער פאר מיינע אויגען,
נאָר איך קען צו איהם נישט קומען.

איך קען צו איהם נישט קומען,
כ'קען מיט איהם נישט ריידען;
אַי, פון אונזער הייסע ליעבע
מוזען מיר זיך צושיידען!

מיר מוזען זיך צושיידען,
ווי דער גוף פון די נשמה;
אַי, קיין גוט'ס זאָל דער נישט האָבען,
ווער עס דערלעבט אַן אונז נקמה!

איך וועל זיצען און קלאָגען
ביז אין מיין גראָען צאָפּ,
ווייל מע האָט מיר צוגענומען
דעם קרוין פון מיין קאָפּ.

דעם קרוין פון מיין קאָפּ,
די צווייגען פון דעם בוים;
מ'האָט דאָך מיר צוגענומען
דעם שעהנסטען פארשוין!

אלע וואסערלעך לויפען אוועק,
די גריבעלעך בלייבען ליידיג;
אוי, וואו נעמט מען אזא מענטשין,
וואס זאָל פארשטעהן מיין וועהטאָג?

אזוי ווי עס איז נישטאָ קיין מענטש,
וואס זאָל קענען די שטערן איבער־צעהלען;
אזוי איז אויך נישטאָ קיין מענטש,
וואס זאָל קענען מיינע וואונדען היילען.

### יא.

צוויי טייבעלעך זענען איבער'ן וואסער געפלויגען,
אין די פיסקעלעך האָבען זיי זעך געקישט;
פארשאָלטען זאָל ווערען יענער מענטש,
וואס האָט זיך אין אונזער ליעבע אריינגעמישט...

און אז דו וועסט קומען אין א פרעמדע שטאָדט, ליובעליו,
מיינע רייד זאָלסטו בעדענקען;
און אז דו וועסט קומען איבער א וואסער, ליובעליו,
פאר צרות זאָלסטו דעך נישט דערטרענקען.

אי וועה, מאמע, דאס זיידען טיכעלע,
דאס זיידען טיכעלע וועסטו שוין מעהר נישט זעהן!

ווי די מוטער האט דאס דערהערט
האט זי זיך באנאסן מיט טרערען.
אי וועה, ערשט נעכטען האט ער מיר צוגעזאגט —
און היינט איז ער אוועק א חתן ווערען.

ווען ער איז אוועק א חתן ווערען א חתן ווערען
בין איך געשטאנען אונטער דער טיר,
אי וועה, מאמע, איך האב זיך איינגעהערט,
רעדט ער נישט קיין שלעכטס אויף מיר.

ט.

מע זאגט, אז א ליעבע איז א קרענק, וועה איז מיר!
א ליעבע איז אן אונגליק אויף דער וועלט;
פון א ליעבע קריגט מען א לונגען־פעלער,
דורך דער ליעבע געהען קינדער פון דער וועלט.

וואס האסטו זיך אין מיר פערליעבט, וועה איז מיר!
צי איז דען נישטא קיין שעהנערע פון מיר?
צי איז דען נישטא קיין שעהנערע מיט געלט?
צי בין איך דען נאר איינע אויף דער וועלט?

געלט האב איך שוין געזעהען, וועה איז מיר!
שעהנהייט מאכט ביי מיר נישט אויס,
אז איך רעד מיט דיר צוויי קלוגע ווערטער
ציהסטו מיר מיין חיות ארויס.

אויף דיינע תנאים האסטו מיר נעבעטען, וועה איז מיר!
אויף דיינע תנאים בין איך ביי דיר געוועזן;
דעם מזל־טוב האב איך דיר אבגעגעבען —
און א פייער האט זיך אין מיר צוברענט.

אויף דיין חתונה האסטו מיר געבעטען, וועה איז מיר!
אויף דיין חתונה בין איך ביי דיר געוועזן,
יעדער איינער טוט טייטען מיט די פינגער:
אט דאס איז דער חתן דער פריהערינער געוועזן!

אז מען נעמט ארויס א בלום פון גארטען, וועה איז מיר!
און מען זעצט עס אויף א צווייטען ארט,

ליענען, ליעג איך אויף מיין געלעגער,
אנטשלאָפען ווערען קען איך, אַי וועה, ניט!
און דאָס הארץ קלאַפּט דאָרט ווי א זייגער,
אַי, צייט דו האָסט מיך אונגליקליך געמאכט!

צי געדענקסטו ווי איך בין שעהן געוועזן,
און מיין פּנים האָט ווי די זונן געשיינט?
אַי, היינט קוק־זשע מיך אָן ליובעניו,
מיין פּנים איז שווארץ ווי קויל היינט.

איך האָב אזוי פיל אין דיר געגלויבט,
אלץ אין דיר, מיין פאלשער גוטער פריינד;
דו האָסט מיר מיט א וואָלקען די אויגען צוגעמאכט,
און דו האָסט מיך אומגליקליך געמאכט.

שטעהן שטעה איך, אַי וועה, אין מיטען ים,
איך קען ניט קומען צו א ברעג.
דו האָסט מיר מיין חיות ארויסגעצויגען,
און דו ניסט עס מיר ניט צוריק אוועק.

ת.

אַי וועה, מאַמע, איך שפּיעל א ליעבע
און ס'מוט מיר וועה מיין הארץ,
ווער עס שפּיעלט א פאלשע ליעבע,
דער קאָן פּיהלען מיין ביטער הארץ.

אויף מארגען געה איך צו מיין ארבעט
זעה איך מיין געליעבטען מיט א צווייטע געהן;
איך האָב אָפּגעווישט מיינע ליפּעלעך
און בין אוועק מיט א גרוים געוויין.

און שפּעטער געה איך מיר צו מיין ארבייט
זעה איך שוין מיין געליעבטען אליין שטעהן,
וויפיעל איך האָב מיט איהם איינגע'טענה'ט
האָב איך דאָס פאלשקייט פון איהם ארויסגעזעהן.

צוועלף א זייגער ביי דער נאכט
אין דרויסען איז געוועזן קאַלט,
איך האָב אראָפּגענומען דאָס זיידען טיכעלע
און אָנגעטון איהם אויפ'ן האַלז.

שפּעט ביי נאכט בין איך אהיים געקומען,
פרעגט מיך מיין מוטער: וואו ביזטו געוועזן?

דו האָסט מיר דאָך צוגעזאָגט בריוועלעך צו שרייבען,
די בריוועלעך האָבען מיך פאַרדאַרבען.
זאָג־זשע מיר, ליובע, צי ביזטו נאָך ערגעץ דאָ,
צי ביזטו שוין גאָר געשטאָרבען?

צי ביזטו געשטאָרבען, מיין טייער, זיס־לעבען?
צי ביזטו נאָך ערגעץ דאָ?
גאָט זאָל דיר שיינקען אַ גליקליכען לעבען
און מיר אַ גליקליכע שעה.

אוי, מיינע חבר'טעס אַלע
האָבען נישט געשפּיעלט אַזאַ ראָלע;
דריי יאָהר האָב איך אַ ליעבע געשפּיעלט
און צום סוף נעמסטו אַן אנדערע כלה.

מיין שעהנער, מיין טייערער קורטעזאַנט!
ווי אַזוי וועל איך עס קענען איבערשטעהן,
אַז דו וועסט פיהרען דיין כלה ביי דער האַנד
און איך וועל פון דערווייטענס שטעהן?

עס זאָל זיך אויפהויבען אַ ווינד,
עס זאָל דיך פאַרוועהען צו מיר;
איך זאָל נאָך איינמאָל זעהן דיין בילד
און נאָך איינמאָל ריידען מיט דיר.

דו האָסט מיר געמאַכט אַ קליידעל ליובע,
דאָס קליידעל איז געווען הימעל־בלאָ;
וואָס טויג מיר דיין בילד, וואָס ליגט ביי מיר אין קאַסטען,
אַז אַליין ביזטו נישטאָ.

ז.

איך האָב דיך ליעב, דו מעגסט מיר זיכער גלויבען,
כ'קען אָהן דיר נישט לעבען איין מינוט!
דו ביזט ביי מיר טייערער ווי מיין לעבען,
אוי, נעמען, דושעניו, קען איך דיך נים.

אוי, וואַש דיר אָפּ דיינע צוויי ווייסע הענד,
און דריק זיי פעסט צו מיין האַרצען צו!
אוי, וועסטו זעהן, מיין געטרייע ליובעניו,
ווי איך האָב דיך אמת ליעב.

הער נאַר, דו שעהן מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
וואָס וועסטו עסען אין אזא ווייטען וועג?
וואָס וועסטו עסען אין אזא ווייטען וועג?

ברויט מיט זאַלץ וועל איך עסען,
טאַטע־מאַמע וועל איך פאַרגעסען,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נאַר, דו שעהן מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
אויף וואָס וועסטו שלאָפען אין אזא ווייטען וועג?
אויף וואָס וועסטו שלאָפען אין אזא ווייטען וועג?

איך בין נאָך א יונגע פרוי,
איך קען שלאָפען אויף א בינטעל־שטרוי,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נאַר, דו שעהן מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
מיט וואָס וועסטו זיך צודעקען אין אזא ווייטען וועג?
מיט וואָס וועסטו זיך צודעקען אין אזא ווייטען וועג?

דער טהוי פון הימעל וועט מיך צודעקען,
די פייגעלעך וועלען מיך אויפוועקען,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

ו.

„צי האָסטו נישט דיין עסען,
צי האָסטו נישט דיין טרינקען,
צי האָסטו נישט דיין שעהנעם גאַנג?
זאָג־זשע מיר, פויגעלע, נאָך וועמען טוסטו בענקען,
נאָך וועמען טוט דיר אזוי ביטער באַנג?"

באַנג טוט מיר נאָך מיין טייער לעבען,
נאָך א יינגעלע מיט שווארצע האָאָר.
א פייער אין מיין הארץ, א פייער אין מיין הארץ,
א פייער אויף אייבינע יאָהר!

ווען איך וואָלט געווען א פישעלע אין טייך,
וואָלט איך צו דיר געשוואומען.
אוי, ווען איך דערמאָהן זיך אַז דיר מיין זיס־לעבען,
קען איך צו זיך ניט קומען.

אַלע שבתים און אַלע יום־טובים,
זיץ איך מיר איינער אַליין.
אוי, אַז איך דערמאָהן זיך אַז דיר מיין זיס־לעבען,
זיץ איך און טרויער און וויין.

ה.

הער נאַר, דו שעהן מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
וואס וועסטו טון אין אזא וייטען וועג?
וואס וועסטו טון אין אזא וייטען וועג?

איך וועל געהן אין אַלע גאַסען
און וועל שרייען: „וועש צום וואַשען!"
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נאַר, דו שעהן מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
וואו וועסטו וואַשען אין אזא וייטען וועג?
וואו וועסטו וואַשען אין אזא וייטען וועג?

דו מוזט מיינען, אַז איך בין שוואַך,
איך קען וואַשען וועש ביים טייך!
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

הער נאַר, דו שעהן מיידעלע,
הער נאַר, דו פיין מיידעלע,
אויף וואָס וועסטו טריקענען אין אזא וייטען וועג?
אויף וואָס וועסטו טריקענען אין אזא וייטען וועג?

כ'וועל פאַרקויפען מיין מונדיר
און וועל מיר קויפען א לאַנגע שנור,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין,
אבי מיט דיר צוזאַמען זיין!

אַך דו ליעבער גאָט, הער אויס מיין פערלאַנג:
דעם עושר גיסטו כבוד מיט א שעהנעם גאַנג;
מיר גיב א שטיבעלע אויף דעם גראָז דעם גרינעם,
אז איך מיט מיין זיס-לעבען זאָלען וואוינען דרינען.

ג.

אַי די כח'עלעך געהען מיר אויס!
איך קען זיי שוין מעהר נישט דערשפירען:
דעם צעהנטען מיידעלע וועל איך פארזאַגען,
זי זאָל שוין קיין ליעבע נישט פיהרען.

וועלכעס מיידעלע ס'פיהרט א ליעבע,
ווערט זי דאָך אַן די פארבען;
און אז די ליעבע פיהרט זיך נישט אויס,
קען זי נאָך יונגערהייד שטארבען.

„שטארב ניש', שטארב ניש', מיין טייער לעבען!
אונזער ליעבע וועט קומען צו א צוועק.
מיינע קאָלעגעס האָב'ן מיך אנגערעדט,
אז איך זאָל פון דיר אוועק".

דו פאָהרסט, דו רייזט פון מיר אוועק,
ביי וועמען וועל איך דאָ בלייבען?
אז דו וועסט בשלום אויפ'ן אָרט קומען,
א בריוועלע זאָלסטו מיר שרייבען!

וועסטו נישט קענען קיין בריוועלע שרייבען,
זאָלסט מיר חאָטש לאָזען גריסען.
הערט אהער, מיין טייער לעבען,
לאָמיר זיךביידע צוקושען!"

אַך, וואָס טויג מיר די פאַלשע ליעבע,
וואָס טויג מיר דאָס פאַלשע קישען?
דו מיינסט נאָר מיר דעם קאָפּ צו פארדרייען
און ווייטער ווילסטו ניש' וויסען.

ד.

ווען איך וואָלט געווען א פויגעלע אין וואלד,
וואָלט איך צו דיר געפלייגען.
אוי, ווען איך דערמאָהן זיך אָן דיר מיין זיס-לעבען,
טריקענען נים אין מיר מיינע אויגען.

## ליעבע-ליעדער.

א.

קליפּ־קלאַפּ אין גאָלדען טיר:
— מיין זיס לעבען, עפען מיר!
— קלאַפּען, קלאַפּען זאָלסטו ניט,
עפענען וועל איך דיר אודאי ניט!
— א רעגען געהט, א ווינד שפּרייט,
וואו זאָל איך הינטאַן מיין זיידען קלייד?
— קעהר עס אום אויף דער לינקער זייט
און לעג זיך שלאָפען אויפ'ן גרינעם גראָז!
— מיט וואָס וועל איך זיך צודעקען
און ווער וועט מיך דאָך אויפוועקען?
דאָס בלאַט פון בוים וועט דיך צודעקען,
דער שטראהל פון זון וועט דיך אויפוועקען!

ב.

פּאַפּיר איז דאָך וויים און טינט איז דאָך שווארץ,
צו דיר מיין זיס־לעבען ציהט דאָך מיין הארץ!
כ'וואָלט שטענדיג געזעסען דריי טאָג נאַכאַנאַנד,
צו קושען דיין שעהן פּנים און צו האַלטען דיין האַנד.

אי דאַמאָלס וואָלט איך געוואוסט פון א וועלט,
כ'וואָלט שטענדיג געארבייט, געאַקערט אין פעלד;
מיט פיעל פארגעניגען וואָלט איך מיט דיר פארבראַכט,
כ'וואָלט געזעסען מיט דיר ביי טאָג און ביי נאַכט.

נעכטען ביי נאַכט בין איך אויף א חתונה געווען:
פיעל שעהנע מיידלאַך האָב איך דאָרט געזעהן;
פיעל שעהנע מיידלאַך, צו דיר קומט נישט גאָר,
צו דיינע שווארצע אייגעלעך, צו דיינע שווארצע האָר!

דיין טאַליע, דיין מינע, דיין איידעלע פּאַסאָן,
אין הארצען ברענט א פייער מען זעהט עס נישט אָן!
נישטאָ אזאַ מענש, וואָס זאָל פיהלען ווי עס ברענט;
דער טויט און דאָס לעבען איז ביי גאָט אין די הענד.

אך דו ליעבער גאָט, ווארף מיך נישט אראָפּ,
גלייך מיר ניט צו קיין בוימעלע און נישט צו קיין סלופּ!
דאָס בוימעלע אז עס בליהט איז דאָך זעהר שעהן,
ווי העלפט מיר שוין גאָט מיט איהר צו דער חופּה געהן!

זאָל קענען מיין וועהטאָג היילען.
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ'האָב אָנגעוואָהרען אזא ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

## קינדער-ליעד.

אויפ'ן הויכען בארג,
אויפ'ן גרינעם גראָז,
שטעהען א פּאָר טייטשען
מיט די לאַנגע בייטשען:
הויכע מענער זענען זיי,
קורצע קליידער טראָגען זיי,
פייגען אין די טאַשען,
מעד אין די פלאַשען,
ביער אין די קריגעליך,
קינדער אין די וויעגעליך,
זיי שרייען ווי די ציעגעליך.
קומט חיים דער בלינדער
מיט די צוועלף קינדער;
קומט משה פלעכטער,
מאַכט אַן א געלעכטער;
אוי, חא־חא־חא, אוי, חי־חי־חי!
קומט דער טאַטע פון ניט הי,
ער ברענגט מילך פון די קיה,
ווער וועט טרינקען? איך און ער
שוויגער און שווער,
אברהם דער הויכער,
יודעל דער סוחר.
פידעל די קאַץ, פידעל די מויז, —
די מעשה איז אויס!

## שפּיעל-ליעד.

טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאַנג?
קומט א שעהנער פויגעל
און מאַכט א שעהן געזאַנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
אין דריי יאָהר ארום
דרעהט זיך שרה ארום!

שרה האָט זיך ארומגעדרעהט,
חוה האָט זיך דעם קאָפּ פארדרעהט!
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאַנג?
קומט א שעהנער פויגעל
און מאַכט א שעהן געזאַנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
אין דריי יאָהר ארום
דרעהט זיך חנה ארום!

חנה האָט זיך ארומגעדרעהט,
ביילע האָט זיך דעם קאָפּ פאר־
דרעהט.
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאַנג?
קומט א שעהנער פויגעל
און מאַכט א שעהן געזאַנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
אין דריי יאָהר ארום
דרעהט זיך יענטע ארום!

כ׳האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

אַמאָל איז געוועזן אַ מלך,
דער מלך האָט געהאַט אַ מלכּה,
די מלכּה האָט געהאַט אַ וויינגאָרטען, —
ליולינקע, מיין קינד!
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

דער וויינגאָרטען האָט געהאַט אַ בוים,
דער בוים האָט געהאַט אַ צווייג,
דער צווייג האָט געהאַט אַ נעסטעלע, —
ליולינקע, מיין קינד!
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

דאָס נעסט האָט געהאַט אַ פייגעלע,
דאָס פייגעלע האָט געהאַט אַ פליגעלע,
דאָס פליגעלע האָט געהאַט אַ פעדערל, —
ליולינקע, מיין קינד!
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

דער מלך איז אָבגעשטאָרבען,
די מלכּה — געוואָרען פערדאָרבען,
דער צווייג איז אָבגעבראָכען,
דאָס פייגעלע אַנטלאָפען...
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד!
כ׳האָב אָנגעוואָהרען אַזאַ ליעבע,
וועה איז מיר און ווינד!

וואו נעהמט מען אַזאַ לייטער
זאָל האַלטען טויזענד איילען?
וואו נעהמט מען אַזאַ דאָקטאָר

— דער רבי וויל, מ'זאָל דערלאַנגען די חלות ?
— נאָך וואָס טויג די חלות ?
— צו שנאַדן מוציא'ס לכבוד שבת.
אָך, עונג לשבת, בעם־בעם־ביי,
אָך, עונג ליום טוב, חא־חא־חא־חא !

— גבאי !
— וואָס וויל דער רבי ?
— דער רבי וויל, מ'זאָל דערלאַנגען די פיש.
— נאָך וואָס טויג די פיש ?
— ארימטיילן די חסידימלעך, וואָס זיצן ביי'ן טיש.
אָך, עונג לשבת, בעם־בעם־ביי,
אָך, עונג ליום טוב, חא־חא־חא־חא !

— גבאי !
— וואָס וויל דער רבי ?
— דער רבי וויל, מ'זאָל דערלאַנגען דעם קיגעל.
— נאָך וואָס טויג די קיגעל ?
— ארימטיילן די חסידימלעך, וואָס זיצן ווי אַנ'עיגול.
אָך, עונג לשבת, בעם־בעם־ביי,
אָך, עונג ליום טוב, חא־חא־חא־חא !

## וויעג-ליעדער.

### א.

אונטער יאַנקעלעס וויעגעלע,
שטעהט א קלאָהר־ווייס ציגעלע,
ציגעלע געפאָהרען האַנדלען,
קויפען ראָזינקעס מיט מאַנדלען,
ראָזינקעס מיט מאַנדלען איז דאָך
גוט,

ס'איז די בעסטע סחורה,
יאַנקעלע וועט לערנען תורה,
בריוולעך וועט ער שרייבען
און אַן ערליכער יודעלע
וועט ער אויף תמיד פערבלייבען.

### ב.

אַמאָל איז געווען א מעשה,
די מעשה איז גאָר ניט פרעהליך :
די מעשה הויבט זיך אָנ'עט
מיט א יודישען מלך.
ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד !

משה רבינו וועט אונז תורה זאָגען.
מרים הנביאה וועט טאַנצען.
שלמה המלך וועט אונז זינגען.
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען.
יין המשומר וועלען מיר טרינקען.
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
אויף דער סעודה, אַי!"

אַי, רביניו, טיראַם טיראַם־טאַם, רביניו!
אהרן הכהן וועט אונז אויך בענטשען
וואו־זשע וועלען מיר זיצען אויף דער סעודה, אַי!
וואו וועלען מיר זיצען אויף דער סעודה?
„בגן עדן גינתא, בגן עדן גינתא!
בגן עדן גינתא וועלען מיר זיצען.
אהרן הכהן וועט אונז בענטשען.
משה רבינו וועט אונז תורה זאָגען.
מרים הנביא וועט טאַנצען.
שלמה המלך וועט אונז זינגען.
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען.
יין המשומר וועלען מיר טרינקען.
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען.
אויף דער סעודה, אַי!"

אַי, רביניו, טיראַם טיראַם־טאַם, רביניו!
ווער־זשע וועט דאָרט זיין אויף דער סעודה, אַי!
ווער וועט זיין אויף דער סעודה?
„הקדוש ברוך הוא בכבודו, הקדוש ברוך הוא בכבודו!
גאָט אליין מיט זיין כבוד וועט דאָרט זיין,
אין גן עדן וועלען מיר זיצען.
אהרן הכהן וועט אונז בענטשען.
משה רבינו וועט אונז תורה זאָגען.
מרים הנביאה וועט טאַנצען.
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען.
שלמה המלך וועט אונז זינגען.
יין המשומר וועלען מיר טרינקען.
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען.
אויף דער סעודה, אַי!"

ז.

— נבאי!
— וואָס וויל דער רבי?

אי, רביניו, טיראַם טיראַם־טאַם, רביניו!
דוד המלך וועט אונז אויף שפּיעלען,
ווער־זשע וועט אונז זינגען אויף דער סעודה, אַי!
ווער וועט אונז זינגען אויף דער סעודה?
„שלמה המלך, שלמה המלך!
שלמה המלך וועט אונז זינגען,
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען,
יין המשומר וועלען מיר טרינקען,
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
אויף דער סעודה, אַי!"

אי, רבינו, טיראַם טיראַם־טאַם, רבינו!
שלמה המלך וועט אונז אויף זינגען,
ווער־זשע וועט טאַנצען אויף דער סעודה, אַי!
ווער וועט טאַנצען אויף דער סעודה?
„מרים הנביאה, מרים הנביאה!
מרים הנביאה וועט טאַנצען,
שלמה המלך וועט אונז זינגען,
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען,
יין המשומר וועלען מיר טרינקען,
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
אויף דער סעודה, אַי!"

אי, רבינו, טיראַם טיראַם־טאַם, רביניו!
מרים הנביאה וועט טאַנצען,
ווער־זשע וועט אונז תורה זאָגען אויף דער סעודה, אַי!
ווער וועט אונז תורה זאָגען?
„משה רבינו משה רבינו!
משה רבינו וועט תורה זאָגען
מרים הנביאה וועט טאַנצען,
שלמה המלך וועט אונז זינגען,
דוד המלך וועט אונז שפּיעלען,
יין המשומר וועלען מיר טרינקען,
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
אויף דער סעודה, אַי!"

אי, רביניו, טיראַם טיראַם־טאַם, רביניו!
משה רבינו וועט אונז תורה זאָגען,
ווער־זשע וועט אונז בענטשען אויף דער סעודה, אַי!
ווער וועט אונז בענטשען אויף דער סעודה?
„אהרן הכהן, אהרן הכהן!
אהרן הכהן וועט אונז בענטשען,

ג.

אין מיטען וועג שטעהט א בוים,
שטעהט ער איינגעבויגען;
פאהרט א יוד קיין ארץ־ישראל
מיט פערוויינטע אויגען.

גאט, גאט, ליעבער גאט!
לאמיר דאווענען מנחה, —
אז מיר'ן קומען קיין ארץ־ישראל
וועט זיין א גרויסע שמחה !

ד.

שנירעלע, פערעלע, גילדערנע פאהן,
משיח בן דוד זיצט אויבען־אן,
אין באלד און אין זילבער אנגעטאן.
האלט ער א בעכער אין דער רעכ־
טער האנד,
מאכט ער א ברכה איבער גאר
דעם לאנד.
אמן, ואמן, דאס איז וואהר:

משיח וועט קומען היינטיגען יאהר.
וועט ער קומען צו רייטען,
וועלען מיר האבען גוטע צייטען;
וועט ער קומען צו פאהרען,
וועלען מיר האבען גוטע יאהרען;
וועט ער קומען צו געהן,
וועלען אלע מתים אויפשטעהן.

ה.

אי, רבינו, טיראם טיראם־טאם, רבינו!
וואס וועלען מיר עסען אויף דער סעודה, אי!
וואס וועלען מיר עסען אויף דער סעודה?
„שור הבר מיט'ן לויתן, שור הבר מיט'ן לויתן!
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען אויף דער סעודה, אי!"

אי, רבינו, טיראם טיראם־טאם, רבינו!
דעם שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
וואס־זשע וועלען מיר טרינקען אויף דער סעודה, אי!
וואס וועלען מיר טרינקען אויף דער סעודה?
„יין המשומר, יין המשומר!
יין המשומר וועלען מיר אויך טרינקען,
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
אויף דער סעודה, אי!"

אי, רבינו, טיראם טיראם־טאם, רביניו!
יין המשומר וועלען מיר אויך טרינקען,
ווער־זשע וועט אונז שפיעלען אויף דער סעודה, אי!
ווער וועט אונז שפיעלען אויף דער סעודה?
„דוד המלך וועט אונז שפיעלען,
יין המשומר וועלען מיר טרינקען,
שור הבר מיט'ן לויתן וועלען מיר עסען,
אויף דער סעודה, אי!"

בוקט זיך צום צלם און זייט נישט בלינד,
וועט איהר לעבען גליקליך אויף דער וועלט!"

„שטום דו, רשע, און רעד נישט מעהר א ווארט!
האבען אלע יודען געענטפערט אזוי,
טויט אונז בעסער דא אויפ'ן ארט,
אבער בייטען אונזער אמונה — לא, לא!

אונזער אמונה שיינט וויא דיא זונן,
ס'וועט דיר, רשע, גאר נישט געראטען,
קיין אנדער אמונה נעהמען מיר נישט אין זינן,
מענסט אונז האקען און ברענען און בראטען!"

באלד האט מען געזעהען א שרעקליך בילד,
אויף קידוש השם זיינען זיי אלע געשטארבען.
דאס ארט איז געבליבען פוסט און ווילד,
פול מיט ביינער פון'ם יודישען קרבן.

ב.

גאט פון אברהם, פון יצחק און יעקב,
באהיט דאן ליב פאלק ישראל אין דאנים לויב!
דער ליבא ארציקא שבת נייט־אוועק, —
אז די ליבע וואך זאל אינז קימען —
צי געזינט, און צים לעבן, און צי מזל,
און צי ברכה, און צי א גיטע פרנסה,
און צי שלום, און צי גיטע בשורות־טובות,
צי אלעם גיטן געוועז, (געוויין)
אמן, ואמן,
מלך המשיח בן דוד!

גאט איז איבא אינדז אלע,
צי דיאר טיען מיאר האפן,
זאסט אינדזארע תפלות דאהערן,
זאסט אינז פיל גיין באשערן, —

זאסט אינז באשערן,
מיאר זאלן זאך קענען ערנערן
פון דאן כשר'ע מילדע האנט
אמן ואמן, מלך המשיח בן דוד!

נעמט השם־יתברך דעים גילדענעם באכא אין זאן ראכמא האגט,
און עיאר מאכט די ברכה איבערן גאנצן לאנד, —
זאגן כל־ישראל: „אמן, אמן!"
דעיאר אמן זאל אינדז, ליבא גאט, וואויל אסגיין!
אמן, אמן — זאל אינדז ווערן וואער:
אז די גאולה זאל קימען דאס האנטיקע יאער.
אמן ואמן, מלך המשיח בן דוד!

# פאלקסליעדער.

**די דאזינע** אבטיילונג פון פאלקסליעדער איז, מיט דער אויסנאמע פון איינינע, אויסגעקליבען געווארען פון די זאמלונגען פון י. ל. כהן, גינזבורג און מארעק און נח פרילוצקי. דאס ערשטע פאלקסליעד איז געפונען געווארען אין מאנוסקריפט, צווישען די שריפטען פון נ. מ. ליטינסקי, נאך זיין טויט. אין די רוסיש־אידישע זאמעלביכער „פערעזשיטאע", וואו דאס ליעד ווערט געבראכט מיט אידישע בוכשטאבען, ווערט געזאגט, אז דאס ליעד איז אן אלטער דאקומענט פון כמעלניצקים צייט (1648) און באציהט זיך אויף דער קאזאצקער שחיטה אויף אידען אין פאדאליער גוב. און אומגעגענד, בעזונדערס אויף דער שוידערליכער שחיטה אין באר, און אז מ. ליטינסקי האט עס אין יאהר 1884 טאקע דארט פארשריבען פון דעם מויל פון דער אידישער באפעלקערונג, וואס זינגט עס נאך עד היום. ביבל. „פערעזשיטאיע", „דאקומענטי אי סאאבשטשעניא", 3, 378.

## רעליגיעז-נאציאנאלע ליעדער.

### א.

ווער פון אונז, אידישע קינדער,
ווייסט נישט פון דיא היידאמאקען נקמות?
ווער פון אונז איעדער בעזונדער
ווייסט נישט פון דיא היידאמאקען נקמות?

דענסטמאל אין דער ביטערער צייט
שטעהט אין באר קריוונא דער קאזאקען־העלד,
נעבען איהם ליסענקא מיט דיא גוטע לייט,
און א צלם האבען זיי אנידערגעשטעלט.

פער'חושכ'ט, מיט צובראכענע גליעדער,
פון א וויסטען גרוב, א פינסטערע נעסט,
פיהרט מען צו אונזערע אונגליקליכע ברידער,
און קריוונא האט זיי מיט דיא דבורים געטרייסט:

„כ'האב שוין געשמועסט מיט אייערע ראשים און גבירים,
רופט ער זיך אן און טהוט דערביי א לאך,
אצינדערט זאג איך אייך מיינע לעצטע דבורים
פאר מיינע לייט און פאר אייך:

געגוג האט איהר און אייער ווייב און קינד
געליטען פיעל צרות, הונגער, דארשט און קעלט, —

## אסתר.

ניה איך ניט?
ניה איך יוי?
ניה איך מיט?
בלייב איך דוי?
וויא איכ׳ס מאך,
זאאג אהנ׳ס מיר,
אב דיא זאך,
איך פראביער?
פראביער איכ׳ס
און גיה פאטט!
פערליער איכ׳ס,
איז פון גאטט!
קען אאך זיין
איך געווינכ׳ס,
נעממ׳ן איין,
און איך בינ׳ס.
נו מיינט וויהגען,
איך גיה פאטט.
דיינען זיעגען
גיב מיר — גאטט! —



## יוסף הערץ.

יוסף הערץ — מחבר פון דעם פורים־שפיעל „אסתר אדער די בעלאהנטע טוגענד", פון וואנען דער פאלגענדער אויסצוג איז גענומען, איז געבארען געווארען ארום דער צווייטער העלפט פון 18טען יארהונדערט. די ערשטע אויסגאבע פון זיין פורים־שפיעל, איז געוועזן געדרוקט אין פיורדא, אין 1828. אין 1854 איז ארויס א צווייטע, פארגרעסערטע אויפלאגע פון דעם זעלבען ביכעלע, מיט „איינינען נאך ניכט געדרוקטען גע־דיכטען". אין זיין פאררעדע צו דער ערשטער אויסגאבע פארענטפערט זיך דער מחבר, אז אנ־געשריבען האט ער עס אוים צייטפארטרייב און האט עס ניט געדענקט צו דרוקען, ווייל ער האט עס געהאלטען פאר „צו גערינגפיגיג" „אונד נור דורך דאז דרינגענדע ביטטען מיינער פריינדע מיך ענטשלאס עז דעם דרוקקע איבער געבען". פאלקס־ליעדער.

### פורים-שפיעל.

#### אסתר.

וויא, אונקעל! איך זעללט אייך פערלאססען?
ווער זאלל אייך דען דיא וואטטשאפט פיהרען?
ווער אייער קאפיה מאכען? דאאז פייער שיהרען?
ווער אייך, קאכען ניהע שטריקקען שטאפפען?
אייער בראדעהויב און קלאאדער אויז קלאפפען?
ווער אייך וועשען, בעהגלע, מאנגע?
אללע פרייטיג נויכמיטטאג רויז לאנגע
אייער שוהלמאנטעל און קראהגען?
און ווער דאז עססען אין איהפעלע טראגען?
א, נא — בייא אייך ווילל איך בלייבען
עוויג פרימפעל וועלקערן — און פארבעל — רייבען.

#### מרדכי.

וואאז זאל איך טוין, ס'איז א גזירה!
איך מוס דיך אבער הינשיקקען, האב קאהן ברירה.
דרום שטיה נאר א ביזלע פריה אויף,
איך ניה זעלבסט לטובה, מיט דיר נויף
זאאג אבער בייא לייב ניט, ווער דו ביסט,
א ייד, אדער א קריסט,
א טארריק אדער א האאר,
א פרינצעססין, אדער א מאאר.

# דיכטער אָונבאַקאַנט.

דאָס ליעד „איין שען נייעס קאַפע ליעד פערפאַסט אויף די טייערונג (יקרות) דעם קאַפעס אין טייטשלאַנד אים יאַהר 1808“ פון וואַנען איך ברייננ דאָ נאָר צוויי פערזען (צווייטער און לעצטער), געפינט זיך אין א העפט פון דער „מאָנאַטשריפט פיר געשיכטע אונד וויסענשאַפט דעס יודענטומס“ (1915), וואו עס ווערט פאַרעפענטליכט פון פּראָפעסאָר דר. מ. בראַן, וואָס האָט עס מיט א קורצער צייט צוריק אויסנעגראָבען. ליידער איז דאָס דערמאָנטע העפט ניט צו באקומען צוליעב דער מלחמה, און איך באַנוץ מיך דעריבער מיט די צוויי פערזען, וואָס דער „איזראעליט“ פון פראַנקפורט אם מיין ברייננט פון דאָרט. ווי דער נאָמען פונ׳ם ליעד זאָגט, איז עס געשריבען געוואָרען אין 1808, אויף דעם גרויסען קאַפע־יקרות אין דייטשלאַנד, וואָס איז געקומען דורך דעם, וואָס נאַפּאָלעאָן דער 1טער האָט אָבגעשניטען דעם פאַרקעהר צווישען ענגלאַנד און דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט. דאָס פעהלען פון דעם באליבטען געטראַנק אין דייטשלאַנד האָט באַוואוינען אַן אונבאַקאַנט־געבליבענעם אידישען דיכטער צו „פאַרפאַסען“ א ליעד אויף דער דאָזינער טהעמאַ, נאָכמאַכענדיג די פאָרם פון א געוויסער „סליחה“, וואָס פלעגט געזאָגט ווערען אין דייטשע קהלות. דאָס ליעד איז זעהר לאַנג און איז געשריבען געוואָרען אין דאָמאָלסטדיגען סטיל: האַלב אידיש־דייטש און האַלב העברעאיש און איז, ווי פּראָפעסאָר מ. בראַן זאָגט, מעהר קולטור־היסטאָריש ווי פּאָעטיש.

## איין שען נייעס קאַפע ליעד.

בכה, מיר בדערפן וויינען אונד קלאָגן.<br>
איין בעל הבית זאָל עס דעם אנדערן זאָגן.<br>
וואָס פיר איין מכה האָט אונס געטראָפן<br>
עס ווער בעסער מיר ווערן נאָך האָלאנד געלאָפן.<br>
קאַפע איין־צו קויפן אויף עטליכע יאָהרן.<br>
טאָג אונד נאכט געריטן אונד געפאָהרן<br>
הן ווי ווערע עס זאָ שעהן<br>
וואָן מיר ווידער ווערדן ביי אונזער ווייבר זיין נושא חן.

תבוא, עס זאָל קומן די גאולה אונד שלום אין די גאנצע וועלט<br>
העלפע ליעבער גאָט, אונזרע מענער צו רעכט פיעל געלד<br>
דאָס מיר קענן ווידער קאַפע טרינקן אין טאָג דריי מאָל<br>
די שאָלען אָנשענקן אונטן אונד אבן גאנץ פאָל.<br>
אויף עטליכע גראָסע פיינע צוקער היט דערנעבען.<br>
אונס ווייבר נעביך בעקאָמן זאָל דאָס גוטע זיסע לעבן.<br>
הן, דאָס ווערד זיין רעכט שעהן<br>
ווען אלעס די ווייבר איהרען וואונש אונד קאַפע ווערד נאָכגעהן.

דיין כבוד איז פאָל אין דער גאַנצען וועלט, אים אַלע פיער עקען;
ליבער גאָט, לאָס מיך אין דער פינסטער נאַכט ניט שטעקן.
לאָז מיך קיין בעזע חלומות, נאָך רוחות דער שרעקן.
מיט דיין היילינן נאָמען לאָס מיך ווידער איף וועקען.

אוף גאָט, זיין לאָב, איז דאָס ליד וואָרען געמאַכט.
דאָס זאָל ווערן געזונגען היינט, און אַלע נאַכט,
אז דו זאָלסט אונז נעמען אין דיינער אכט.

אמן, אין גאָטס נאָמן, עס זאָל ווערען וואָר
דיין בנין בית המקדש זאָל מיר זעהן מיט אונזרן אינען קלאָר.
דאָס זאָל במהרה ווערען וואָר.

גוטע מלאכים שיק  אונז פאָן הימעל, און פיל גוטע שר'ען,
די זאָלען אונז ב'היטן און בעוואָרן,
פאָר איין בעזן און פאָר שאדן,
דאָס אונז ניקס בעז זאָל ווידער פאָרען אמן סלה.



## דיכטער אונבאקאנט.

דאס דאזיגע ליעד ווערט געבראכט אין נח פרילוצקי'ס „יודישע פאלקסלידער" מיט פאלגענ־דער ביבליאגראפיע: „מיטטיילונגען", 4.—אי־בערגעדרוקט פון דר. ה. ב. לעווי'ס קאד. (אמס־טערדאמער אויסגאב. 1791) אין וועלכען ס'טראגט דעם נאמען: „דאס איז איין שען נאכט ליעד פאר ווייבער און מיידליך, ע זי זיך וועללען שלא־פען לעגן".

### קריאת-שמע.

איך בעפעל מיין זעל אים גאטס האנד,
דער מיך האט פאן מוטער לייב געזאנד,
דער איז מן העלפר און מיין ביי שטאנד,
זיין הייליגן נאמן איז אים דער גאנצע וועלט גאר וואל בעקאנט.

מיין פאר זיכרונג האב איך אויף דיך, מיין גאט:
לאז מיך ניט ווערען מיין פיינט צו שפאט,
גיב מיר הילף צו האלטען דיין הייליגען געבאט, —
דיין בארמהערציקייט קיין ענד ניט האט.

...בין איך אז בערייט ליגען צו גען, —
דיין הייליגער נאמן זאל שטעצ ביי מיר שטען,
ער זאל מיך בעהיטען און בעווארן, און עדער מען (?),
לאס מיך האבען אין דיין אויגען חסד און חן.

איך לעג מיך נידער צו ראסט און רו,
אויף דיך, מיין גאט, מיין פאר זיכרונג טו:
דו זאלסט אונז היטען און בעווארן פאר אלען בעזז,
און דו זאלסט אונז באלד אויס אונזרען גלות דערלעזז.

לאס מיך ווידער דער וואכען פריש און געזונד
אז איך דיך קאן לאבען מיט מיינעם מונד,
דאס ביט איך דיך אויס הערצען גרונד,
דער הערע מיך, דאך צו דיזער שטונד.

האב איך היינט, דיזס טאג, גיזינדיגט,
איך אוידער איינס פאן מיינעם הויס געזינד,
זאלסט מיר פאר געבן, ווי מען געשריבן פינד,
אז ווי דו פאר גיבסט איין ערליכס פראמן יידען קינד.

שארעגראדער דוכס בארניצקי ח) בענש, ער האט זיך פאר אונז אנגינעמען.
תבוא לפניך כל רעתם, דאס שלעכין פון די היידאמאקין זאל קומען פארין הער פון דער וועלט.
תושיע, אין העלפין זאלסטי אלע וואס האבין זיך פאר אינז גישטעלט.

ח.) דער פוילישער דוכס בארניצקי, איז געווען זעהר א גוטער מענש און פלעגט שטענדיג אידען טובות טאן. זיי האבען שטענדיג אין די שוהלען פאר זיין געזונד געבעטען. ער איז שפעטער געווען דער פארזיצענדער ביים געריכט אין מאהילעורפאדאלסק, וואס האט דעם היידאמאקישען אנפיהרער, גאנטא, פאראורטיילט צום טויט.



חרון חאטשי אמאל אין הויך אזא גרושער צארין גישיין.
חמילם גזרות האבער א קייגין איצטיקער זייגין גאר נישט גיוויין.
טפינו, האבין די היידאמאקין גיקויליט, זיך גיבוידין אין זייער בליט.
טולציניר גזרה אקייגין טיטיווער איז א גאר ניט.
יה, גאט ווי האסטו דאש ביי זיך גיקענט פוילין.
יעדער איד זאל אליין זיין ווייב און קינדער קוילין. ג)
כלם, האבין זיך אין די שולען פארזאמעלט אין זיך אליין ניטייט.
כלות זייערע חתנים ווייבער זייערע מאנין האבין דערצו גינייט.
להרוג, האבין די היידאמאקין אין לימאנקי אין אין טיטויב אנגיאויבין.
לריזיניר אין ליפיוויצער אידען זיי נאך דעם בייגראבין.
נשים ענו, די וואביר האבין זיי אומיטים צו זנות גינייט,
נאך דעם גיטרענט דעם בויך אין לעבענדיקע קעץ פארנייט. ד)
סררנו, מיר האבין פון דיין גיטען וועג גיקיירט זיי אונז נישט מאשם.
סמעליר סאווראניר אידען זענין אלע אימגיבראכט גיווארין על קידוש
השם.
על גזרות ת"ח מאכט מען א תענות בק'סיון אין מען טיט סליחות זאגין.
על גזרות אוקריינה מעג מען וואכ"ן מאכין תעניתים סערא מער
צי קלאגין.
פלגי מים תרד עיני, בויכין טריירין טיען פין מיינע אויגען רינען,
פאהראבישטשער אידען האבין די הייד'אמאקין דער טרינקען אין א ברינען.
צדיק אתה. וואס דו גאט טיסט מיזין מיר אנעמין פאר ליב און רעכט.
צעקיניווער אידען האט מען גינעמין בשבי אין פארקויפט פאר קנעכט. ה)
קראנו לך בעת צרה. מיר האבין דיך גאט גירופין איינגשאפט פארנעם,
קראסנער, קאסטוטינער אין קאלישער אידען זיינין גיטיט גיווארין
על קידוש השם. ו)
רבונו של עולם, הער פין דער וועלט ווי האסטי דאש גיקענט צו זייען,
ראגראדער אידען האבין איינש דאש אנדערע גיקוילים אליין. ז)
שמע צעקתנו, גאט אונזיר גישריי זאלסטי הערין און פארנעמין,

ג.) דאס זעלבע ווערט באשטעטיגט פון ר' אריה ליב עפשטיין — רב אין קעניגסבערג. פארפאסער פון „האגרת", וואס איז געדרוקט אין „ספר הפרדום". ער שרייבט פאלגענ־דעס: „אין די שטעט טעטיאוב, ליפאוויטש ופאהראבישטש זענען נהרג גיווארין אלפים גדולים יהודים, און אנדערע האבען ממיר דת געוועזין בעוה"ר, און האבין גענומט זייער אייגען וואב אין קינדערלאך קוילען פאר די פחזיסם אויגען: דאס איז די פרוב (בחינה וניסיון) געווען, אז ער האט רעכט ממיר גיוועזין און דער נאך האט מען דעם זעלבינגען ממית געוועזין".

ד.) אזעלכע אכזריות ווי אויפצושניידען בייכער פון פרויען און לעבעדיגע קעץ איינ־נעהען, האבען די היידאמאקען געטאן אין מעהרערע שטערט.

ה.) פיעל פון די, וואס מען האט ניט גע'הרג'עט האט מען פארקויפט פאר קנעכט.

ו) אין די דאזיגע שטעט האבען די אידען מקדש השם געווען, אויסקלייבענדיג זיך בע־סער דעם טויט, איידער געפייניגט צו ווערען איידער צו שמד'ען זיך.

ז). אין דער דאזיגער שטאט האבען אידען מקדש השם געווען מעהר ווי אין אלע אנ־דערע שטעט. ווען זיי זיינען געוואויר געווארען, אז די היידאמאקען קומען אן, האָ־בען זיי זיך אלע פארזאמעלט אין שוהל און האבען איינער דעם צווייטען אויסגע־קוילעט: כלות האבען געהאלטען חתנים און מאמעס זייערע קינדער, געקוילעט צו ווערען.

# דיכטער אונבאקאנט.

„קינה על גזרות תקכ״ח", אדער ווי דער פולער נאמען איז: „קינה בשפת יהודית־אשכנזית על גזרות תקכ״ח", איז איינע פון יענע היסטארישע מארטירער־דאקומענטען, מיט וועלכע דער אידישער גלות איז ליידער אזוי רייך. דאס קלאג־ליעד איז געשריבען געווארען אין יאהר 1768, דאס יאהר פון דער מורא׳דיגער אי־דען־אויסשלאכטונג דורך די היידאמאקען, און שילדערט מיט בלוטיגע, הארץ־פארגליווערענדע פארבען יענע רצחות און יסורים, וואס זיינען אזוי מורא׳דיג באריהמט געווארען אין דער אידי־שער געשיכטע. ווי דאס פאריגע קינה־ליעד האט אויך דאס פאלגענדע נים קיין אויטאר. ווי וויים עס איז באוואוסט, האט עס באלאנגט צו דער פעדער פון איינעם, וואס האט די גרויסע געשע־העניש אליין ביינעוווינט. אין 1893 איז עס אי־בערגעזעצט געווארען פון דובנאוו׳ן אין רוסיש, און איז נעדרוקט געווארען אין „וואסכאד" אגוסט נום. פון דעם זעלבען יאהר. ביבל. נ. מ. ליטינסקי, „קורות פאראליא".

## קינה על גזרות תקכ״ח.

לויט׳ן דאפעלטען א״ב.

אבינו שבשמים, ווי אזוי קענשטו דאש צו זייען.
אוקריינער אידען זאל אזוינע גרוישע צרון גישיין.
בטל מעלינו, די גרוישע גזרה פון די היידאמאקין,
באלטער אידען האט דער רשע סילה גיטאן טריינקין, בראקין אין האקיז גזרות קשות, אזעלכע ווי איז גיערט גיווארען אין דער וועלט.
גאנטע האט אויך קליינע קינדער ממית געוועזין אין נאך דעם גינעמין געלט.
דם רב, האט זיך ווי רישקים וואסיר אין די גאסין גינאסין.
דראזניר אידען האבין נאך מעריר פון באלטער גינאסין.
הרג רב, האבין די היידאמאקין אין פיל שטעט גימאכט,
הומאניר אין הייסיניר אידין האבין זיי ביז איינעם אומגיבראכט.
וגם,, אין הויף קליינע קינדער האבין זיי גישטאכין אין פארברענט
וואביר האבין זיי גיבינדען אין לעבעדיק דעם בויך גיטרענט. א.)
זעם, א גריישער צארען איז אויף זאבאטיניר אידין אוישגינאסין גיווארין,
זעליזניאק ב) האט זיי פריר בארויבט דער נאך אלע פארלוירין.

---

א.) דעם בויך צושניטען.

ב.) מאקסים זשעלעזניאק איז פריהער געווען א רייכער, העלדישער קאזאק. אין דער יו־גענד האט ער נעדיענט אין שטשיגרינער קלויסטער. שפעטער איז ער געווארען הויבטמאן איבער די זאפאראזשנע קאזאקען. איינמאל אין ער פלוצלונג נעקומען מיט א באנדע קאזאקען קיין סמעלא. און האט אויפגעפאדערט אן אונגעהייערע צאהל פויערים צו באוואפנען זיך און צוזאמען מאכען א שחיטה אויף אידען און אויסראטען זיי פונ׳ם לאנד. די הויבט שחיטה איז געשעהן אין אומאן. יענע הריגה איז אין דער אידישער געשיכטע באקאנט אלס „די אומאנער שחיטה".

דיא אלט נייא שול איז מיט גאַטש הילף ווארין בינעזין.
דאַש פייאר איז שון אויף דער פאליסה דאַך גיוועזין.

דאַ הערט נאָר צו איין אנדרי זאַך
דאַ האַט מען ניפונדין שוועביל אונ׳ פעך אויף שמואל בומסלא זיין דאַך.
דוא האַט מען וועלין אהן צינדן דיא איברינגה הייזר ווידר.
דאַ זיינין אונש אויף נייא דער שטארבין אלי אונזרי גלידר.

אל מיין זינגין טוהט ביז דאטאַ גאָר נישט קלעקין.
אלי רגע זיינין אונש צו הענדין גיקומין אנדרי שרעקין.
יהודים האַט מען אויף גיפאנגין פון דער גאסין צו דער הויף ליפליכי
קומסיאן
חושר האַט מען אונש גיוועזין מיר האַבין עש זעלבשטין ח״ו גיטאַהן.

דאַז ליד האַב איך אברהם משה טאַהן מאַכין מיט צו בראַכנין הערצין
יועז איך גידענק אז מייז הויז אונ׳ האַב אונ׳ גוט וויא קאַן איך עז פר שמערצין
ווייליז איך בין אַב גיברענט גיוואַרן דארך דאַש גרושה פייאר.
דרום קויפט איר מיר אַב דאַש ליד דז איך האַב עטוואַש צו שטייאר.



# אברהם משה לאץ.

אברהם משה בן דוד לאץ — מחבר פון „איין שריפה ליד מפראג", האט געלעבט צווישען 17טען און 18טען יארהונדערט. דאס שריפה־ליעד פון וועלכער איך ברייננ נאר איינינע פערזען איז אין א בעזונדער אויסגאבע געדרוקט געווען אין פראג 1754, מיט פאלגענדער פאררעדע: „אירה ליבה לייט מאנין אונ' ווייבר אונ' יונגין אונ' מיידין, קומט איר צו לויפין אום איין שריפה ליד מיר אב צו קויפן. דרום קויפט איטליכר א יינש אין הויז ווייל זיא גענין מיר בלך אויז". אן עקזעמפליאר פון דעם דאזינען ליעד געפינט זיך אין דעם נויארקער אידיש־טעאלאגישען סעמינאר.

## איין שריפה ליד מפראג.

הערט מיר צו פון פראג דיא קהלה הקדושה
וויא עז אונז איז גיגאנגין ביום ו' פרשת בחקתי,
אום י"א אור בלילה איז דאש אש ארויז קומין,
דא איז אויף אונז קומין איין פר וואגלונג אונ' איין מהומה.

צו ברענין האט עז אן גיהובין אויף דרייא אדר פיר זייטין,
מן האט ניט גקענט לעשין מן האט ניט גיהאט קיין כלים צו ארבייטין.
דא האט מען גיזעהין אלז גזרה איז מן השמים,
וויא דוחק האבין מיר גיהט אין דען מים.

דיא לייט זיינין צו דער רער קאס גילאפין וואשיר צו הולין,
ווייל קיין וואשיר איז דרינין גיוועזין איז זיא פר ברענט גיווארין אויף קולין.
ווייליז מאן האט מוזין ווייט נאך וואשיר לויפין,
דער ווייליז זיינין דיא הייזר פר ברענט אונ' זיינין גיפלין אויף איינעם הויפין.

דא זיינין מיר גיוועזין ערשט אין העכשטין גיפאר,
מענחה זענין גילאפין מיט ווייב אונ' קינד אויף דער קליין זייט,
מענחה אויף דער נייא שטאט
מענחה צו דען ווישראדר טאהר.

ד' בתי כנסת זיינין פר ברענט גיווארין
וויא איז אויף אונז אויז גיגאנגין פון גאט איין גרושר צארן.
וויא זיינין פר ברענט גיווארין דאש בגדי קודש אונ' דיא ספר תורת
וויא האבין מיר גיזעהין פר שמאלצין ליגן דיא הענג לייכט אונ' דיא מנורת.

פון רב נס איז אונש פון גאט גישענקט גיווארין איין צייל.
דאש פייאר האט מען גיזעהן אויף פיל מייל.

דרום האבין זיא גילאזט אויש רופין מיט פוקין אונ' טרומיטן
דיא וואש דאש מקום ווערן איין נעהן זאלין דיא יודן טיטן :

דרייא טאג האט זיא געבן צייט זיא זאלן זיין אן גברייט
דען זיא ווילן זיך איר לעבן אין שטארים וואגין
דו וואש ווערין פון זיא איבר בלייבין
זאלין די פול מאכט איבר דיא יהודים האבין.

זיא האבין גיטאן אויף ביטן
אל דיא פויארין פון דיא דערפיר :
זיא זאלין זיך איר העק וואל אן שארפין
זיא זאלין זיך דאן דיא יהודים נוקם ונוטר זיין.
צו פר טילגן גרוש אונט קליין.

דען פירדן טאג אין חודש אב בייא נאכט
האט הקב"ה אונזיר זינד גידאכט.
דיא טורין פון דיא תפילה האט ער גיטאן צו שליסן.
אויף פון דיא טרערין וואש מיר האבין גיטאן פר גישן.

אוי נא לנו כי חטאנו, וויא האבין מיר זיך גיטאן אל חורבן...



זיינין דער נאָך אנדרי ניקומין
מן זאָל ווייזין וויא געלט איז פר גראבין.
איינר דען אנדרן האָבין זיך בינעבין אין דיא טיר
צו שרייבן אלש ווער צו ווינינ אָל דאָז פּפיר:

האָבין גיזאָגט צום ערשטן ווילן מיר נעמן אייער געלט:
דער נאָך מיזט איר קומין פון דיא וועלט
ווערט דען אראָפּ קומן פון הימל אייער גאָט,
מיר ווילן אייך מאכין צו שאנדין אונ׳ צו שפּאָט:

...איין גזירה איז דאָש גיוועזין
דז איין פאָטר האָט נישט גיוואושט פון זיין קינד.
אונ׳ אז דאָז קינד האָט גזעהן
מן וויל זיין פאָטר אונ׳ מוטר הרג׳ין
איז עז אוועק גלאָפין נשווינד.
אונ׳ האָבין זיך אין לערכער טון פר שטעקין.
מיט שטרויא הובין זיא זיך טון צו דעקין:

וויא האָט דאָז קענן גאָט צו זעהן.
זינד טיטום רשע איז דאָש נים גישעהין:
זיא האָבין גישפּראָכין וואו איז אייער גאָט?
לאָז ער זיך אן נעמין אז איר קומט צו שפּאָט.

ווען מיר וועלטין דעם חילול השם שרייבין פון דיא שול.
מעכטין זיין גאנצי ביכר פול.
ווילן מיר דערפון פר מיידן.
איין טייל וואש זיא האָבין פון דיא כלי קודש גינומין ווילן מיר בשיידן:

עס זיינין גיוועזין קרוינין אונ׳ בלעך אונ׳ פּרכת׳ן פין פר צייטין הער:
וואש דאָ האָט מקדיש גיוועזין דער רייכיר ר׳ הירש אונ׳ דער רייכיר ר׳ בער
אויך מיין פעטיר ר׳ ישעי פלאצקער אונ׳ די אנדרי מיכטנים.
דאָס איז גיוועזין פון כמה שנים:

אויך הקצין ר׳ בעריל האָט גינעבין איין פּרוכת אין שול.
עז איז רייך גיוועזין אין זילבר אונ׳ גאָלד גאר פול,
וויא פיל טויזינט גילדן הוט עס אן גיטראָפן,
זיא זיינין דער מיט אין קלוסטר אריין גילאָפין:

אונ׳ גשפּראָכין יודן פר פייאר זאָלט איר אייך היינט היטן:
וואשיר זאָלט איר אייך לאָזין טראָגין אויף די דעכיר
איר ווערט בקומן פייאר דאָז איר ווערט אייך פר שטעקין אין דיא לעכיר:

איבר דיא יהודים איז ליידר וואָרן אן נעבן איין מסירה
וויא זיא ברעננן אויף דער שאַנץ קונלין אונט פולוויר צו נו פירן

# דיכטער אומבאקאנט.

„די באשרייבונג פון גזירות ק״ק פוזנא״. איז צוערשט געדרוקט געווען אין א בוך צוזאמען מיט אן אידישער איבערזעצונג פון תרגום שני אין בערלין 1717. שפעטער איז עס איבערגעדרוקט געווארען אין דער האלענדיש־אידישער וואכען־שריפט „איזראעליטישע לעטטערבאדע״ אין אמסטערדאם, פון וואנען עס ווערט דא געבראכט, אויסלאזענדיג איינינע אונפארשטענדליכע פערזען. ווי עס שיינט האט דאס ליעד אויך אין איהר ערשטער אויסגאבע ניט געהאט קיין אויטאר. ביבל. „לעטטערבארע״ 11, 166.

## גזירות ק״ק פוזנא.

מיר האבין גימיינט מיר זיינן פויגיל פרייא\
עז זיינן יהודים ווידר אוים דעם מקום גיגאנגין.\
ערשט האט מן זיא ווידר טאן אויף פאנגין:\
אריין האבין זיא בפעלין טאן.\
עז זאל זיך קיין יהודא ווייזין אונ׳ קומין צו גאן.\
דען זיא קענין קיין יהודי פר זיך זעהן:\
זיא זאגן זיא קומין נאר אויש שפעהין:

וואש האבין מיר זיך דא גיזעלט נידענקין.\
וואול גאוו ווישט (געוואוסט) זיא ווערין אונש דאש ניט שענקין:\
אבר מיר הובין גמיינט זיא ווערן נעמן אונזר הוב אונ גוט:\
מיר האבין אבר ניט גיטראכט זי ווערן נעמן אונזיר בלוט:

האלופי ראשי קציני קהילה האבן פר דיא ענים ואביונים טון זארגין.\
אונ פעולות גיטאן דז איין שררה האט זיא הונדרט שעפיל קארין טאן בארגין:

איז דאז פאלק נאהינט אן מקום גיקומין.\
אונ׳ האבין דיא מילן אוועק גינומין:

וויא בימר איז גיוואזין אונזיר לעבין.\
מיר האבן ניט גיהאט איין קינד איין שטיקל ברויט צו געבן.\
וויא זיינין מיר אין צרות גיזעסין.\
איינר הוט דעם אנדרן שיר לעבדיגר הייט אויף גינעשין:

אויך האבין מיר נישט גיהאט צו טרינקן\
צייטן (סיידען) ווער וואש דא האבין טון שטינקין.\
דען דאז פאלק האבין אוועק גיטראגין:

אך מיין זון יוסף פיל ליבר ווער איך געשטארבן
און' דיר דיין יונגש לעבן ערווארבן
וואז האב איך בייא דיינם לעבן גיהאט פאר פר גניגן
אבר נאך אב שטערבן דיינר ווערט איך קיינר קריגן.

שטיא אויף וואו דוא ליגשט און' קום צו מיר
און' זיך מייני שמערצן וועלכי איך טראג איבר דיר
קום און' ציל דיא טרענן וועלכי אויף מייני באקן הענגן
און' טוא זיא פר דען הימלישן פאטר ברענגן.



## יוסף׳ס קלאַג-ליעד אויף רחל׳ס קבר.

הערץ אליר ליבשטי מוטר וועלכי מיך אונטר אירם הערצן האַט גיטראָגן
מיין נאַטפאל מוז איך דיר קלאָגן
וויא מירש ליידר זאַ איבל גיט אין אלן זאכן
ווערטישטי מוטר איך ביט דוא זאָלשט אנטוואכן

אנטוואך אונ׳ זיך אוב דוא עש קאַנשט ביפינדן פאר רעכט
אלש מיך מיין און ערבערמליכי ברידר האָבן פאר קויפט פאר איין קנעכט
איך ביט דוא זאָלשט פון דיינם שלאָף אנטוואכן
אונ׳ אַן מייני מערדרליכי ברידר זוכן ראכן

צו דעם בעט איך דיך ניט מיינר ווענן אליין
זונדרן מיינן פאטר צו טרישטן פון זיינר שמערצן אונ׳ פיין
וועלכי ער מיינט ווענן ווערט ליידן
פון זולכן אב צו האלטן אונ׳ פר מיידן.

## רחל פון קבר.

ליבר זון דייני קלאָגליכי ווארט זיינן מיר צו אורן גאנגן
דורך דר הערשטי און מוט האָב איך זיא אנטפאנגן
דייני טרענן האָבן מיך אנטוועקט אויז מיינם שלאָף
אַך אונ׳ וויא זאָל איך זעהן דיך האלטן אלז איין שקלאָף.

יעדאך ביט איך דיך מיין קינד דוא זאָלשט ניט פר צאַגן
אונ׳ דיר אלי מלאנקאלייא אויז דיינם זינן שלאָגן
איך וויל אויז מיינר גרוב אויף שטין אונ׳ פאר גאָט דען אלמעכטיגן טרעטן
אונ׳ אין דיינט ווענן ביטן.

אלש ער דיך זאָל היטן אין אלין שטיקן
אונ׳ דאָש דוא אין אלין ווערקן מעכשט בינליקן
דרום אויך מיין קינד מיין ליבשטר זון יוסף זייא גיטרישט אונ׳ וואָל גימוט
דען וואש גאָט איינם צו שיקט מוז מן אַז נעמן פר גוט.

## יעקב׳ס קלאַג-ליעד.

מיין זון יוסף מיין ליבשטר זון
וואַז ווערדי איך פר גרוש לייד אַז באַנגן טון
איך בין אורזאכר אַן דיינם טאָט
איך האָבי דיך גיבראכט אין דיזר נאָט.

# יששכר בערמאן.

יששכר בערמאן פון לימבורג — מחבר פון דעם פורים־שפיעל „מכירת יוסף“ און ארגאניזאטאר פון אידישען פאלקסטעאטער אין דייטשלאנד. געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון 17טען יארהונדערט אין פרידבערג. אין 1708 האט ער אין פראנקפורט אויפ'ן מיין איינגעארדענט אידישע פארשטעלונגען, וואו עס איז אויך אויפגעפיהרט געווארען זיין „מכירת יוסף“, פון וועלכען דער פאלגענדער אויסצוג איז ארויסגענומען. (עס געפינט זיך אין י. י. שודט'ס „יודישע מערקווירדיגקייטען“ באנד 1—3, נומ. 10, 226.) דאס דאזיגע טעאטער־שטיק איז געוועזען זעהר פאפולער און איז געשפיעלט געווארען ביז אין דער צווייטער העלפט פון 19טען יארהונדערט. ביבל. יוד. רוס. ענצ. A 282; ז. רייזען, „לעקסיקאן“; נח פרילוצקי, אין „טעאטער־וועלט“, 1909, 6—7.

## מכירת יוסף.

### פאסטוך - ליעד.

חאטש דען ניכט איין שעפר גוט
ער ליגט אויף דיא ווײדן אונ' רואט
זיין שאף אונ' זיין ווידר
לאזט ער ווײדן אויף אונ' נידר
ווען זיא האבן אויז גיווײד
זא פארט ער נאך הויז אין לויטר פרייד.

ער קאן זיך שון רייכליך ער נערן
ווען ער אלי יאר זיין שאף טוט שערן
שערט ער זיא נים קאל
האט ערש אים יאר צווייא מאל
מן פינד ווינינג דיזר האנדלשאפט אירש גלייכן
דיא איר הערן מאכן זא רייכן

צום איבר פלוס האט איינר איין גליק
פאנגט אז צו פאסלן איין יעדר שטיק
דער מיט איין גאנצי קלייני הערד
און איבר וויגדליך גרוש ווערט
מוז דאש נים איין. גוט האנד ווערק זיין
ער בירייכט זיינם הערן אינש נימיין.

# דיכטער אונבאקאנט.



די זעלטענע תפלה „געבעט פון א געווינע־ רין“ האט ניט קיין מחבר. זי איז אבער ארומ־ געוועבט מיט א מערקווירדיגער מעשה׳לע. י. י. שודט, דער זאמלער פון די „יודישע מערקוויר־ דינקייטען“, פון וואנען דאס געבעט איז ארויס־ געגומען, דערצעהלט פאלגענדעס:

א קריסטליכע העב־אמע האט מיר דער־ צעהלט, אז זי האט איינמאל בייגעוואוינט א פאל, ווען די דאזינע תפלה איז געזאגט גע־ ווארען פון אן אידישער געווינערין, אויף וואס אלע אנוועזענדע האבען געענטפערט „אמן“. נאכ־ דעם ווי די געווינערין האט געענדיגט איהר גע־ בעט, האט זיך די קריסטליכע העב־אמע צו איהר געווענדעט: „האט איהר עס געבעטען?“ דערויף האבען די אנוועזענדע אידישע ווייבער געענט־ פערט „יא“.

— דאן בעט איצט אויך מיט מיר.

— מיר פערשטעהען ניט אייער געבעט.

— דאן מוזט איהר עס לערנען צו פער־ שטעהן, האט די העב־אמע געענטפערט און האט אנגעפאנגען צו זאגען איהר געבעט, וואס ענדיגט זיך:

„אונד אויב עס וועהעט ביז אין דער נאכט;
אונד ווידער אן דען מארגען,
זאל דאך מיין הערץ אן גאטעס מאכט
פערצווייפלען ניכט נאר זארגען.
ער איז אליין דער גוטער הירט,
דער ישראל ערלייזען ווירד,
אויף זיינען גויטען אללען“.

די ווייבער האבען זיך אויפמערקזאם צו־ געהערט און ווען זיי האבען צולעצט דאס ווארט ישראל געהערט, האבען זיי אלע פריילאך אויס־ גערופען: „אויב אזוי איז דאס א גוטע געבעט“. געבראכט לויט דער לאטיינישער טראנסקריפציע.

י. י. שודט, וועמעס בילד איך ברייננ דא — באריהמטער קריסטליכער אריענטאליסט, געבא־ רען אין 1664 אין פראנקפורט אויפ׳ן מיין, דאר־ טען געשטארבען אין 1722. מיט זיין זאמלען די „יודישע מערקווירדינקייטען“ האט ער פיעל ביינעשטייערט צו דעם גרויסען אוצר פון דער אידישער געשיכטע. ביבל. י. י. שודט, „יודישע מערקווירדינקייטען“, (ארויסגעגעבען אין 1715) באנד 1—3, בוך 6, קאפ. 26, ז. 9. וועגען שודט: יוד. רוס. ענצ. 16, 185; יור. ענג. ענצ. 112.

## געבעט פון א געווינערין.

אויף מיין רעכטען פוס טרעט איך.
גאט דען הערען בעט איך.
דאס ער ענטבינד,
מוטער אונד קינד. —
געבארען זאל עס ווערען
צו גאטעס עהרען.

אויף דעם בערג כרמל
שטעהט איין הינדין אונד שרייהט,
זא קומט איין ענגעל פום הימעל
אונד שפריכט: „ווארום שרייהסטו
זא?“

— איך בין איין געווינערין,
איך בין איין געבאהרערין.
— גאט ווירד דיר אונד אלען
בענשען העלפען.

# געליע.

**געליע,** די קוים צוועלף יאהריגע דיכטערין פון דער אונטען קאפּירטער, וואונדער־שעהנער תפלה, איז געבארען געווארען אין יאהר 1702. איהר פאטער משה בן אברהם, א בעוואוסטער אידישער מחבר און דרוקער, איז געווען א געבארענער קריסט פון ניקאלסבורג, וואס האט זיך שפּעטער מגיר געווען. אין 1714 האט ער אין האלע ארויסגעגעבען אן אידישע סדור־איבערזעצונג אונטערן נאמען „תפלת משה", צו וועלכער די יונגע געליע, וואס האט געארבייט אין איהר פאטערס דרוקעריי, האט צוגעגעבען איהר תפלה אלס פאררעדע. ווי קייזערלינג וויל האבען אין זיין בוך „די אידישע פרויען אין דער געשיכטע, ליטעראטור און קונסט", איז געליע קיין פולע צעהן יאהר ניט אלט געווען ווען זי האט דעם דאזיגען שיר געשריבען. ביבל. קייזערלינג, „די אידישע פרויען אין דער געשיכטע, ליטעראטור און קונסט; ז. רייזען, „לעקסיקאן"; א. שולמאן, „שפת יהודית אשכנזית וספרותה", ז. 58.

## תפלה.

דיזי שינה נייאי תפלה פון אן פאנג ביז צו ענד,
האב איך גיזעצט אלי אותיות מיט מייני אייגני הענד,
געלה בת הר"ר משה המדפיס
ואמי מרת פריידה בת הר"ר ישראל כ"ץ ז"ל,
דיא האט מיך צווישן צעהן קינדר ש"י ניבארן,
איך בין איין בתולה נאך עטוואש אונטר צוועלף יארין.
נעמט אייך קיין חידוש, דאש איך מוז ארבייטן,
הרכה והענוגה בת ישראל זיצט אין גלות לאנגי צייטן,
איין יאר ניט אהין אונ' דאש אנדרי טוט קומן,
אונ' מיר האבן פון קיינר גאולה נאך ניט פר נומן,
מיר שרייען אונ' מיר בעטין אן גאט אלי יאר,
ער וואלט דאש אונזרי תפלות בייא השם ית' זולטן קומן פאר.
וויא ווייל איך מוז שווייגן שטיל,
איך אונ' מיין פאטערש הויז טארין ניט רידן פיל,
וויא עש כל ישראל ווירט דער גין,
אלזו זאל אונז אויך גישעהן.
דען דער פסוק טוט זאגן, עש ווערין זיך פרייען אלי לייט,
דיא אויף דאס חורבן פון ירושלים האבן ניטון קלאגן,
אונ' דיא אויף דאש גלות האבן פר טריבן גרושי לייד,
דיא ווערין מיט דער גאולה האבן גרוש פרייד...

מייני פּיס זיינין שוואך אליביידן.
מייני אוינן זיין פר טונקלט פר נראשי ליידן.
מייני אהרין קענין פר גראש שרעקן ניכט מער הערן.
מייני אוינן פליסן גנצי בעך מיט טרערן.

דוא פר פינסטרדי ערדן טוא דיין ווייט מונד אויף מאכין.
אונ׳ זאלשט מיך פר שלינדן אין דיין וויטן רכין.
אלש דוא האשט דען קרח איין גנומן.
דז ער אהני שנד איז פון דער וועלט הין וועק גקומן.



## אסתר.

אַ אליר העכשט הויבט דער גנצי ערדן,
איך בין ניט ווערדיג דז מיך איהרי מ"ט פאר אייז גמאהלין בגערין
דיא פאַהר פאַהריני איזט גוועזין פאַן האַהן געשלעכט.
אונ' האַט דאַך איהרי מייעסטעט ניכט קאַנין בדיענן רעכט.
נון וויא זאַלט דאַן איך בשטין.
אודר וויא וואַלט עש מיר ערגיהן.
דרום וואַלט איך אונטר טעניג ביטן,
דש דיזוז זאַלט בלייבן פר מיטן.

## דער קעניג.

שטיט אויף איהר אליר שענשטי פרינצעסין.
איר האבט דיא שענשטי ליר.
פאר אנדרי אליין גפאלט איר מיר.
איהר הבט דיא רעכטי גינאַד,
וויילין איהר פאר אלין אנדרין דען פאַר צוק האַט.
דארום זאַג איך נאַך מאַהלין שטיט אויף אליר שענשטי ברויט.
אייך איזט גראַשי עהר אונד ליב פר טרויאט.

## המן׳ס קלאַג-ליד.

נון מייני טרייאי הערן וואַז זאַל מן אויף יעמנטן וויינן אונ' קלאַגן
וואַן מן איין ערליך פון זיין בעט צו דער גרוב טוט טראַגן
דאַן דיזש וויש מן וואול דש וואַז פלייש איז מוז ענטלך שטערבן
אונ' מושט צו טייל ווערדן דענן ווירמן.

העלפט מיך ליבר צו קלאַגן אונ' צו בוויינן.
ווערכן ניט צו גראַב קומן מיינןביינן.
איין זאלכר מיניסטר דער דאַ האַט גהבט צו בפעלן איבר אלי הערן.
זאַל יעצונט דען ראבן צו טיילט ווערן.

וואו איזט זאלכש ווארן גזעהן אַדר ער הערט.
עז ווער פיל בעשר דש איך קינן דען פיינט גפאלין ווער אין דש שווערט.
זאַ ווערי איך ערליך צו גראַב קומן אלש איין האַהר האַפיציר.
און איין ערליכן נאַמן גלאַזן הינטר מיר.

אַביר יעצונד זאַל איך ליידר דען שרף ריכטר ווערן איבר געבן.
אַה ווע פר פלוכט איזט זאַלכש לעבן.
ווי זים ווערי דער נאַטירליכי טאַט וואן מיר מיין זיל זאַלט ווערדן גנומן.
אלזאַ שפריכט ווע דעניין דיא דען טאַט האַפן אונ' ער וויל ניכט קומן.

# דוד אפּענהיים.



דאַס פּורים־שפּיעל „אסתר מיט אחשורוש אקטאַ“ איז פאַרפאַסט נעוואָרן פון אייניגע ישיבה־בחורים און איז, ווי עס ווערט מיטגע־טיילט אין דער פאַררעדע, דורכגעגאַנגען די הענט פון „אדונינו מורינו ורבינו האגון המפורסם מוהר“ר דוד אופנהיים זצ“ל“. דוד אפּענהיים — גרויסער תלמוד׳יסט און אידישער ביבליאָפיל. געבאָרען אין וואָרמס, אין יאָהר 1664, גע־שטאָרבען אין פּראַג דעם 12טען סעפּטעמבער, 1736, האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע ביבליאָטעק מיט איבער זיבען טויזענד ביכער. דאַרונטער איין טויזענד מאַנוסקריפּטען. צום ערשטען מאָל איז דאַס פּורים שפּיעל געדרוקט געוועזן אין 1720. דאַס ביכעלע צייכענט זיך אויס מיט אַ זעלטענעם פּאָעטישען שוואונג און מאָדערנער אויפפאַסונג, וועדליק פאַר יענער צייט, אַזוי, צום ביישפּיעל, איז דער פאַרביסענער „רשע“ המן, אין זיין קלאָג־ליעד אַזוי טראַגיש, אַז ער רופט אַרוים מיטגעפיהל. אין 1780 איז דאַס זעלבע פּורים־שפּיעל איבערגעאַרבייט געוואָרען, אָדער בעסער געזאָגט, שטעלען־ווייז איבערגעדרוקט גע־וואָרען אונטער׳ן נאָמען: „אסתר אונד מרדכי טרויערשפּיל“, פון יאקב כה׳ יחזקאל מפוזנן“, אָבער מעהר ווי די שפּראַך איז דאָרט קיין זאַך ניט אַנדערש. אַ קאָפּיע פון ביידע דערמאָנטע אויסגאַבען, געפינט זיך אין דעם נויאָרקער אי־דיש־טהעאָלאָגישען סעמינאַר. וועגען דוד אפּענ־היים זעה: יור. ענג. ענצ. 9, 410—411; יוד. רוס. ענצ. 12, 109־110; ז. רייזען, „לעקסיקאָן“.

## פּורים-שפּיעל.

### ושתים קלאָג-ליד.

פעלזן קליפּן האַכי בערגן
פינשטרי וועלדר אונ׳ טיפי טאַל
ווילדי טיהרן וואַשיר וואַלין
פאַגיל לופט אונד עכאַשאַל
העלפט מיר מייני שמערצן בוויינן
שויאט דאַך מיין יאָמר אַן
העלפט פעלזן העלפט שטיינן
העלפט וואַז נור העלפן קאַן
העלפט, העלפט, העלפט
וואַז נור העלפן קאַן.

איך וויל אייך מיין און גליק קלאַגן
איך בקען עש אין דער שטיל
דש וואַש מיך זאַ זעהר טוט פּלאַגין
אונד וויא מיר גשיכט צו פיל
דער ווייל איך מוז פון איר
מייעסטעט אַב שיידן

זאָגט נון וויא קאַן איך פריליך זיין
זאָגט נון אוב איין גרעשרי ליידן
אויף דער גנצי וועלט קענט גזיין
אויף דער גנצי, אויף דער גנצי,
אויף דער גנצי וועלט קענט גזיין.

קומט איר פינגל אויז דער ליפּטן.
אונד פר לינדריט מייני פּיין.
העלפט פעלזן, העלפט קליפּן.
אונ׳ בטראַכטיט דז לייד מיין.
איבר מייני זינדי
איך אלזאַ פר שווינדי.
אַך דיא יאָמר אונ׳ גראַשי נאַט.
איך ווייש קיין אנדרי אורזאַך צו פינדן.
וואָרום דש און גליק מיך אלזאַ פּלאַגט.

ניט קענין מייני אויגן פון טרעהרין טרוקן ווערין
אכט אָבר ניין הונדרט מתים זאָלן מיט איין מאָל ליגן אויף דר ערדן
גנצי גזינדר זיין וואָרן אויזגריסן
איבר דיזן מייני אויגן בעך טרערין פליסן

קרוב נאָהנט בישטו אל מעכטינר גאָט צו אלין דיא דיך אָן רופן טונן
דרום זאָלשטו אונז פון דיזן צרות מאָכין אנטרונן
דיא רייני נשמות גיב דש איבגי לעבן
אונ׳ אונז זאָלשטו גיזונד אונ׳ שלום געבן.

רחמים צדיק דיין גרוש רחמנות זאָלשטו אויף אונז ערוועקין
אונ׳ לאָז אונז אין דיזר עלענט ניט שטעקן
אונ׳ טואָ אונז מיט דיינר גרוש הילף ווידר ער פרייאן
דיזש טונן מיר צו דיר גאָט אלי שרייאן.



דיא אנדרן זיין אויף קומן אין דר העכשטי נוט<br>
אין ב׳ ימים דר נאָך זיין זיא אויף גיוועזן טוט.

זאַ באלד אלש מן זולכש אין דר קהלה האט פר נומן<br>
וויא גרוש שרעקנים איז אויף איטליכן נקומן<br>
איין יעדר ווער נערן תכף וועק נצוגן<br>
איין יעדרר ווער נערן גפלוגן.

חן האבין פיל יהודים בייא שכרות בקומן<br>
וועלכי זיא אויף דען לנד אין אירן שוץ האבן גנומן<br>
דאַ האט מן ניקש אנדרש גזעהן אן אלין גאסין אונ׳ עקין<br>
אלז איין פאקין אונ ציהן איין וועקין.

טרואן אונ׳ קשטן טראַגן האט מן דען גנצן טאָג פר זיך גזעהן<br>
וויא וויא איז דענן אַרמן לייטן גשעהן<br>
דען זיא גדענקן דיא עשירים ציהן אלי אוועקן<br>
אונ׳ מיר מיזן היר בלייבן אין דער צרה שטעקן.

כמה וכמה אלפים האט זאלכש גשטאַנדן<br>
ממש קיין עושר איז מער אין דער קהלה פאר הנדן<br>
דער גלייכן פיל לומדים אונ׳ זונשטן חשובי לייט<br>
האבין זיך גמאַכט אלי אויף א זייט.

לא עליכם עוברי דרך וויא וויא איז אונז נישעהן<br>
דז הגאון אב״ד ור״מ איז אוועק נצוגן דז האבן צו גזעהן<br>
דז דיא שונהייט אונ׳ ליכט דער גאנצי יודן גמיין<br>
ווער ווערט איצונד אויף אונס מגין זיין.

קערן וויל איך אייך ווייטר צו דר ציلן וויא דיא צרה הט איברהנט גינומן<br>
אזו פיל נפשות כעו״ה דורך דען דבר ב״מ זיין אוועק גיקומן<br>
צום ערשטן האט מן וואול גמיינט צו לעשין דיא שריפה<br>
אבר עז האט דאָך איבר הנט גנומן דיא מגיפה.

יום טוב אונ׳ תשעה באב איז גוועזן צו גלייכן<br>
מן הט ניט ער קענט ארים אלז רייכן<br>
אלז איז מיט גביקטן קאפף גינגגן<br>
דען ער האט ניע גווישט אוב ער דן מרגדיגן טג ווערט ערלנגן

קינן הונדרט קינד בעטרין זיין אויף גינגגן<br>
קיין היבאם איז דאַ גוועזין דיא דאָז קינר האט זאלן עמפפאנגן<br>
דער מאַן האט פיל מאָל דיא היבאם זעלבשטן מוזן זיין<br>
דיזש האט אלי ביידי גברכט אין דער ערדן אניין.

## משה אײזנשטאט.

דאס ליעד „איין נייא קלאג ליד" איז גע־שריבען פון „משה אייזן שטאט איבר רען גרושן ערשרערעקליכן עיפוש (מגפה), וועלכר פה פראג אן ניהובן האט כ"ח תמוז תע"ג (1713) אונ רע־נירט ער ר"ח טבת שנה הזאת תע"ד לפ"ק", וואס ער אליין האט בייגעוואוינט. דאס ליעד האט אי־בער הונדערט פערזען, פון וועלכע איך נעהם נאר א טייל. אין ענרע פון דאס ליעד איז פאראן א לאנגע ליסטע מיט איינצעלהייטען וויפיעל מענ־שען עס זיינען יעדען טאג אויסגעשטארבען. דער סך הכל איז: „ג' אלפים ד' מאות מו"א". די קאפיע פונ'ם דאזיגען ליעד געפינט זיך אין דעם נויארקער אידיש־טהעאלאגישען סעמינאר.

### איין נייא קלאג-ליד.

אלמעכטיגר גאט אין דיין הימלרייך
דו הילפשט אונש אלי צייט ווען עז אונש גיט אום גלייך
אויז גלות מצרים האשטו אונש טאן ארליזן
אין גלות בבל האשטו אונש אויך גהיט פון ביזן.

ברם הרציגר גאט אין דען דריטן גלות האשטו אויך פר אונש גשטריטן
אין רען פירטן גלות טושטו אונש אויך בהיטן
אלזו טונן מיר צו דיזן צייטן האפן
דז דוא אונש אויך ניט אזו הרט ווערשט שטראפן.

גרוש שרעקנים אונ' ציטרנוש טוט איבר מיך קומן
מיין זיל טוט אין מיר וויינן אונ' ברומן
דש איך זאל דר צילן וויא עז אין אונזרה קהלה קדושה צו איז גינגנן
אן כ"ח תמוז האט דיא צרה בונו"ה אן גפנגן.

דא מן טוט צילן תע"ג צו בשעפנש דר וועלט
אין בענ"ה אין אונזר קהלה ווארן גאר איבל בשטעלט.
גאר קייז חולה האט מן פאר אין דער קהלה טאן שפירן
קיין ביזר לופט האט טאן רגירן.

האט זיך ליידר איין גרושה ענדרונג ביום ב' כ"ו תמוז אן גפנגן
וויא איבל איז עז אין דער קהלה קדושה צו גיננגן
וויא איז אונז ליידר גווארן אזו בנג
זעקש אין איינר שטוב אויף איין מאל זיין גווארן קרנק.

וו־א האט דער עיפש זא הרט אונש פר דארבן
דרייא טאג דר נאך זין שון פיר פון אינן גשטארבן

כלי קודש וכלי כסף, צין, מעס, קופפער איז אליז אין פרנקפורט פולל גיוועזן.
אלז פר ברענט אונ׳ פר גשמאלצן אונ׳ וועניג דער פון גינעזן.
זעלכה צרה איז אין עולם נאך ניא גיוועזן.
מיר האבן לאנג דער פון צו שרייבן אונ׳ צו לעזן.

ווייל מיר אך אין דען שריפה האט טאן פיל פר ברענין.
דרום האב איך דאש ליד גימאכט אונ׳ מיין נאמן דרינן טון נענן.
דוד זוינרש מפראג מן טוט מיך גאר וואל קענן.
וואן הפטינג אין קרוניבורג טוט מן דיא קהילה נענן.

# דוד זווינערש.

דוד בן הרב שמעי ז"ל ווינערש — דיכטער. געלעבט צווישען 17טען און 18טען יאָרהונדערט אין קרוינבורג. שפּעטער געווען אין פּראג. דאָס ליעד מיט'ן נאָמען „איין נייא קלאָג ליד", איז געשריבען אויף דער גרויסער פראנקפורטער שריפה, דעם 14טען יאנוואר, 1711, וואָס ער האָט אליין ביינעוואוינט. קאָפּירט טיילווייז, פון י. י. שורט'ס „יודישע מערקווירדיגקייטען", באנד 1—3, נאָך בוך 6, נומ. 3, ז. 63.

## איין נייא קלאָג ליד.

איכה וויא זאָל איך אַז היבן צו זינגן אינ' קלאָגן פון דען גרושן וועזין.
וויא צו פרנקפורט אַן מיין איז איין גרושה שריפה גיוועזין.
קיין הויז נאָך קיין שטאַק איז אין דער גאַנצה גאַס ניט וואָרן גיוועזין.
אזו איין חורבן איז זינט חורבן בית המקדש ניט גוועזין.

בליל ד' כ"ד טבת האָט השי' איין אש מן השמי' אין דען רב זיין הויז אַן גיצונדן.
אי מן עש רעכט אויף דער גאַסין האָט אנט פונדין.
אזו וואָרן גלייך דיא אנדרה הייזר אַן גיצונדין.
אונ' דיא הייליגי שול גלייך אז ווען זיא וואָרן צו זאַמן גיבונדין.

גרושי יללה איז גלייך אין דער קהילה גיוואָרין.
מן האָט גלייך מיט איילן פאַר שלאָסין דיא טאָרין.
אָבר זיא העטן דיא מיא אונ' ארבייט וואול קענין שפּאָרין.
דען זיא זיין דאָך גיעפינט אונ' פאַר ברענט גיוואָרין.

דוריך דער גאַסן זיין דיא לייט אז דיא משוגעים אהין אונ' הער גלאָפן.
אונ' האָבן אליז צו איין בעשרונג טאָן האָפין.
אבר דש פייאר איז אליז פון איין הויז צו דען אנדרן גילאָפין.
דש האָט אָרם אונ' רייך בעו"ה בטראָפן.

הינט הייזר אונ' פעדיר הייזר זיין אלי צו גלייך אין בראַנט גישטאַנדן.
דאָ איז קיין הילף נאָך ראָט ניט גיוועזן פאַר האַנדן.
ביז דיא גאַנצי קהילה קדושה איז גינאַנגן צו שאַנדן.
דאָש מן ניט מין ווייסט וואו איין הויז איז גישטאַנדן.

וויא נון דיא שריפה האָט איבר האַנט גינומן
זיין דיא טאָר אויף גינאַנגן אונ' פיל לייט ארין צו הילף גקומן.
אבר עש איז בעו"ה פיל ממון של ישראל אוועק גיקומן.
וואָש ניט פר ברענט איז דאָש איז גוואָרין אוועק גינומן.

## איין נייא קלאג ליד

דא מוזן מיר ווידר שטין פר דען טאר ררווישן.
איינר שרייאט איך האב קיין קלייד אונ אך קיין הויזן.
דר אנדר שרייאט אך דוא ליבר גאט וויא קאנשטו אזו איין רשע צו זעהין.
וויא ער מיט אונש טוט אום געהין.

אבר הקב"ה איז איין מאריך אף אונ לאט אים פארט מאכין.
אבר אויף ע"ה וועט מן אים זיין גלידר צו בראכין.
דיא מ"ח וועריןן אים זייני גלידר צו שמעטרן.
אונ וועריןן אים בכף הקלע שליידרן.

דרום איר ליבן-לייט דז לידליין זאלט איר צו איין גידעכניש האן
אונ זאלט מיט אונש ניט אזו אום גין טאן.
דר מיט אז מיר ניט שרייאן אונ קלאגין
אזו וועט במהרה משיח קומן אין אונזרן טאגין
דרויף וועלין מיר אמן זאגין.



אבר ווייל מיר ארמן לייט זעהין דז זיא דען מסור דז טונין ניט ווערין,
קענין מיר וואול גידענקין דז זיא אים האָבין אך געריז.
דרום וועלן מיר שוויינן שטיל
הש"י ווערט פר זיך נעמין דז ביזה שפיל.

דרום אלי גוטה לייט גידענקט אַז הש"י אונ נעמט דז צו הערצן,
וויא מיר דאַרף דען רשע ליידן שמערצן,
אונ מיר בעטין בייא נאכט אונ בייא טאָגין
דז אים דער דוניר זאָל במהרה דר שלאָגין.

אבר הש"י לאָט אים זיין זכות אויף דען עולם גניסן,
אבר אויף ע"ה ווערט מן דען רשע בראָטין אונ ברענין מיט גלידיגי שפיסן.
הש"י ווערט אים אויף ע"ה דיין לון טאָן געבין.
מיר פר האָפין דז ער ווערט זיין רוח רעה אונ ווערט אים עולם ארום שוועבין.

אבר דער רשע טעט ניקש דר נאָך פראגין,
ווייל ער האָט בייא דיא ק"ק גוטה טאָגין,
ער שפראַך איך וויל מיך מיט דיא אורחים צענקין אונ רייסן,
ווען איך בין גישטאָרבין לאָז מיר דער הונט אויף דז גראָב שייסן.

דרום איר לייט קענט איר וואָל גידענקין,
וויא זיך דר רשע אין גאָטש וועק וויל ניט לענקין,
דרום ווייל ער וויל זיך ניט קערן צו גאָטש גיבאָט
דאָ זאָל ער קרענקין פריא און שפאָט.

דז איז פון זומר אליין
אבר אם ווינטיר טעט ער פיל ערגיר אום גין מיט דיא ארמן נימיין.
ער לאָט אונש פר דען טאָר שטין גרויש אונ קליין,
און לאָט קיינם פר דיא גבאים ביז אונש טוט אויף פרירן הענט אונ ביין.

אונ מיר שרייאַן מיט גוואלט,
אַך דוא ליבר גאָט וויא איז אונש אזו קלט.
אונ דיא ערילים בעו"ה טעטין דר בייא שטין
פר גרויש רחמנות טעטין זיא אַז דען ריקס בעטין דז זיא זאָלין אונש אניין ווארמן לאָזין גין.

אונ דאָ מיר זיין פר גרויש רחמנות צו ווארמן גיקומן,
דאָ קומט דר יעקב פול וואשיר אונ טעט איינים נאָך דען אנדרן ארויז שלאָגין דז מיר שרייאַן און ברומן.
ער טעט ניקש דר נאָך פראגין,
אונ טעט אלז פאָרט צו שלאָגין.

## דיכטער אונבאקאנט.

דאס ליעד מיט'ן נאמען „איין נייא קלאג ליד", אדער ווי עס הייסט אין עקזעמפליאר: „איין נייא קלאג ליד בניגון „אני הגבר" אויף א משרת פון פראנקפורט", איז אן אלטער דאקו־מענט פון אויבינגען אידישען ווערה. געדרוקט איז דאס ליעד אין א בעזונדער אויסגאבע, אין באַזיל, 1708, און געפינט זיך אין דעם נויארקער אידיש־טהעאלאגישען סעמינאר. עס ווייזט אוים, אז דער מחבר האט מורא געהאט צו פארעפענטליכען זיין נאמען אום ניט פארפאלגט צו ווערען. אין זיין שלום־ווארט זאגט ער: „וואלט איר ווישן ווער דאז לידליין האט טאן מאכין איין מענץ אויף צווייא פים האט עש טאן דרטראכטן."

### איין נייא קלאַג ליד.

הערט צו איר ליבן לייט
וואז דא פר גיט אין דיזר צייט
ווען מיר נאך פראנקפורט זיין בריית
אך מיר ארמי לייט.

ווען מיר אורחים נאך פראנקפורט טונין מארשירן,
זא לאט מען אונש ניט פר דיא טירן
דא קומט יעקב פול וואשיר מיט זיין שטאק איין רויז צו לאווירן
אונ טעט איינם נאך דען אנדרן אין דער וואך שטוב אניין פירן.

אונ דא מיר טונין אין דער וואך שטוב אניין גין
דא מאכין דיא גבאים אויף דש בוך אונ יעקב פול וואשיר טעט איין הער גין
ער שפראך וויא לנג בישטו היר גיוועזן אונ ווי איז דיין נאמן
דז יעקב פול וואשיר זאל מיט גאט וויל פר לאמין.

ווען מיר אורחים שון מיט חרפת האבין אונזר צערנג ביקומן
זא האט ער נימאכט דז מן האט אונש דז פלעטי געלט אב גיצוגין אונ וועק נינומין
אבר מיר אורחים זעהין דז זיך די ק"ק מיט דען מסור טונין פר זינדן
מיר האבין גרושה מורא ח"ו דז דארך אירה צדקה ווערט איר עשירות בלד פר שווינדן.

אך טונין זיא זיך מיט איר עשירות איבר נעמן
אלז ווען זיא זיך העטין אליין בישאפין אונ וועלין גאט ניט דר קענן
אונ לאזין אונש אורחים פר דען מקום שטין אין דר זונין
דז מיר בלד פר שמעלצין אונ פר ברענין.

ניבט צו גאט לויב אונד זעגען:
יום שבת איז די מלכה פון גאנצען לאנד,
ליעבער גאט מיין,
עס איז אללעס דיין,
עס איז נייערט איין שיין
אללעס וואס מיר האבען אונד פערמעגען.

זינג דאס געזאנג,
אן שבת צום אויסגאנג.

א.

דער הייליגער שבת איז איין שאהנע רוה,
דען עס קומט דעם מענשען איין נשמה יתרה צו,
איין צדיק טוט עס ביי זיך שפירען, —
אונד מוצאי שבת טוט זיך ווידער פערליערען.

ב.

ליעבער גאט דו טוסט די גאנצע וועלט ערנערען,
אן דיר זיינען מיר פערזיכערט,
דאס דו אונזער ברויט טוסט בעשערען,
נייערט מיר ביטט דיך גאט פון דיינער הענד אליין טו אונז שפייזען,
אונד נים דורך לייטען הענד,
די פערשעמען אונד טונען אב ווייזען.



# אלחנן הענלע קירכהאן.

אלחנן הענלע קירכהאן אן איידעם פון ר׳ צבי הירש קיידענאווער, מחבר פון ספר „קב הישר״. געבארען אין דער צווייטער העלפט פון׳ם 17טען יארהונדערם, אין פראנקפורט אויפ׳ן מאין. אין 1706 איז ערשינען דער ערשטער טייל פון זיין אידישדייטשען מוסר־ספר „שמחת הנפש״. אין 1727 איז ארוים פון דרוק דער צווייטער טייל „שמחת־הנפש״, פון וואנען די פאלגענדע סטראפען זיינען גענומען, קאפירט נאך לעווענשטיין לויט דער לאטיינישער טראנסקריפציע. ביבל. דר. לעווענשטיין „בלעטער פיר יודישע געשיכטע און ליטעראטור״; ז. רייזען, „לעקסיקאן״.

## שבת-ליעדער.

דאס ליעד און ג׳זאנג איז געמאכט,
צו זינגען פרייטאג צו נאכט.

א.

דער היילינער שבת וועלין מיר,
אנטפאנגען מיט פריידען,
איהם אנטאן זיין געביר,
וועלען מיר ניט פערמיידען,
גוט עסען, גוט טרינקען, וואס גאט טוט בעשערען,
קיין צער, קיין רוגז צו וויזען אונד לאזען הערען,
אונד תורה לערנען דען ליעבען גאט צו עהרען.

ב.

אזוי זאלען טאן אללע געמיין,
אם שבת פיעל פערצערען,
לוסטיג אונד פרעהליך זאל מען זיין,
גאט טוט אללעס וויעדער בעשערען,
גוט ביער, גוטען וויין זאל מען אנבערייטען,
גוט פלייש, גוטע פיש מאך פערטיג ביי צייטען,
אונד ליכט צו ברענען אויף אללע זייטען.

זינג אהנע זארגען,
דאס געזאנג שבת צו מארגען.

יום שבת איז די הערליכע כלה גענאנט,
דרום זאמעלט אייך איין,
אללע געמיין,
גרוים אונד קליין.

דז דאַ האָט גינעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטרליין.
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאם דער מלאך המות,
אונ' שעכט דען שוחט.
דז ער האָט גישעכט דען אקס'ן,
דז ער האָט גיטרונקן דאָז וואשרליין.
דז דאַ האָט פר לעשט דאָז פייארליין,
דז דאַ האָט פר ברענט דאָז שטעק־
ליין.
דז דאַ האָט גישלאָגן דאז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאָז קעצליין,
דז דאַ האָט גינעשן דאָז ציקליין,
דז דא האָט גיסיי״ט דאָז פעטרליין,
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דא קאם אונזר ליבר הער גאָט,
אונ' שעכט דען מלאך המות,
דער דא האט גישעכט דען שוחט.
דז ער האָט גישעכט דען אַקסן,
דז ער האָט גיטרונקן דאָז וואשרליין,
דז דאַ האָט פר לעשט דאָז פייארליין.
דז דאַ האָט פר ברענט דאָז
שטעקליין.
דז דאַ האָט גישלאָגן דאָז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאז קעצליין.
דז דאַ האָט גינעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטרליין.
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.



# דיכטער אונבאַקאַנט.

די דאָזיגע „חד גדיה“, פונקט ווי „אחד מי יודע“, געפינט זיך אויף אין וואַגענזייל'ס „בע־לעהרונג דער אידיש־דייטשען רעד אונד שרייב־ארט“, 108, ארויסגעגעבען אין קעניגסבערג אין יאָהר 1699.

## חד גדיה.

איין ציקליין, איין ציקליין,
דאָז האָט געקויפט דאָז פעטערליין,
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דאָז קעצליין
אונ' אַס דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטערליין,
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דאָז הינטליין,
אונ' ביס דאָז קעצליין,
דז דאַ האָט גיגעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטערליין.
אום צווייא שילונג פענוג.
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דאָז שטעקליין,
אונ' שלוג דאָז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאָז קעצליין,
דז דאַ האָט גיגעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטערליין,
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דאָז פייארליין,
אונ' פר ברענט דאָז שטעקליין,
דז דאַ האָט גישלאָגן דאָז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאָז קעצליין,
דז דאַ האָט גיגעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטערליין.
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דאָז וואשרליין,
אונ' פר לעשט דאָז פייארליין,
דז דאַ האָט פר ברענט דאָז שטעקליין,
דז דאַ האָט גישלאָגן דאָז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאָז קעצליין,
דז דאַ האָט גיגעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטערליין.
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דער אָקסן,
אונ' טראַנק דאָז וואשרליין
דז דאַ האָט פר לעשט דאָז פייארליין,
דז דאַ האָט פר ברענט דאָז שטעקליין,
דז דאַ האָט גישלאָגן דאָז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאָס קעצליין,
דז דאַ האָט גיגעשן דאָז ציקליין,
דז דאַ האָט גיקויפט מיין פעטערליין,
אום צווייא שילונג פענוג,
איין ציקליין, איין ציקליין.

דאַ קאָם דער שוחט,
אונ' שעכטט דען אָקסן,
דער דאַ האָט גיטרונקן דאָז
וואשרליין,
דז דאַ האָט פר לעשט דאָז פייארליין,
דז דאַ האָט פר ברענט דאָז שטעקליין,
דז דאַ האָט גישלאָגן דאָז הינטליין,
דז דאַ האָט גביסן דאָס קעצליין,

אכט זיין דיא בשניידונג,
זיבן זיין דיא פייארונג,
זעקס זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין די פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאָט וכו'.

צעהן דאָז איז אבר מער
אונ' דאָז זעלביג ווייש איך,
צעהן זיין דיא צעהן גיבאָט.
ניין זיין דיא גווינונג,
אכט זיין דיא בשניידונג,
זיבן זיין דיא פייארונג,
זעקס זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר.
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאָט וכו'.

איילף דאָ זאיז אבר מער
אונ' דאָז זעלביג ווייש איך,
איילף זיין דיא שטערן,
צעהן זיין דיא צעהן גיבאָט,
ניין זיין דיא גווינונג,
אכט זיין דיא בשניידונג,
זיבן זיין דיא פייארונג,
זעקס זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר.
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאָט וכו'.

צוועלף דאָז איז אבר מער,
אונ' דאָז זעלביג ווייש איך,
צוועלף זיין דיא גשלעכט (שבטים),
איילף זיין דיא שטערן,
צעהן זיין דיא צעהן גיבאָט,
ניין זיין דיא גווינונג,
אכט זיין דיא בשניידונג,
זיבן זיין דיא פייארונג,
זעקס זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאָט וכו'.

דרייצעהן דאָז איז אבר מער,
אונ' דאָז זעלביג ווייש איך,
דרייצעהן זיין דיא זיטן (מדות),
צוועלף זיין דיא גשלעכט,
איילף זיין דיא שטערן,
צעהן זיין דיא גיבאָט
ניין זיין דיא גווינונג,
אכט זיין דיא בשניידונג,
זיבן זיין דיא פייארונג,
זעקס זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר.
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאָט,
דער דאָ לעבט אונ' דער דאָ שוועבט
אים הימל אונ' אך אויף ערדן.



# דיכטער אונבאקאנט.

אחד מי יודע דאס ראזינע אלטע אידישע פאלקס־ליעד געפינט זיך אין וואגענזייל'ס „בע־לעהרונג דער יודיש־דייטשען רעד־ אונד שרייב־ארט", 105, ארויסגעגעבען אין קעניגסבערג, אין יאהר 1699.

## אחד מי יודע.

איינש דאז וויש איך אייניג איז
אונזר גאט,
דער דא לעבט אונ' דער דא שוועבט
אים הימל אונ' אך אויף דער ערד.

צווייא אונ' דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
צווייא טאבל (לוחות) מאזיש
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

דרייא אונ' דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
דרייא זיין דיא פעטר (אבות),
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

פיר אונ' דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

פינף אונ' דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
פינף זיין דיא ביכר (חומש),
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

זעקש אונ' דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
זעקש זיין דיא לערנונג (משניות),
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

זיבן דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
זיבן זיין דיא פייארונג (שבת),
זעקש זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

אכט דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
אכט זיין דיא בשניידונג (מילה),
זיבן זיין דיא פייארונג,
זעקש זיין דיא לערנונג,
פינף זיין דיא ביכר,
פיר זיין דיא מיטר,
דרייא זיין דיא פעטר,
צווייא טאבל מאזיש,
אייניג איז אונזר גאט וכו'.

ניין דאז איז אבר מער,
אונ' דאז זעלביג וויש איך,
ניין זיין דיא גווינונג (ירחי לידה),

איבר אלז דז איך הון
מאך איך אים אונטר טון.
איך שווער אויף דעם שווערט.
ער איז עש אלש וואול ווערט,
דא אנטווארטן זיא אים אל.
נימיין מיט איינם שאל,
נינעדינר קיניג מיין,
וואז איר בינערט דש זאל זיין,
דיא ווייל ער איז זא פרום אונ׳ און פר צאגט,
אונ׳ אייך אלזון וואול ביהאגט,
זא ווען מיר דען אידלן קוינן מאן,
נערן פור איינן הערן האן.
זיא הולדינטן אים אל דש וואר ער פרוא,
דש ער וואר ניוואררן איין הער אלזא.
ניא קיינם קיניג בעשר מוכט זיין,
אלז אים וואר בייא דער יונגי קינינן פיין.



אונ׳ טראט צום פאטר היז.
אונ׳ שפראך ליבר פאטר מיין.
איך היים אייך גוט (גאָט) ווילקום זיין.
אונ׳ פיל אים אום דען הלז אונ׳ קושט איז.
דר נאָך זא גינג זיא היז.
אונ׳ אנטפינג ריטר גאביין אך גאָר שון.
אויף אירם הייבט טרוג זיא איין קרון.
אזאָ באלד ער זיא זאך.
פון שרעקן ער ניכט שפראך.
זיין פארב וואר אים גאָר פור בליכן.
זיין קראפט וואר פון אים גיוויכן.
פון וועגן אירי שונהייט גרוש.
און ציל אונ׳ און מוט.

דאָ שפראך דער קיניג הוך גיבורן.
צו דעם גאסט אויז ארקורן.
איר שטרייט בארי העלד,
עש איז אלש אן גישטעלט.
זאָגט מיר אוב אייך מיין טאָכטר וואול ביהאגט,
איר קוינר דעגן און פרצאגט,
אוב איר זיא צו איינם ווייב ביגערט,
איר שטולצר ריטר ווערד,
דא שפראך ריטר גאביין,
גינעדיגר ליבר הערי מיין.
איך זיך וואול עש איז קיין שפאָט.
העט איך עש נייארט פר דינט פון גאָט.
זינט דעם מאָל דש איר ביגערט מיין.
וויא קענט איך עש פור זאָגן דעם יונגפרויאליין,
נון דער האנט שלאק גישאך,
דער קיניג צו ריטר גאביין שפראך.
נון וויל איך אייך מאכן אונטר טאָן.
לאנד אונ׳ לייט אלש וואז איך האָן.
מן שיקט אויז אין אלי לאנדן איבראל,
אונ׳ לים אויז רופן מיט גרושם שאל,
ווער דאָ וויל עשין אונ׳ טרינקן אונ׳ וואול לעבן,
דער קיניג וויל זיינר טאָכטר איין מאן געבן.
ראש עשין אונ׳ טרינקן זאָל וועךן גאנציר וואוכן פיר,
דא קאָמן נון שיר,
אלז וואָז אים לאנד דאָ וואר אין אייל,
דא זאך מן גאָר מענכי שיני קורץ וייל.

דאָז ער נאָך דעם טוט מיין.
איין קיניג אונ׳ איין הער זאָל זיין.

דא נון דיא צווייא הילדן ווארן גיריטן שיר,
מער ווען גאנצר וואוכן פיר.

דא' זעצטן זיא זיך נידר אין דיא גרויני היידן,
אונ' רואטן דא אליביידן.
דער ערשט ריטר צו ריטר גאביין שפראך,
קענט איר ניט דז שין גימאך.
דש איר דאָ פור אייך זעכט,
אונ' דאז שין לאנט דש איר האבט גיזעהן רעכט,
אונ' ווער דער הער דריבר מאג זיין,
ניין איך ליבר הערי מיין,
אלזו שפראך דער זעלביג גיפאנגן מאן,
שעניר לאנט איך ניא גיזעהן האן,
דא שפראך ער צו ריטר גאביין איר זאָלט ניט פור צאגן,
איך וויל אייך דיא רעכטי ווארהייט זאָגן,
דש לאנט דש איר דאָ גיזעהן האט,
אונ' דר צו מענכי שיני שטאט,
דאז איז אלז מיין פרייא איינגן,
פיר מאָל זא פיל לנט וויל איך אייך נאָך צייגן

דאָז איז אליש מיין פעטרליך ערב נון,
דר וויל איך לײדר האָב קיין זון,
זאָג איך אייך מאנהאפטן ריטר אייער גיפענקנים לידג אונ' לוס,
אלהיא אויף דיזר שטרוס,
דז איר מעכט ווידר היימן-קערן,
נייארט איין ביט זעלט איר מיר גיווערן,
נון זאָג איך אייך פור וואר איר אידלר קוינר מאן,
דז איך קיין ערבן האן,
דען נייארט איין איינציגי טאָכטר דיא איז דער שענשטן אייני,
דיא דיא זון טוט איבר שייני,
זיא איז אלט זעכצעהן יאָר,
דש זייא אייך גיזאָגט פור וואר,
איר זייט איין קוינר מאן,
ווען איר זיא ווערט זעהן אן,
אייער שרעקן ווערט זיך מערן,
אייער פארב ווערט זיך פר קערן.

ווייטר קאן איך אייך ניט זאָגן מער,
דא קאם דער נאסט אונ' אך דער הער,
אין דז שטיבליין גינאנגן,
דא וואָרדן זיא נאָר שין אנטפנגן,
דא זוימט זיך ניט לנג דיא יונגי קינינגן,

וואז זאלן דיא ריד נון מיא.
דער פרעמדי ריטר טעט ריטר גאביין גאר וויא.
פר וואר זאג איך אייך דאז.
ער שלוג אין נידר אויף דש גראז
ער מוזט זיך גיפאנגן געבן.
אדר עש האט אים גיקאסט זיין לעבן.
ער שפראך צו אים דוא זאלשט מיינר היא בייטן.
איך וויל צו דעם קיניג רייטן.
און צו דער קיניגן.
אונ׳ וויל נעמען ארלויב פון אין.
דער נאך רייטן מיר,
מים אנגדר שיר.
הין צום קיניג ער דא רייט.
נון הערט וויא ער צו אים זייט.
קיניג ארטיש איך האב דיר גיזינט אן.
אונ׳ האב גיפנגן דיין בעשטן מאן.
דער אן דיינם הוף איז גיוועזן.
צוואר ער קאן נימ גינעזן.
דיא גרושי שמאכהייט דיא אן מיר היא האט אן גיטאן.
האב איך היא נירעכנט אויף דיזם פלאן.
גאט גיזעגן אייך קיניג אונ׳ קינינגן.
ריטר גאביין פיר איך מיט מיר הין.
דא וואורד דער קיניג דא וויינען זער.
אונ׳ אל דיא דא שטונדן אום אין הער.
ער זאגט לאזט אין לעבן
איך וויל אייך מיין האלב קיניגרייך געבן.

דער פרעמדי ריטר שפראך וואז זאל דיין לאנד מיר.
איך האב מער אז דיינר פיר.
דער ווייל איך נון האב דען זיג ביקומן.
אונ׳ גאט האט מיר גיהולפן וואז איך האב אין מיין זין גינומן.
דש איך נון מיט דער פיקטורייא.
ווידר ציא אין מיין לאנד מיט גרושר גלורייא.
דעם פרעמדן ריטר וואר צו רייטן גאה.
ריטר גאביין מוזט אים פאלגן נאך.
זיא ריטן דורך פיל גרושי וועלד.
אונ׳ איבר מענך וויים פעלד.
דא ניא קיין שטראס הער שלוג.
אך קאמן זיא ניא אין איין קרוג.
אודר ניא אונטר קיין דאך
דאז וואר גאר איין וואונדרליכי זאך

ריטר גאַביין שפּראַך הער קיניג איך ביוואר אייער ער הייט,
דאַז זאָלן זעהן אַלי לייט,
איך וויל מיט אים פעכטן שיר,
אונ' ווער ער שטערקר אַז מיינר פיר,
דאַ ער נון אויז דער בורג ראַנט,
דאַ גינגן אַלי ריטר צו האַנט,
אובן אַן דיאַ צינן שטין,
אונ' וואָלטן זעהן וויאַ עש איך ווערט גין,
דאַ ווארד אים נאָך גיזאַגט פיין,
פיל זיסי זעגן פון מענכים שונן יונגפרויאַ אַליין,
אונ' פון דען לייטן איבר אַל,
דיאַ דאַ ווארן אויף דעם זאַל,
דאַ נון ריטר גאַביין קאַם אויז דער בורג גיריטן,
דער פרעמדי ריטר מיט אַדליכם זיטן,
האָט זיינר טון ווארטן,
דרוישן וואול ביי דעם גאַרטן,
וויאַ אין ריטר גאַביין אַן זאַך,
הערט וויאַ ער שפּראַך.

זייט מיר גאָט ווילקום ריטר אויז פרעמדן לאַנט,
ווער האָט אייך איין באָטן גיזאַנט,
דש איר וואָלט שענדן דען אידלן הערן מיין,
דער צו אַל דיאַ מאַנהאַפטי ריטר זיין,
איך טוא אייך פר וואר זאָגן,
אייער איבר מוט קאַן איך ניט פור טראָגן,
וואַז איר זוכט דאַז זאָלט איר פינדן,
דר וייל איר אַלזו גאָר גישווינדן,
גריטן גאָר פרעבליך אין זיין לאַנט,
דרום ווערף איך אייך היא מיין הענשיך צו פפאַנט,
דש איך מיין אידלן הערן דען קיניג אַן אייך וויל רעכן,
אונ' וויל מיט אייך איין לאַנץ צו ברעכן,
אונ' זאָלט עש זיין מיין לעצט ענדי,
זאַ רעכין איך אַלי ריטרש שמאַך ביהענדי.

פון דען צווייאַן הילדן ווערט,
הורט מן קלינגן איר שאַרפי שווערט,
איבר בערג אונ' טאָל,
נאַבן זיא גרושן שאָל,
דיאַ ווארן אַלזאַ גוט,
דז האַטן דיאַ צווייאַ הילדן איין פרישן מוט,
דער שטרייט וואר אַלזאַ גרוש,
דש עש קיניג אַרטיש פר דרוש,

דש זיא גינג ווידר אן דיא צינן,
דא זיא געשטרן וואר גישטאנדן אינן,
אונ' ווידר געב דעם ריטר דען גירטל זיין,
דאז וואלט גיהט האבן דער קיניג פיין,
דיא קינינן דר שראק גאר זער,
דאך מוזט זיא טון וואז דא גיבוט איר הער,
זיא גינג ווידר אן דיא זעלביג שטאט,
דא זיא געשטרט דען ריטר גיזעהן האט.

דש זאל מן אייך וואול געבן,
דען אזו שטיט אונזר רעכט אונ' לעבן,
דש מיר זאלן גאבן געבן אונ' ניט נעמן,
דאז דערפין מיר אונז ניט שעמן,
אך מעכט איך דען גערטל וואול גיטראגן האן,
זא האט עש ווידר ראטן איין איינציגר מאן,
דא שפראך דער ריטר פר וואר,
דיא שמאכהייט וויל איך רעכנן אפן באר,
אן דעם דער דאז גיהינדרט האט,
זיכר און אלי שפאט
אונ' דער צו אן אל אייערן רעקן,
וואש גילטש איך וויל זיא אויף וועקן,
היא אויף דיזם פלאן,
וויל איך איינן נאך דעם אנדרן בישטאן,
אל וויל איך אירי בייטן,
הייסט זיא אן הירוויש רייטן.

פון וועגן דש איינינן ריטר דער דען ראט האט געבן,
ער מוז מיט מיר פעכטן אונ' זאלט עש קאשטן מיין לעבן,
דיא קינינן טעט דא ניט לאנג ווארטי,
אונ' גינג צו דעם אידלן קיניג צארטי,
זיא זאגט אים דיא מער,
וויא דער ריטר זא צורניג וועך,
איין אנדר מאל זא פאלגט מן איינם איינציגן מאן,
אונ' לאזט דיא אנדרן אלי שטאן.
דער קיניג באלד נאך אלי זייני ריטר זאנט,
ער שפראך איך טוא אייך אלי טרייא צו האנט,
דש איר מיר הייט מיין ער ביוווארט,
אונ' דאז ניט לענגיר שפארט,
ווען איר פר נעמט וואול דש ריטרש מער,
ער איז דרום קומן הער,
דש ער אונש אל שענדן וויל,
נון טוט עש אין קורצען ציל.

און׳ האטן וואול גיטרונקן און׳ גיגעסן,
דיא קינינן גינג צום קיניג און׳ שפראך,
מיין הער גיט מיט מיר אין אייער גימאך.

און׳ נעמט מיט אייך אייערי רעט,
וויא באלד ער דאז טעט,
דא זיא נון אל דאר גיקומן ווארן,
דיא דעם קיניג דיא טרייא האטן גישווארן,
דאָ זאָגט אין דער קיניג דיא מער,
וויא דער ריטר דאר גיקומן ווער,
און׳ די קינינן גיבעטן דען גירטל צו טראגן,
זאָל איך אים אב אודר צו זאָגן,
דער קיניג זאָגט נון ראט אן איר ליבה גיטרייאי הערן,
אוב עש קאן זיין מיט ערן,
ער הוב דען ערשטן צו פראגן אן,
ער שפראך אלזו פיל איך פר שטין קאן
מאג מיין גינעדיגי פרויא דען גירטל וואול טראגן,
מיט מיינם ראט זאָל זיא אימש ניט פר זאגן,
ער מוז יא זיין איין קעשליכר הערן,
דש ער דיאָ קינינן דאָ מיט וויל פר ערן.

דאך דא דיא פראג קאם אן דען זעלטן מאן,
דער וואר גאר איין קוינר ריטר לוביזאן,
ער וואר דער אידלשטן ריטר איינר,
דש מן נים קאָנט פינדן דז גלייכן זיינר,
דער צו וואר ער פר איין וייזן מאן ארקאנט,
ריטר גאביין וואר ער גינאנט,
דער קיניג שפראך צו אים ריטר גאביין,
וואז ראט איר ער זאָגט גינעדינגר הערי מיין,
איך ריד דאז גאר אפן בארן,
אויף מיין טרייא דיא איך גינעדינר קיניג האב גישווארן,
דש מיין גינעדיגי פרויא קינינן דען גירטל ניט מיט ערן מאג טראגן,
אז איך אייך גינעדינר קיניג וויל זאגן.
איך מיין דש עז אייער מיישטאָט בעשיר אן צעמי,
דז איר גאבן נעבט און׳ קייני נעמי.

דער קיניג שפראך אלזו
ריטר גאביין אייערן ראט בין איך פרוא,
איך וויל אייערם ראט בייא שטאן,
איך פאָלג אייך און׳ קיינם אנדרן מאן,
דאָ עש נון דז מארגינש טאָגט,
צו דער קינינן וואורד גיזאָגט,

יא אידלר ריטער וואז וואלט ער איר,
ער פיל באלד פון זיינם ראס,
פור דער קיניגן צו פוס,
ער נייגט זיך צו איר גאר טוגנטליך אונ' בידר,
דיא קיניגן היס אין אויף שטין ווידר,
ער שפראך גינעדיגי הוך גיבארני קיניגן מיין,
מעכט עז מיט אייערן הולדן דאך זיין,
איך וואלט אייך ביטן איין בעט,
דז אירש דורך אליר פרויאן ערין טעט,
אונ' וואלט מיך מיינר ביט גיווערן,
דען איך אום אייארנט ווילן האב גיליטן גרוש בישווערן.

ביז איך צו אייך בין קומן,
פון אייער טוגנט האב איך פיל פר נומן,
אונ' אייער לוב טוא איך פאשט הערן,
דרום וויל איך אייך אך פר ערן,
אונ' דז איך אייך נון ביטן וויל,
אל היא צו דיזם ציל,
דאז זאל אייך גינעדיגי קיניגן אונ' אייערן הערן,
דעם קיניג ניקש שאדן אן דען ערין,
נאך אן לייב אודר אן גוט,
דיא זיל מיין גינעדיגי פרויא זאל אייך אך זיין ביהוט,
איך וויל אייך עטוויש נעבן דאז איז בעשיר אז איין לאנט,
דא צוג ער אב צו הנט,
איין שינן גירטל פון זיינם לייב,
מיט זיינם שפער רייכט ערש דעם שינן ווייב,
דיזן גירטל טראגט דורך דען ווילן מיין,
זא ליב אייך אלי ריטרש טוגנט זיין.

דער נאך וויל איך מיך ניט לענגיר זיימן,
ביז איך בין ווידר קומן אן היימן,
אויף אייער אנטווארט וויל איך היא,
גיארטן ביז מארגן פריא,
עש זאל אויך זיין און צארן,
שפראך דער ריטר אויז ארקארן,
ווען איר ניט וואלט נעמן דען גירטל דורך דען ווילן מיין,
זא וויל איך אייך אך ניט דעשטר פיינטר זיין,
דיא לייט ווארן פרוא איבר אל,
דז דיא נייאי מער ווארן קומן אויף דען זאל,
מן היס פרייא טאפפיר צו טיש טראגן,
דאז פרייאט זיך אידר מאן אם זעלבן טאגן,
דא זיא נון ווארן אם טיש גיזעסן,

און׳ ווער דאז גיבוט איבר טראט דער מוזט פר לירן זיין לעבן,
און׳ העט ער אל דר וועלט גוט צו געבן.
אזו גרוש וואר נון צו אלן צייטן,
אויף דעם הוף דז גין און׳ דז רייטן,
נון וואר נאך ניא קיין טאָג קומן,
מן האָט פור טאָג נייאי מער פר נומן.

וואר דז ניט איין גרושי הערשאפט ביזונדר,
דז נימאנט הונגר ליידן דורפט דז וואר איין גרוש וואונדר,
דען עש וואר זיין טאָג קיינר ניא זא פריא אויף גיש׳טאנדן,
עש ווארן שון נייאי מער אויף דעם הוף פר האנדן,
דז האָט גיוועערט גאָר פיל מענכי יאר,
דז זאָג איך אייך פר וואר,
נון אויף איינן טאָג דש גישאך,
דש מן קיין פרעמדי מער הורט אודר זאך
וויא עש זיך נון וויים אויף דען טאָג פור צוג,
דער פאָלק פור הונגר איין וועק פלוג,
דז וואר ניא מער גישעהן,
קיין מענש האָט עש מער גיהערט אודר גיזעהן.

דא עש נון דען אנדרן מארגן צו טאָגן ביגאַן,
דיא קיניגן ניט לנג ווארטט אז דיא צינן גינג זיא שטאַן
מיט אירי יונג פרויאן און׳ דינשט מיידן,
באָט זיא גאָט מיט פריידן,
דש איר הייל דאך מעכט גישעהן,
דז זיא נייאי מער מעכט הערן אודר זעהן.
וויא זיא נון זאך פער אין דש לאנט,
דא קאם דורט הער גיראנט,
גאָר מיט ריטליכם זיטן,
איין ריטר צארט הער גיריטן,
דער וואר דער אליר קוינשטי מאנן איין,
דען וואול אי דיא זון איבר שיין,
ער וואר ביקלייד און׳ ניהארנשט וואול,
אלז איין ריטר פון רעכט זאל,
זיין שילט און׳ העלם גאבן ליכטן שיין,
פון פיינם גאָלד און׳ אידל גישטיין.

דאָ ער דיא קיניגן אז דער צינן זאך שטאַן,
אין איר קינגליכי קרון,
ער ריף הוך און׳ שפראך אלזו
שטיט מיין אליר גינעדינשטי קיניגן דאָ,
דער הוף מיינשטר אנטוואָרטי אים שיר,

דער זעלביג קיניג האט גרושי הערשאפט,
אונ׳ איין גיוואלטיגי ריטרשאפט,
אונ׳ אויז דער מאשין איין שוניש ווייב,
מיט טוגנט וואר גיצירט איר לייב,
פון איר שונקייט ווער פיל צו זאגן,
דאז וויל איך איצונד שטיל פור איבר שלאגן,
אונ׳ זאגן אייך פון דעם קיניג מער,
אונ׳ פון זיינם גרושן גיוואלט און ער,
ער האט אן זיינם הוף,
מענכין אידלין ריטר אונ׳ גרוב (גראף)
אונ׳ גאר פיל עפט אונ׳ בישוף אונ׳ פרעלאטן,
דר צו גאר פיל רייטר אונ׳ זולדאטן,
אונ׳ זונשט נאך וואול פיר הונדרט אידלי ריטר אודר מער
דיא דעם קיניג אן צייט ביווארטן זיין ער.

נון זא וואר דש קינינגש רעכט אונ׳ זיטן,
ווען איינר קאם גיריטן,
וועלכירלייא ער בינערט
דאז וואר אים גלייך גיוועדט,
אך הט ער אונטר אים ניין קיניג גאר רייך,
דיא מוזטן דש לעהן אנטפאנגן פון אים צו גלייך,
אונ׳ ווען עש קאם דיא ליכטי פפינגשטן צייטן,
זא מוזטן דיא ניין קיניג אלי צו הוף רייטן,
איין איטליכר מיט זיינער קראפט,
דר צו מיט זיינם פרויאן צימר אונ׳ אידלי ריטרשפט,

צו ער קיניג ארטיש אירם הערן,
דער ארצייגט אין גרושי ערן,
מיט ענשין אונ׳ מיט טרינקן,
אלי טרויארקייט לים מן זינקן,
איך וויל אייך וואול פר וואר זאגן,
דער הוף ווערט אלי יאר וואול אכט גאנציר טאגן.

עש וואר אך איין רעכט אן דעם הוף,
ער ווער ריטר אודר גרוב,
אונ׳ אך דר קיניג זעלברט אונ׳ דיא קיניגן פיין,
אונ׳ אל דיא אויף דעם הוף מוכטן זיין,
דא וואר קיינר דר זיך דורפט פר מעסין,
צו טרינקן אודר צו עשין,
פר וואר איך אייך דז זאג,
ביז מן ערשט הורט נייאי מער אלי טאג,

# יוסף וויצענהויזען.

**יוסף** בן אלכסנדר וויצענהויזען, אדער ווי וואגענזייל רופט איהם: „יוזלן וויצן הויזן“— אידישער דיכטער און איבערזעצער. געלעבט אין 17טען יארהונדערט אין אמסטערדאם. געווען א זעצער אין דער באוואוסטער בוכדרוקעריי פון יוסף עטיאש (אטיאס) צווישען די יאהרען 1664 און 1686. די מעשה אין ריימען מיט'ן נאמען „איין שין מעשה פון קיניג ארטיש הוף“ איז א באארבייטונג פון דאס בארימטע דייטשע פאלקס־מעשה 'WIGALOIS' פון ווירנט פאן גראפענבערג (אנפאנג 13טען יארהונדערט) און געפינט זיך אין וואגענזייל'ס „בעלעהרונג דער יודיש־דייטשען רעד־ אונד שרייב־ארט“. אין זיין פאררעדע צו דער דאזיגער בעארבייטונג שרייבט וויצענהויזען:

„איך האב בייא אל מיין טאגן,<br>
פיל פון קיניג ארטיש הוף הערן זאגן,<br>
דאך האב איך אויז גירייזט נאר מעניך לנט,<br>
אונ' האב מיין טאג ניא קריגן אין מיין הנט.<br>
קיין בוך דז איך עש העט גילעזן,<br>
אדר וואו עש ווער גיוועזן,<br>
ביז איך האב איינש גיפונדן גישריבן אויז,<br>
אין מיינש פאטרש הויז,<br>
דא האב איך מיך ניט לאנג טאן זיימן,<br>
אונ' האב דיז בוך גישטעלט אין ריימן,<br>
צו ערין אלין מאנן יונגן מיידליך אונ' ווייבר,<br>
גישטעלט דורך אייערן דינשט ווילינן יוזלן<br>
וויצן הויזן דען שרייבר“.

יוסף וויצענהויזען האט אויך געמאכט אן אידישע איבערזעצונג פון גאנץ תנ"ך, וואס איז ערשינען אין דער אויבענדערמאנטער דרוקעריי אין 1679. די פאלגענדע פערזען זיינען קאפירט פראנמענטענווייז. ביבל. וואגענזייל, בעלעהרונג דער יודיש־דייטשען רעד־ אונד שרייב־ארט, 157—292; יוד. רוס. ענצ. 3, 389—391 (אטיאס); נ. קארפעלעס, די געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור, 1008־1009; ז. רייזען, „לעקסיקאן“; שטיינשניידער, קאטאלאג באדל. נו. 2024; לעא לאנדוי. "ARTHURIAN LEGENDS". XLII.

## איין שין מעשה.

(פון קיניג ארטיש הוף)

מן לובט ביליך דיא אידלי קיניג אונ' פירשטן אונ' הערן,<br>
וויא זיא טון אירי הערשאפט פור מערן,<br>
דוך איז עז אלז איין וויכט,<br>
און נאטש הילף קענן זיא עש פולן ברעננן ניכט,<br>
נון וויל איך אייך זאגן פון איינם קיניג רייך,<br>
אין דער וועלט פונט מן דא ניט זיינש גלייך.<br>
קיניג ארטיש וואר ער גינאנט<br>
ער וואר גיוועלטיג איבר פיר אונ' דרייסיג לאנט.

מיט דער האָפֿט איר אייער היימליכקייט,
מיט מיר האָבט איר וואָוינונג און פֿרייד
אין דעם אָבענד.

איין אָרעם קרעאַטור איז דאָך אומבּ איין ווייב,
איין ריפּ וואָר זי גענומען אויס זיינעם לייב,
וואָס זי ניכט זאָל האָבען אירם מאַנס גענאָס
זאָ וואָרע זי אַלער פֿריידען בלאָז
אין דעם אָבענד.

איר זייד ווי איין שאַפּליין פֿאַראירעט,
עס איז פֿון גאָט גאָאָרדינירעט
דאַרומבּ געבּט מיר באַלד איירן באַשייד
איך וויל אייך ערגעצן פֿון איירם לייד
אין דעם אָבענד.

מיט שטילשוויינגן פֿאַר, ערפֿאַרעט מאַן פֿיל,
שענע כּלה איך זינג דיר דאָס ביישפּיל,
דאָס מאַן דיך האָט געזוכט זאָ וויים,
ביז מאַן דיך האָט געפֿונדן הייט
אין דעם אָבענד.

ער דיך האָט אַלזאָ לאַנג פֿאַרלאָרן,
פֿיר אַלע דער האָט ער דיך אויסערקאָרן,
אויף ערדן באַגערט קיינע מעהר
דו ווירסט געפֿירעט מיט גראָסער עהר
אין דעם אָבענד.

זיי אים טריי, זיי אים האָלד
פֿאַר זילבּר און פֿאַר רויטעם גאָלד,
פֿאַר אים זאָלסט דו פֿאַרהוילען ניכט,
דעסגלייכען דיר אויך פֿון אים געשיכט,
אין דעם אָבענד.

אַלצייט זאָלסטו פֿאָלגען זיינעם ראָט,
זאָגסט אים אויך ביישטען אין זיינר נויט,
אַלס צפּורה, משה רבינו ווייב,
דאָ אים וואָלט דער מלאך נעמען זיין לייב
אין דעם אָבענד.

זי באַשירמט אים וואָל פֿון זיינעם לייד,
דאָ זי איר יונגעס קינד באַשנייד.
דאָס עקזעמפּל טו איך זינגן דיר,
דאָס דו זאָלסט פֿאָלגן מיר.
אין דעם אָבענד.

אלס אונזר פאָטער איציק טעט
וואל אַן דעם אבענד.

דאַ אים בעגעגנעט די רבקה צארט.
די אים צו איים ווייב געגעבן ווארד
זי ערפרייט מיט איר (?) אין זיינר מוטר הויז,
זיין טרוירן ווער באלד אויס
אן דעם אבענד.

ער האָטע זי ליב, ער האָטע זי ווערט,
דאן זי ווער אים פון גאָט בעשערט.
הער גאָט! גיב מיר דאס גליק
דאַסגלייכען מיר אויך יעצונד שיק.
אן דעם אבענד.

עס בעגעגנעט אים צור זעלבינן פאַרט,
איין יונגפריילין, וואר אלזאָ צארט,
ער שפראך: גאָט גרים אייך יונגפריילין,
וואָס שאפט איר היר אליין
אן דעם אבענד.

וואר מיר אייער זין און הערץ באקאנט,
איך געב איך היר מיין טריי צו פפאַנד,
וואן איר אייך מיט מיר וואָלט פארלאָבן
מיין הויזגעמאך וואָלט איך מיט אייך האבן
אן רעם אבענד.

זי שפראך: איר זייד איין עהרליכר מאן,
די יוגענד איז נאָך מיט מיר דארן,
דאָס איך מיך זאָל בעגעבן אין עהליכן שטאַנד,
דאר בין איך נאָך ניכט בארייט
אן דעם אבענד.

אלע צייט מיסטע איך אינשטאן,
מיסטע זיין אונטערטאָן מיינם מאן,
און קינדר געבארן מיט שמערצן,
דאָס נעם איך מיר גאָר צו הערצן,
אן דעם אבענד.

נון בין איך יא מיינם לעבנם פריי,
האָב מיין זין און וויץ אויך דאביי,
פאטר און מוטר־צארן ווארעט ניכט לאַנג
עס איז נור איין איבערגאַנג
אן דעם אבענד.

אך פריילין! ווי זייד איר זאָ וויין,
גינג דאָך אייער מוטער איבער גרייז,

# דיכטער אונבאקאנט.

דאס ליעד „צו באדעקענס“ האט ־נים קיין מחבר. עס איז אן אלטע אידישע פאלקס־ליעד, וואס פלעגט אין איהר צייט געזונגען ווערען צווי־שען די דייטשע אידען צו באדעקענס. (אין יע־נער צייט איז ביי די דייטשע אידען געווען א מנהג צו באדעקענס, פריהער דער כלה׳ס האר צו פארפלעכטען און דערנאך זיי אבצושערן, דער־ביי פלעגט מען זינגען פארשיידענע ליעדער). דאס דאזיגע ליעד געפינט זיך אין א זאמלונג פון דייטשע פאלקסליעדער: „טונענדהאפטער יונג־פרויען אונד יונגגעזעלען צייטפערטרייבער דורך הילאריום לוסטיג פון פריידענטאל“, 1690, וואו עס איז איבערגעארביים פון אידיש אין אלט־דייטש. א צייט שפעטער איז דאס זעלבע ליעד ערשינען אין א זאמלונג: „גאנטץ נייער האנס בוך אין די וועלט“. אין 1890 איז עס אין א פאר־קירצטער פארם איבערגעדרוקט געווארען אין דער „צייט־שריפט פיר די געשיכטע דער יודען“, פון וואנען עס ווערט געבראכט. ביבל. י. באלטע, „איין יודיש־דייטשעס ליעד דער 17טען יארהונ־דערטס“, אין „צייט־שריפט פיר די געשיכטע דער יודען אין דייטשלאנד“, 4, 22—93, בערלין 1890.

## צו באדעקענס.

עס גינג איינמאל איין יונגר העלד
אלזא פעקסירעט אין דעם פעלד,
זא גאר פעראירעט אין זיינר זאך,
וואו ער מאכט פינדן זיין הויזגעמאך,
אן דעם אבענד.

אך גאט! ווי בין איך זא איין פעקסירטער מאן,
דאס איך מיר זעלבר ניכט ראטן קאן
וואו איך מיך הינקר אדר ווענדע,
בין איך אליין און גאר עלענדע,
אן דעם אבענד.

דער מענש איז זונדר הולף אונד ראט,
דער ניכט האט איין עווינע שטאט,
אלס אונזרע שריפט אנגעציינט האט,
עס ניכט גוט צו זיין איין מענש אליין
אן דעם אבענד.

איך רוף דיך, גאט! פון הערצנגרונד,
לאז מיך ערלעבן דיזעלביג שטונד
דאס דו אנהארעסט מיין געבעט

צו זעהן דיא אידלי ווירדינגה שטיין דאָז וועל איך אך זעהן גערן.
דז דאָש בית המקדש ווערט באָלד פון זיא גיבויט ווערן.

דר אָלמעכטיג גאָט זאָל אינז בלד ברינגן דיא צייט,
דז ער האָט אונש צו גיזאָגט מיט דער ווארהייט,
אין דורך זיינה נביאים האָט ער אָן גישריבן,
דז ער וויל אונש דער ליזן דיא דאָ זיין פר טריבן.



אין הימל טוען זיך פר זמלן אלי מלאכים אין חיילות,
פאן ווען דיא הייליגע נשמות יתירות,
צו הערן פאן זיא אויז דיא תורה חידושים
וואז דא האבן מהזיק גיוועזן דיא פרושים.

און אז השי"ת טוט זיא פרעגן וואש האט איר גילערינט זאגט מירשעבן
ווען זיא שוויינן שטיל און ווישן קיין ענטפרט צו געבן.
וויא גרויש איז דיא שנד פאן דיא זעלביגן נשמות,
און זיא מאכן שלאף דיא פליגל פאן דיא מלאכים דיא דא היישן חיות.

זיים לושטיג אין פריליך איר רינה אין פרומה,
דאז איר זייט זוכה צו אזו איין מעלה צו קומה,
צו אזו איין גוטן לוין דער דא איז גר פיל,
דאז איז דיא נשמה יתירה דאז האט קיין מאס קיין ציל.

דער טיש זאל זיין בירייט פר אלי זאכין,
אין דרויף זאל ליגן דיא חלות פאן שבת דאז מן דריבר טוט המוצי מאכן.
אין דיא לאמפ מאכט רעכט אן דאז זיא שין ברענט,
דער נאך גיא אין דיא שול גר ביהענט.

אין ווען דוא בישט פארטיג מיט דיין לובן אין בעטן,
אזו קומן צווייא מלאבים צו דיר צו טרעטן,
אין בלייטן דיך אז דוא גישט אויז דיא שול ארויז,
אין היטן דיך פר אלן ביזן אין געגין מיט דיר אין דיינם הויז.

אין דיא זעלבינה הובן דיך אן צו לובן אין בענשין,
עס זאל אך זיין אזו דר ווילן פאן הש"י. צו דען דאזיגן מענשין,
דאז זיין טיש זאל דען אנדערן שבת אך זיין אזו בירייט,
אז וויא אצונדר אזו זאל אך זיין אלי צייט.

דיא חלות מוזן אוף דען טיש ליגן ביצייטן,
אין גאנץ מוזן זיא זיין אוף אלי צווייא זייטן,
מיט דר איבער צוועהל זאלן זיא צו געדקט זיין דארויף זאלשטו האבן אכט,
ביז דוא האשט גאנץ אין גאר קידוש אויש נימכט.

אלי גלידר פאן מענשין דיא רעכטין און דיא לינקן,
זיא האבן אלי צייט הנאה פאן דען מענשין זיין עשין אין טרינקן,
אין איינש היישט נסכוי דאש קליין גליד,
האט קיין מאל קיין הנאה מיערט פון דיא סעודה דיא דריט.

זיא זאלן זוכה זיין דיא פרומן יונגן אין אלטן,
דיא דען הייליגן שבת טוען רעכט האלטן.

## ר׳ גימפל סג״ל.

**דער מחבר** פון דעם אָריגינאַל פון דעם ליעד „מזמר שיר ליום השבת״, איז „מאיר טשעברשין״. דאָס ליעד איז געשריבען און געדרוקט נעווען אויף תרגום לשון אין יאָהר 1639, אין ווערנדינג. אין יאָהר 1654 איז עס איבערזעצט נעוואָרען אין אידיש פון ר׳ גימפל סג״ל. דאָס ליעד, פון וועלכער דאָס פאָלגענדע איז א טהייל, געפינט זיך אין דעם ספר „לקורות הגזרות על ישראל״ פון ח״י גורלאַנד, קראָקוי.

### מזמור שיר ליום השבת.

איין שיין גיזנג וויל איך אַז היבן צו זינגן,
מיט פרישן פריליכן העליר שטימן.
צו ערין דיא הייליגה מלכה דיא דאָ איז וואול ביקנט,
שבת איז זי מיט אירן נאמן גיננט.

גאָט דער מיט אים דאָז ליכט רואט,
אין מיין הויז זאָל ער שיקן דיא מלכה גוט,
ווארום טוט זי אזו לנג דרווישן זוימן,
פאָן אירנט וועיגן האָב איך דאָז הויז טון אויש רוימן.

פר ווגלין טוט זי גנצי זעקש טאָג
אַז איין מענש דער אין גלות איז געפלאָגט,
אַז איין פויגעל פון איין דך צו דען אנדרן טוט זי פליהן,
ביס דיא צייט דז דער הייליג שבת קומט איין הער צו ציהן.

דיא שבת ליכט זאָלט אַז צינדן ניט צו פריא אָך ניט צו שפעט,
נייערט אובנט אז דיא זון נידר גיט
און דיא קליידר דיא איר אַן קליידט זאָלן זיין אז דער שנייא ווייס,
דיא מלכה שבת זאָלט איר אנטקינגן גין מיט לוב און מיט פרייז.

אלי שדים און מזיקים מוזן אַן שבת אוועק פליהן,
אין דען טיפסטן אָפּ גרונד מוזן זיא איין הין ציהן,
אַז שבת איז אייטל רוא אין פיל פרייד,
אין ווערט ניט גיפונדן אַז אים איין לייד.

איין חתונה טוט זיך צו דען קיניג הקב״ה גרישן
אין דאָ ער מיט ווערן אַלי ביזי דינים פר געשן,
איין נשמה יתירה ווערט גימערט צו דיא פרומה לייט,
זיא איז איין גישטעלט פאָן עולם הבא דז צו דיא צדיקים איז בירייט.

# דוד בר׳ מנחם הכהן.

דוד בר׳ מנחם הכהן — שריפטשטעלער. געלעבט אין אמסטערדאם, אין אנפאנג פון 17טען יארהונדערט. אין 1649 (לויט דער יוד. ענג. ענצ. 1644) האט ער אין א גערייםטער פארם איבערזעצט אייניגע שטעלען פון דער תורה און די מגלות, אויסער איכה און האט עס ארויסגעגעבן אין אמסטערדאם מיט פאלגענדער פאררעדע: „וואל גיטראכט פון בראשית ביז ואלה המשפטים אויף טייטש גימאכט, אין פאפיר אונ׳ אותיות גר בשיידליך, פר וויבר אונ׳ יונגן מיידליך, דר דריגן ווערט טין לייאן, ווערט זיך אין גאטש דינשט דר מייען (פרייען)", און אויף דער צווייטער זייט: „טייטש גימאכט אויף פיר מגלות, מאג זיך באווייזן אין אלי קהלות, זונדר איכה הוט ער לוזן שטין אויף אבזייט, פון וועגן עש בעט פון לייד אונ׳ טרויארקייט..." איך ברענג דא אייניגע פערזען לויט א. שולמאן. ביבל. א. שולמאן, „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה", 3, 33—34; יוד. ענג. ענצ. 4, 466; ז. רייזען, „לעקסיקאן".

## פון „מזמור לתודה".

זאג מיר דאך אל ליבשטר מיין,
וויא ווײדשטו דוך דיין למבליין...
וויא איז מויגליך דש דוא מיך הושט זוי פר געשן,
אונ׳ אלש אנדרי הירטן דייני גיזעלן זיך אן מעשן...
ביט פרוינטליך וואלש מיר זאגן,
ווילשטו ווישן וויא זולכש מאג זיין,
דוא שויגשט אונטר דען יונג פרויאליין...

אי זיך דער טאג ארהיצט מיין הייטר זון
אונ׳ אי דער שאטן גנץ פליגט דוא פין,
וויל איך גין דיינר אל דא ווארטן...
מייני גיזעלין, וואו בישטו זו שוין אונ׳ פיין
קיין מאנגל אן דיר ניט קיין זיין,
דרום קאן איך דיך ניט פר לושן.
גישטו הין אונ׳ הער מיין ליבשטר שאץ,
איך בלייב בייא דיר אין אלן פלאץ,
ווערשטו מיך זעהן אין אלען הויכען שטורשן...

זארגט ניט, מיין פריינט גנגן אין זיין גארטן,
זיין בעשטי גיווירץ צו הויט (היטען) און ווארטן,
רויזליך דריגן צו פפליקן.
מיינס פריינד בין איך איינן גאנץ אונ׳ גאר,
אונ׳ ער איז מיין פריינד, זאג איך פר וואר
מיט רויזן טוט ער מיך ארקוויקן...

# ר׳ שלמה פון פראג.

(פון אייזיק וואליך׳ם דערמאָנטער זאָמלונג. פראגמענטען).

## אָ רעטעניש-ליעד.

הארט צו, איר ליעבען לייט,
איין וואונדער אונד איין נייע צייט,
וואָס נייליך איזט געשעהען:
איין נביא לאָזט זיך זעהען,
ער איזט נאָך פאָרהאנדען
אין הינערבערגענלאנדען.

דער נביא שרייט מיט מאכט
איבער די וועלט טאָג אונד נאכט —

זיין בארט איזט ציעמליך גרויס,
מיט זיין קאָפּ געט ער גאָר בלויז,
בארפים מיט זיינע פיסען;
קיין קעלט טוט אין פערדריעסען,
זיין ראָק פון פיל פארבען
מאכט זיין לייב פיינפארבען.

געב מאן אים דיע גאנצע וועלט,
זאָ רירט ער אָן קיין געלד;

דאָך פיר הונגערנויט
עסט ער יע טרוקען ברויט;
קיין מעט, קיין ביער, קיין ווייניע
קומט אין זיין לייב הינאיינע,
קאָן ער וואסער האבען
מיט דעם טוט ער זיך לאבען.

האלט זיך צומאָל ניט שטאָלץ,
שלאָפט יע אוף דעם הארטען האָלץ,
קיין בעט טוט ער בעגערען,
שלאָפט יע אוף דער ערדען,
וויים וואונדערליכע דינגען,
אין ליפטען טוט ער זיך שווינגען.

איין טאָג איזט אים יאָר,
וואָרליך, דאָס איזט וואר,
קאן ער דיע זינד פערגעבען,
דאָס זיע ניעמאנד מען אנקלעבען,
טוט זיע אוף זיך נעמען,
דאָס זיע דען מענשען ניממער
ערקענען.

וויע איך פון לייטן הער,
שטעט מען אים נאָך זער,
אויך שווארען האָך אונד טייער,
מאן דרייט אים נאָך מיט דעם פייער.
אונד אל דיע נאָך שטענען,
מאכט איר וואָל קענען.

נון איר ליעבען ווייבער אונד מאנען,
דער נביא איזט איין האָן,
ווען ער זיך לאָזט הארען,
טוט איין ניי וועטער ווערען;
אום מיטערנאכט טוט ער זאָגען.
ווען עס העבט אָן צו טאָגען.

דער דאָ האָט געמאכט דאס ליעד,
דער הייסט דער פראליך יוד;
ווען איך אין וועלט נענען,
מאכט איר אין וואל קענען:
דאָך וויל איך אייך זאָגען,
ער הייסט ר׳ שלמה פון פראגען.

## יוסף בן בנימין. (פון אייזיק וואליך'ס דערמאָנטער זאַמלונג)

### פורים-ליעד.

אסתר, דיע ליעס זיך ניט לאנג ביטען,
זיע טראט פיר דעם קיניג מיט גאנצען זיטען.
אויף אירע קניע טעט זיע פאַלען,
דריי טאג האָט זיע איר שפייז פירמיטען,
נאך טעט זיע אים וואל געפאַלען.

ער שפּראך, ליעבע אסתר, דו קינעגין מיין,
וואס איזט דיין לייד אונד גרויסע פיין?
דאס וועלט איך וויסען גערען.
ביז אן דיע האלפט דעם קיניגרייך מיין,
דאס וויל איך דיר געווערען.

גענעדיגער קיניג, איך מוז אייך זאגען,
איבער דען ליידינגען המן מוז איך קלאַגען,
דער מיר מיין פאָלק וויל אומברענגען
— — — — — — — — — — — — — — — — —
פעטרען וויל ער לאָזען הענגען.

מרדכי שפּילט מיט המן אלס דיע קאַץ מיט דער מויז,
מאן הונג זי אלע איר פרייד וואר אוס,
המן אונד אל דיע זיינען,
מרדכי קרעג זיין שאנעם הויז,
גאָט הולף אינען אויס אלען פּיינען.

דרום זאָל מאן גאָט דען הערען לויבען
דאס ער יעקב זיין קינדער האָט דערהויבען,
זאַ נאר מיט אלען שטיקען;
זיין גענאָד איזט אונטען אונד אבען,
אונזערן משיח ווערט ער אונז באלד טון שיקען.

דער אונז דאס לידליין ניי האט געמאכט,
ער האט עס געמאכט ביי איינער נאכט,
גענאַנט מיט זיינעם נאמען,
דעם פורים האט ער עס צו ערען געמאכט,
גענאַנט יוסף זאָן בנימין.

איבער די ארמען טוט אייך דערבארמען,
ענטפאַנגעט זיע ליעבליך מיט דען ארמען,
טיילעט גימליך אונד גערען.

דאמיט וויל איך עס לאָזען בלייבען צום טייל,
איך ווינש אייך אלען גליק אונד הייל;
זאָל אונז גאָט געבען די פרייד, דאָס משיח זאָל זיין בערייט.
— ווען עס שאָן חתן אונד כלה וואר לייד —
אונד פירען אונז ווידער אין ארץ ישראל מיט ערען!

דער אונז דאס ליעדליין ניי האָט געמאַכט,
חתן אונד כלה האט ערס צו ערען געמאכט,
ער איז וואָל בעקאנט אין אַלע לאַנר,
לייב קוטנים איז ער גענאנט,
זיין האָפנונג שטעט צו גאָט דעם הערען.



## לייב קוטנים. (פון אייזיק וואליך'ס דערמאַנטער זאַמלונג)

### כלה-ליעדער.

א.

איך עפען מיין מונד מיט זיסעם געזאַנג
דעם חתן צו ער, דער כלה צו דאַנק;
איך וויל עס אייך ניט מאַכען לאַנג:
גאָטעס־פורכט זאָל זיין דער ערשטע אַנפאַנג!

אַלעס בעשוף ער מיט קלוגהייט,
אונד אם זעקסטען טאַג וואַר אַלעס בערייט,
די ערד האָט ער אויף נישט געשפרייט,
דאַרוף בעשוף ער די מענשקייט.

ב.

נימנאַלד טוט זיך פירבלייכען
וואָל פיר דער כלה צאַרט,
זיע איזט זאַ צוכטיגלייכען — —

ג.

עס איזט קיין גרעסער פרייד אויף ערדען,
אַלס ווען צוויי ליעב צוזאַמענגעבען ווערדען:
צו דיזער פרייד זאָל זיך יעדער מאַן זיין בערייט,
קנעכט אונד מאַיד,
חתן אונד כלה צו ערען.
הארט צו, חתן אונד כלה, וואַס איך אייך זאַג,
אייער זינד ווערדען אייך פירגעבען אויף דיזען טאַג.

וועלט איר פריי זיין פון דער העלע פיין,
זאַ טוט נאַך דען וואַרטען מיין,
וואַס איך אייך טו לערנען.

הארט צו, חתן אונד כלה, האַלט עס ניט פאַר איין שערץ,
נעמעט עס פאַסט צו הערץ,

ווען דו פון היער זוּלסט שיידען:
אך, האָסטו דען פיל גוטס געטאַן,
זאָ ווערד דיך גאָט ענטפאַנגען שאָן
אונד אין זיין רייך אונלאַזען.

וואָרסטו איין מענש, איין מאַכטיגער הער,
אונד אַלע דיע וועלט דיין איינגען וואַר
אַלס קיניג אַלעקסאַנדער,
וואָס העלפט דיך דען דיין הערליכקייט,
ווען דו דורך פיין אונד ביטערקייט
מוזט שטערבען אַלס איין אַנדרער.

אָ ווע דער גרויסע אַנגעסט אונד נויט,
ווען זיך גענעהעט דער ביטער טויד,
ווען לייב אונד זעל זולען שיידען;
דען זיכט איין מענש פאַר זיך שטאַן
אַלעס, וואָס ער זיין טעג האָט געטאַן,
גאָט יתברך אורטעל מוז ער ביימען.



אלעס, דא איזט אויף ערדען.
אלע דינג פארגאן זא שנעלינגלייך,
וויר אדם קינדער, ארעם אונד רייך,
מוזען אל צו עשען ווערדען.

דער ביטער טאד, דער טוט אונז דראנג,
ער שלייכט אונז נאך וויא איין שלאנג,
ער לאט זיך ניט דערבארמען;
זיין אורטייל שטרענג האט קיין גענאר,
דעם איינען פרי, דעם אנדערן שפאט,
דעם רייכען אלס דעם ארמען.

אך יאמער, עלענד אונד ווע,
מיר פארגען אלס וויא דער שנע,
מיר מיגען וואל האכטראבען;
הייט איזט דער מענש אין פאלער מאכט,
מארגען איזט ער טאט אונד גאר פעראכט,
ווערד אין דיא ערד בעגראבען.

וואו זיין דיא הערען אונד פירשטען אל,
קיניג, קאיזער, פאפסט אונד קארדינאל,
דיא דא זיין געוועזען פאר הונדערט יארען ?
איר נאמען וואר אל דיא וועלט בעקאנט,
זיא מוזטען אין איין אנדער לאנד,
דא זיין זיא הינגעפארען.

דעסגלייכען וויל אונז אויך געשעהען,
מיר שטערבען אל אונד פארען היין,
מיר מיגען ניט לאנג ווערען;
אונד קענען דען טאד איזט קיין קרוט,
נאך הונדערט יארען זיין אנדרע לייט,
אונד אונזרער קיין אוף ערדען.

רעכט אלס דיא בלום, רעכט אלס דער רייף,
זא איזט פארוואר אויך אונזער לעבען;
אך, וואס זול איך לאנג שרייבען;
אל אונזער צייט האט קיין בעשטאנד,
מיר מיזען אין איין אנדער לאנד,
דארינען איזט איין עוויג בלייבען.

וואס הילפט דיך דען דיין שטאלצער מוט,
דארצו דיין געלד אונד גוט,

קרעננעלן דיע דא זיין פרישע,
פלייש אום דעם רום.
פיל פלייש, וועניג ברוט,
עה דאס הייליג פורים וועג צוט.
יוהאשי האביטעי.

דער קיניג לאט איין ביטען,
מיט דען ציגען צו האלטען איינען טאנץ:
פון איינעם זאלם צעהען שטיקען,
איין ריקבראטען אלזו גאנץ.
איצונדערט קומט אונזער קיניג צו קריעכען,
ער האט איין בויך אלם וויע איין קיסענציעכען.
יוהאשי האביטעי.

די בחורים וואלען שטודירען
מיט איינעם גלאז אלזו זער,
דער קיניג וויל דורניערען,
דריי ריקבראטען איזט זיין שפער.
ער זיצט אם טיש אלם איין רייטער,
ער זויפט זיך פאל, ער קאן ניט ווייטער.
יוהאשי האביטעי.

מיר וועלען חלקים זאגען
וואל אין דער שיסעל גאנץ בלאז
דער בעל־בית ווערט דען חסרון טראגען,
ער ווערט אונז שעלטען איין פראש;
איין פאלער פרעסער אונד איין פוילער,
אין דער שיסעל וועלען מיר זאגען דען קוילער.
יוהאשי האביטעי !

נאך איינעם וויל איך זינגען
דען פרויען אונד אויף דען מאן,
ברענגט הער דיע בעסטע רינגען,
פיש מיט דער וואו העבט אן,
פיל פיש, פרישע וועך, פלייש, פיער פיערטייל פירנעוויין,
דרום מוז די ואו פון ויזתה זא לאנג זיין.

**פונים מויט.**

(די דאָזיגע פראגמענטען ווערען צוגערעכענט צו וואליך'ס
אייגענער פעדער).

אך עדעלהייט, אך עדעלהייט,
עס איזט דאך ניט איין עדעלהייט.

ארער מאכט אלזא רייך זיין אלס מייסליין וואס.
דרום שטע איך דא אונד זאג אלזא :
כי גיבור עלינו חסרו !

## א פורים ליעד.

געזונגען פון א לוסטיגער חברה
ישיבה בחורים.

פומעי, (?) איר ליעבען געזעלען,
גאט געב אייך איין גוט פורים !
איך קום העריין מיט מיינען שעלען
וועגען דעם קיניגס בחורים.
דרום ריסט אייך צו,
טראגט מיר צו אקסענפלייש, בעהאלט די קו !
יוהאשי האביטעי (?).

אונד לאזט אייך ניט פערדריעסען,
ליעבען לייטליך צארט,
לאזט אונז דען נאבוט געניעסען,
ע ער קריעגט איינען בארט.
דען מיר זיין אלע לאבעסווערט,
מיר עסען איין חאסיטה וויע איין פפערד.

איזט דאס ניט איין שאנדען,
ווען איר עס ניט טוט אלזא גלייך,
דיע בחורים זיין פארהאנדען,
געבט אונז דען וויין אלזא רייך ;
דען מיר זיין וואל געראטען,
קורצע דרשים אונד לאנגע בראטען !
יוהאשי האביטעי.

ברענגט הער דאס בעסטע עסען,
דאס איר האבט אין דעם הויז.
דען וויין געבט אונז אונגעמעסען,
מיר זויפען אין דאך אלער אויס ;
ווײדליך געשפיזען, וויעדער געצעכט,
גאנצע טעג אונד גאנצע נעכט !
יוהאשי האביטעי.

ברענגט הער אוף דען טיישע
נאבוט אונד פיינענמוס,

# אייזיק וואליך.

**אייזיק** בן משה־אברהם וואליך — אידישער דיכטער. געלעבט אין ווארמס צווישען 16טען און 17טען יארהונדערט. (געשטארבען אין יאהר 1632) אויסער א בוך מיט אייגענע ליעדער האט ער אויך צוזאמענגעשטעלט א זאמלונג פון פאר־שיידענע אידישע און אידיש־דייטשע דיכטער, וואו עס געפינען זיך אויך אייניגע פון זיינע איי־גענע ליעדער. דער מאנוסקריפט פון דער דאזי־גער זאמלונג, פון וועלכער די פאלגענדע ליעדער זיינען גענומען, געפינט זיך אין דער באדליעא־נא־ביבליאטעק אין אקספארד. ביבל. פעליקס רא־זענבערג, „איבער איינע זאמלונג דייטשער פאלקס אונד געזעלשאפטס־ליעדער אין העברע־אישען לעטערן“, „צייטשריפט פיר די געשיכטע דער יודען אין דייטשלאנד“, 3, 14—28; י. ל. כהן, איינלייטונג צו זיינע „יודישע פאלקסליע־דער“; ז. רייזען, „לעקסיקאן“.

## פון תהלים.

מן המיצר, איך טו אנרופען גאט,
דער אונז הילפט אוים אלער נאט,
אונד שפייזט אונז דאס טעגליך ברויד,
לויבען וועלען מיר אין פרי אונד שפאט.
דרום שטע איך דא אונד זאג אלזא:
כי גיבור עלינו חסדו!

כל הגוים, זיע אונז אומרינגעלט האבען,
זענען קומען פאר ירושלים צו טראבען,
האבען עטליכע ברידער די הויט טון אבשאבען,
דאך זענען זיע געבליבען ביי אירעם גלאבען.
דרום שטע איך דא אונד זאג אלזא:
כי גיבור עלינו חסדו!

לא אמות איך וויל לעבען,
וויל השם יתברך ערע געבען,
אונד לערען גמרה, תותפות אויך דארנעבען:
עווינער הער, צו דיר וויל איך מיך קערען,
דרום שטע איך דא אונד זאג אלזא:
כי גיבור עלינו חסדו!

מאת יהוה היתה זאת איך וואל אלעם בעסער וואס,
עס מאכט אין דיע צייט וואל קומען,
איך מאכט זא וואל לערנען אלס רבי יוסף אשכנז.

דאָש זיך קיין שרה מיט אונז זאָלט בימיהן.
דאָש אונז קיין שררה אין נעמן זאָלט.
דאָש זיא אונז ווייט וואָלטן פאר יאָגן.
אָבר הש"י עש ניט האָבן וואָלט.
גאָב אונז לייט זעליגקייט אין אירן אויגן.

י.

אָלז וואָש מיר טעטן אַז זיא בינערן.
אַז די (פירשט) אונ' אך הערן.
אונזר גיבעט טעטן זיא גיווערן.
אונ' ניט לער ווידר קערן.
מיט אלר גרושר דעמוטיגקייט.
האָבן זיא אונז אלז נומש פר גאלטן.
צו אלר בינערונג זיין זיא אונז גיוועשט בערייט.
מיר טעטן וואונן וואו מיר וואָלטן.

יא.

עש זאָל אונז ניט קומן אויז אונזרן זין.
דאָש זיא אונז צו אינן האָבן טון גינעהן.
מיט פריד זאָלן זיא וואנדרן אויס אונ' אין.
קיין לייד זאָל אינן גישעהן.
וואו זיא זיך הין קערן זאָלן זי בינליקן.
אונ' אירי לעבן זולן זיך אר לענגן.
אירי פיינד זאָלן זיך קינן אינן בוקן.
אונ' אירי צייט מיט פריידן פולברינגן.

יב.

אלי מייני ריד וואָש איך האָב גירעט.
אלז וואז איך האָב גיזונגן.
קיין ליגן האָב איך דאָ אינן פארצעט.
נייארט דיא ווארהייט ביצייגט מיט איינר צונגן.
נייארט קערט אָב פון אלם בויזן.
אונ' דאָש גוט ביפסט מיטביידי הענדן.
זאָ ווערט אונז הש"י פון אלי צרות דער ליזן.
אונ' משיח בן דוד זענדן.

אמן וכן יהי רצון.

דאָ זיין מיר אַל גילופן אַנוועק.
אונזר קיינר אישט מער גיוועשט פר האנדן.
דאָ האָבן זיא גיפילט גיפעק אונ׳ זעק.
עש איז אין נימנט אנטגיגין גישטאַנדן.

ו.

וויא גרוש זיין גיוועשט אונזרי זינד.
וויא וואול מירש ניט וועלן אר קענן.
דיא רשעים האָבן איין גרוש פייאר אָן־גיצינר.
אונ׳ האָבן דיא ספרים דינן טון פר ברענן.
זי האָבן גיברוטן איבר דען ספרים.
דויר פלייש דאָש זיא אונז האָבן גינומן.
דאָש האָבן גיטון דיא מורדים דיא עוקרים.
אַזו איז עז אינן אָך ביקומן.

ז.

עטליכי האָטן זיך גינומן אין אירן ווילן.
ווייבר אונ׳ מיידליך אונ׳ יונגן.
נאָטש דינשט צו אר פילן.
דאָש זיא איבר אירן ווילן ניט זאָלטן ווערדן ביצוואונגן.
זיא וואָלטן שפּרינגן אין איינן ברונן.
צו זיין ביר ייט צום איביגן לעבן.
דאָך האָטן זיא זיך ווידר ביזונן.
נאָט האָט אונז אזו ווידר איין גיגעבן.

ח.

דיא מורדים האָטן איין צאַנק איין גרושן.
אי איינר ווידר דען אַנדרן.
איינר זאָגט מן זאָל זיא ניט לעבן לושן.
דער אַנדר זאָגט מן זאָל זיא לושן וואַנדרן.
הש״י אין דיא וואָג שאָל בליז.
דאָש דיא זכיות טעטן איבר ווענן.
דאָש מן אונז אונזר לעבן ליש.
איין נירש זאָלטן מיר האָבן דער קענן.

ט.

נאָך איינש האָטן זיא זיך ביראַכט.
צו דען שררות אום אונז ארום טעטן זיא ציהן.
האָטן לינן גיטראַכט אונ׳ פאַרגיבראַכט.

דא מיר זולכש ווארדן אינן.—
אלמעכטיגר גאט דיין שטרייט פאר שטער.
הובן מיר אל אן צו בגינן.

ב.

מיר האבן גיהאט איין גרושי עת צרה.
אז אי אישט גיוועשט אין אונזרן טאגן.
דען מיר האבן גיהאט קיין שררה.
דאש מן אינן דער פאר העט קינן פר קלאגן.
דיא מורדים האבן גיהאט דיא איבר האנט.
דיא אונז האבן וועלן פר שניידן.
נימאנט האט קינן אינן דאש מויל אויף גישפאנט.
מיר האבן אלז וואול מוזן ליידן.

ג.

דא עש וואר צייט מנחה אורן.
פאר גינג אונז זעהן אונ' הערן.
דען דאש פאלק זמלט זיך פאר דען טארן.
אונזר טרויארן וואר זיך מערן.
צו דער גאשן צו ווארן זיא דרינגן.
דיא פפארטן טעטן מיר צו שליסן.
אין דיא שול מיר דאך גינגגן.
מיר מיינטן דער תפילה צו גנישן.

ד.

וויא מן די הפטורה האט אויז טון זאגן.
איין גרוש יעמרליך גישרייא מיר הארטן.
דיא שונאים ווידר דיא פפארטען שלאגען.
זיא צו ברעכן זיא אן אלי אורטן.
דער שונא וואר אונז אויף דעם האלז.
אויז דער שול טעטן מיר אל לאפן.
וויא דעם דער דאש האט גיזעהן אלז.
וויא דיא זאך איז גיוועשט גישאפן.

ה.

עטליכי זיינן גישטאנדן מיט גרושר וועהר.
ביז איינר פון אונז איז ווארדן דערשוסן.
אך עטליכי זיין ווארדן פר וואונד זער.
דא זיין מיר אל ווארדן פר דרוסן.

# אלחנן העלן.

**אלחנן בן אברהם העלן** — אידישער דיכטער. געבארען ארום דער צווייטער העלפט פון 16טען יארהונדערט אין פראנקפורט אויפ'ן מיין. אין „שע"ב" (1612), דאס יאהר פו'ם היסטארישען פאגראם און גירוש אויף אידען אין פראנקפורט, זאל ער האבען אנגעשריבען די באריהמטע פאעמא „מגילת וינץ", אין וועלכער ער שילדערט די אידישע טראגעדיע, וואס ער האט אליין דורכגעלעבט. אין י. י. שודט'ס „יודישע מערקווירדיגקייטען", פון וואנען דער פאלגענדער אויסצוג ווערט געבראכט, געפינען זיך צוויי געדרוקטע קאפיעס פון דער זעלבער פאעמא: איינע — געדרוקט אין העברעאיש און אידיש צוזאמען, א פערז העברעאיש און א פערז אידיש, ארויסגעגעבען אין אמסטערדאם אין ת"ח (1648). די צווייטע — געדרוקט אין א צוויי קאלום־פארם, איין קאלום אידיש אין רש"י־שריפט, דער צווייטער — אידיש אין אלט־דייטשען שריפט „נדפס פה ק"ק פרנקפורט דמיין, בדפוס של יוזפא טריר כ"ץ תנ"ו" (1691). אין זיין פארווארט צו דער פאעמא זאגט דער מחבר צווישען אנדערעם:

„מגילת וינץ זאל מען עש היישן איבראל
דען עש הא אזוי פיל אלז מגילת אנטיוכס
אין דער צאל

די נאטען, וואס איך ברייננ דא, איז דער אנהייב פון דער מעלאדיע מיט וועלכער דער מחבר הייסט זינגען זיין ליעד: „דער ניגון אישט דרויף גיטראכט אז ווי פון פאביא די שלאכט". און געפינט זיך אין דער „אלגעמיינער צייטונג דעס יודענטהומס", (1877, נומ. 20) און ווערט אויך דערמאנט אין אן ארטיקעל פון דר. ב. פלאצעק (ראבינער פון ברין, מעהרען) „פערקלונגענע ריימע" (נומ, 28), וואס באהאנדעלט די פארלארען־געגאנגענע, אלטע אידישע מעלאדיען. געבראכט פון דער אויבען דערמאנטער שריפט, וואס געפינט זיך ביי מר. יוסף מארגאשעס — ביבליאפיל, מיטארבייטער פון דער טעגליכער צייטונג: „דער טאג". אויסער איהר היסטארישער באדייטונג איז „מגילת וינץ" אויך פון א באדייטענדען פאעטישען ווערט. ביבל. י. י. שודט, „יודישע מערקווירדיגקייטען", באנד 1—3, נאך בוך 6, נומ. 2, ז. 10; ז. רייזען, „לעקסיקאן".



## מגילת וינץ.

א.

דא מן צילט שע"ב אין דער זעלבינן צייט.
אין שטאט פרנקפורט דער ווערדן.
דער וועקט זיך איין גרושר שטרייט.
אז מיר אי ניזעהן האבן אוף ערדן.
זו'לכש ווארן מיר דער שראקן זער.

# אולמא זעליגמאן.

אולמא זעליגמאן (שטאַמט פון דער משפחה גענצבערגער) — שריפטשטעלער. געלעבט אין 17טען יאַרהונדערט. אין 1610 איז אין פּראַג צום ערשטען מאָל ארויס פון דרוק זיין באַריהמ־טער מוסר־ספר „צוכטשפּיגל“ אין אידיש. דער פאָלגענדער אויסצוג איז קאָפּירט לויט דער לאַ־טיינישער טראַנסקריפּציע נאָך ל. סענעאַן, פון ESSAI SUR LE JUDEOALLEMAND 116-117 ז. רייזען „לעקסיקאָן“.

צוכטשפּיגל.

די ווארהייט איז געשטאָרבען,
די פרומקייט איז פערדאָרבען:
לאַסטער און שאַנד
האַט גענומען אויבער האַנד,
שעם און צוכט
נימאַנט זוכט.
פרומקייט און גאָט'ס פורכט
טראַגט ני מער פרוכט;
קיינער טוט זיך שעמען
צדקה צו נעמען,
די שאַנד איז גראָס,
די גאַבע איז קליין איבער די מאָס.
די פריינדשאַפט
איז פיינדשאַפט,
און די געזעלשאַפט
איז מיט נייד בעהעפט;
די ברידערליכע ליב
איז גאַנץ טריב,
איין געזעץ איין ערען דיב.
טוגענט און ער
בעגערט נימאַנט מער;
נאָר געלט הער —
דער עס האָט איז איין העלד;
דען מען אויבען אָן שטעלט.
דאָס איז דער לויף אויף ערדען:
א, גאָט, וואָס פאַר גוטעס וויל
דארויס ווערדען!



# משה שטענדאל.

מ׳שה שטענדא׳ל — געלעבט אין 16טען יאר־הונדערט. איז דער אויטאר פון אן אידישער תהלים־איבערזעצונג, פון וועלכער דאס פאלגענ־דע איז דאס ערשטע קאפיטעל. אין 1586 האט זיין פרוי, רייזעל פישעלס, די איבערזעצונג ארויסגע־געבען מיט א געגראמטער פאררעדע, וואס זי אליין האט געשריבען. ערשינען איז עס אין קראקוי. קאפירט לויט גרינבוים. ביבל. פ. גרינבוים „יו־דיש־דייטשע כרעסטאמאטיע", ז. 96; א. שולמאן „שפת יהודית־אשכנזית וספרותה", 24—26.

### אשרי.

וואו׳ל דעם מאן דער ניט אין דר רשעים ראט געט,
אונ׳ אין דער וועג דר זוינדר ניט ער שטעט,
אין גיזעש דר שפעטר ניט ער זיץ,
נייארט אויף רעכט דר תורה גיבט ער זיין זין אונ׳ וויץ,
דיא רעכט דער תורה האלט ער אין גרושר אכט,
דא אינן לערנט ער טאג אונ׳ נאכט,
דער זעליביג ווערט זיין אז איין בוים
דער פון וואשר ניט שטעט ווייט,
וועלכר זיין אופס גיבט אין זיינר צייט.
זיין בלאט ווערט ניט ור ולבן*) אודר ווערן טרוקן,

אליש וואש ער טוט ווערט אים גוט באגליקן.
אבר דיא רשעים מן זיא זו ניט פינט,
זיא ווערן זיין איין שפרוייאר דען דא פור וויעט דער ווינט.
זיא ווערן אויך ניט זוכה זיין אויף צו שטען אם יונגשטן גיריכט,
דיא זווינדינר מיט זאמלונג דר צדיקים זא ווערן אוף שטען ניכט,
גאט האט ליב דען וועג דער צדיקים אויש דער קארן,
אבר וועג דר רשעים איז עביג פור לארן.




*) פארוועלקען.

# ר׳ חוסלן.

**ר׳ הוסלן** (האסליין) — ביאגראפיע אונבאַ־קאנט. דאס פאלגענדע ליעד, וואס האט ניט קיין נאמען, געפינט זיך אין א האנטשריפט אינ׳ם ראַ־בינער סעמינאר, אין ברעסלוי. אנשטאט א נאמען שטעהט אויפ׳ן ליעד: „חרוזה של מהר״ר הוסלן זלה״ה“. דאס ליעד איז אן איבערזעצונג פון שלמה בן גבירול׳ס „שיר על המים“. געבראכט פון ב. בארַאכאוו׳ס זאמלונגען. ביבל. א. גויבאוועד, אין „איזראעליטישע לעטטערבארע“, אמסטערדאם, 1888. (די אויסלייגונג אויסגעבעסערט).

*
*    *

מיין גוטר אלטר שטערקר וויין,
וואסר וויל דיין מיינסטר זיין.
קיין גיזאנג וויל אין מיין מויל היניין,
וואל וואסר, וואל וואסר.

איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין.
איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין
רינן וואסר, ריינן וואסר.

ווי וויל דש בראט אין מיך געין,
מיין גישפייז האט קיין גישמאק מעין,
ווייל די בעכר ור מיר שטעין
מיט וואסר, מיט וואסר.

איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין.
איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין
רינן וואסר, רייכן וואסר.

שפיולט משה אונ׳ טרינקט דש מער,
דען ווייאר בון מצרים דען שטענקט
ער
אבר אונזר הויז העך
דער שעפט וואסר, שעפט וואסר.

איך האב קיין וויין,
דיא אוינן מיין
איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין.
רינן וואסר, ריינן וואסר.

לייכט בין איך גלייך צו דיזר וריסט,
אז דער ורַאש אים וואסר איסט.
מיין מויל, אז ער איז, גריסט
מיט גיזאנג וואסר, מיט גיזאנג וואסר.

איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין.
איך האב קיין וויין,
דיא אוינן מיין
רינן וואסר, ריינן וואסר.

גזיר ווערט ער צו זיינם ענד,
אז קינט רכב אין זיינם עלענד.
ער אונ׳ זיין הויז גיזינד
שעפען וואסר, שעפן וואסר.

איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין.
איך האב קיין וויין.
דיא אוינן מיין
רינן וואסר, ריינן וואסר.

מיט חכמה ער די וועלט גיגרונדיט בעסט.
אין אלר שטאָט איז זיין עיר,
אויף דער טריקניש אונ׳ אויף דעם מעיר.
קיין שטאט קאָן קיין לויב אונ׳ עיר ניט טראָגן.
זיין גינאָד אונ׳ ווארהייט קאן מאן ניט זינגן נאָך זאָגן.
ראש אויף זאָלט איר טאָן,
דאָ ווערט איר האָן גרושן לאָן דר פאָן:
דען ארמין לייטן צדקה צו געבן,
זאָ ווערט אייך גאָט דר לענגין אייער לעבן.
אונ׳ אין די שול צו געין זאָלט איר אייך איילן
ביהענדר אז פון איינם באָגן די פפיילן.
אונ׳ איר זאָלט אכטן ודיו אונ׳ שפּאָט
צו טאָן אייער תפלה אונ׳ צו לאָבן גאָט.
אונ׳ מיט גרושר פורכט זאָלט איר פר אים בוקן,
דיין הויבט, דיין נאקן אויף דיין רוקן.
אונ׳ ווען אייער לייב ווערט נעין צו דער גראָבן,
זאָ ווערט די זעיל געין אין הימל אָבן.
דש ערשט פון אלן דינגן מאכט אייך איין גוט וואָרט,
מיט אלם דז דר צו גיהאָירט. —
דש זעלביג איז בעסר ווען זילבר אונ׳ גאָלד.
אכט דז אייך גאָט אונ׳ די וועלט ליב האָט.

# יצחק בן מרדכי לאנקוס.

**יצחק בן מרדכי לאנקוס פון קראקא —** געלעבט אין 16־טען יארהונדערט. האט איבערגע־זעצט דעם מחזור אין אידיש. דער דאזיגער מחזור געפינט זיך אין האנטשריפט אינ׳ם בריטישען מו־זיי. קיין קלארע דאטע אויף דעם כתב־יד איז ני־טא, נאר אויף דעם שער־בלאט איז אנגעשריבען, אז דאס בוך איז געקויפט געווארען פון „אייע:ער פרוי טעלצע פון ר׳ יוסף חזן פאר 5 טאלער“. און דערנאך א צווייטע באמערקונג, אז דאס בוך איז ווידער פארקויפט געווארען אין פערטע אדער נאר ווייטערע הענט אין יאהר 1590. דערפון איז קלאר, אז דאס בוך איז פארפאסט געווארען לאנג פאר 1590־טען יאהר. געבראכט פון ב. באראבאוו׳ס זאמ־לונגען. (די אויסלייגונג אויסגעבעסערט)

## נאכווארט.

(צו א העלפט פונ׳ם מחזור)

נו האירט מיר אויך צו איין ווייניג, איר ליבי לייט,<br>
וואז איך אייך וויל זאגן הייט....<br>
צו לערנן אונ׳ צו זאגן.<br>
אין דעם רעכטן וועג האט אייער אוגן,<br>
אונ׳ פון הקב״ה זאלט איר ניט וואנקן,<br>
מייני פרומי בחורות אונ׳ ווייבר,<br>
דש וויל איך אייך שענקין...<br>
אויף צו וואש איך וויל אייך יעהין,<br>
אונ׳ מייני רייד זאלט איר ניט פר שמעהין;<br>
אונ׳ איך שאז בין קליין אונטר אנדרי קאיסטליכי מאנין,<br>
נאך זיין מיין רייד אז די גרושן טאנין,<br>
אונ׳ מיין זאג אז די טייטל ביים צווייגן<br>
אונ׳ זים אז האניג אונ׳ גוטי פייגן.<br>
אז איין לייב איין הערץ האן איך<br>
אונ׳ מיט מיינן ווערקן אז איין פוקס בין איך.<br>
אונ׳ צו אייך וויל איך זיוסקייט אנטפלעקן<br>
אונ׳ איך פפלעג צו בוישן אונ׳ צו העקן;<br>
צו דען די דא דר ציורנן מיין זין,<br>
דען טו איך אז איין שטעכינדיגי בין...<br>
קינדר די דא ווערן זיין פול חכמה אונ׳ תורה,<br>
דש איז בעסר אז איין עם הארץ,<br>
דר דא האט טעם נאך סברה.<br>
אונ׳ פורכט גאט אויך מיט גאנצם הערצן,<br>
עס זיי אין שיומפפן אדר אין שערצן.<br>
אונ׳ וויסט דז ער איז דער לעבינדיג גאט,<br>
דער היטל אונ׳ ערד בישאפן האט,<br>
דער איינציג אונ׳ דער ערשט אונ׳ דער לעסט.

דער איין אונ׳ ויונפציגט שפראך:

צייך איין איטליכן מענשן אונ׳ טו דיך פאַר אים היטן.
בירוים אים ניט ביז דו האָסט דיך מיט אים ויל גוסט טון גיניטן.

דער צוויי אונ׳ ויונפציגט שפראך:

ווער דאָ איז ויל ור צערן.
מעין אז אים גאָט יתברך איז בישערן.
דאָ איז זיך ניט ור וואונדרן אויף זיין ארמוט.
דער ווייל דש ער מעין אז ור מאָג ור טוט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער ניין אונ׳ זעכציגט שפראך:

מאן האָט גיפראנגט איין חכם ווארום ער זיך האָט גישנעלט.
דז ער זיך מיט איינם קליינם מאַגירן ווייב האָט גיזעלט.
ער ענטוועָרט: ער האָט אן ווייב ניט קענן וירן זיין וועזן.
דאָ האָט ער פון ויל בעיז דש ווינציגסט טון אויז לעזן.

דער זיבציגט שפראך:

איין חכם וואר איבר זיינר הויז טיר שרייבן:
גאָט געב דז אליז בעיז פון זיינר טיר זאָלט אויסן בלייבן.
דא וואר איין אנדרר חכם דער ויר גיפאָרן,
דש טעט אים באנג אונ׳ צאָרן:
אונ׳ שריב דארונטר: וועז דו דיך דש האסט ויר גינומן, —
וועז דיין ווייב אויז נעיט, צו וועלכר טיר זאָל זי ווידר היימן קומן?

## נאָכוואָרט.

איך יהודה ב׳ר ישראל רעגינספורג,
המכונה ליב שיבריל מק׳ק לומפינבורג,
האָב אין איינם עברי בוך טון לעזן,
דז פופציג דיזר חכמים רעיד זיין גיוועזן.
אונ׳ איך האָב צוואנציג גיזעץ עברי אונ׳ טייטש טון צו זעצן.
איך האָף מאן וועָרט מיך ניט טון דארום בישוועצן.
איך האָב עז אויף זיבנציג מיינונג גיבראכט:
נעינן זיבנציג סנהדרין האָב איכז בידראכט.
איך האָף צו גאָט צו לאָזן דרוקן ויל אנדרי ספרים מעין.
די איך האָב גימאכט, די דאָ זיין גאָר לוסטיג אונ׳ גאָר שעין.
עטליכי די דאָ עברי זיין גאנץ אונ׳ גאָר
אונ׳ נישט גירייםט אומז גאָר.
אונ׳ עטליכי זיין גאנץ טייטש גירייםט גאָר וואָל,
אונ׳ עטליכי זיין עברי אונ׳ טייטש ג׳רייםט גאָר שעין אן צאָל...

אונ׳ ווערט גיאגט פון ווש ניט אנטרינט ורוי נאך מאן.
דז איז דער מלאך המות, דען קאן נימאנץ אנטגעין.
אל דש גוט קאן איינם ניט ביי היולף שטעין.

דער וירד שפראך:

דריי צייט דיש מענשן אויז ער וועילט זיין:
געשטערט, הייט אונ׳ מארגן שיין.
געשטערט איז איבר וארן אונ׳ איז דר פון,
הייט געיט ביהענד איין וועק די זון,
אונ׳ מארגן קאן נימאנט וויסן.
אב ער איין קאן גיניסן.

דער וינפט שפראך:

כארהייט דיש מענשן טוט איין ור דערבן
אונ׳ דורך קלוגהייט איינים חכם טוט ער היולף דר ווערבן.

דער זעקסט שפראך:

ווער זיינם הערן ניט דינט מיט ווארהייט,
דעם קאן עז וואל ניט אויז געין אין קורצי צייט.
עז זיי גאט אדר איינם מענשן אך הערן,
דעם זאל מאן מיט וליים טון דינן ביגערן.

דער זיבנט שפראך:

ניט זיי פון דען לייטן, דז אין צייט אירן ליידן
דא זיין זי זיך ערשט פון בעיזן וועג אב שיידן,
אונ׳ וועו זי דר נאך זעהין איר זאך וואל ור מעסן.
דא טונן זי איר לייד אליז ור געסן.
זי זיין ניט טרעג
זי קערן זיך ווידר צו דן ערשטן וועג.

דער אכט שפראך:

עז איז אזא גוט
צו האבן איין ורומן זין אונ׳ איין ורומן מוט,
אונ׳ צו טון תשובה אויף זייני בעיזי ווערק אונ׳ גידאנקן,
אז איין גוטי גיוויסי רפואה צו איינם קראנקן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער ויונפצינט שפראך:

דער דא לערנט תורה אין דר יוגינט,
דער ווערט אין דער וועלט וואל זיין אין דער תורה ביקענט.
מען ווערט אים לאב אונ׳ עיר נאך זאגן,
אז איינם באם, דער גאר שעין אפס טוט טראגן.

# יהודה בן ישראל רעגענסבורג.

**יהודה בן ישראל** (פון) רעגענסבורג — מחבר פונ'ם „קליין בראנט־שפיגל". די ערשטע פופציג סטראפעז פון דעם „קליין בראנט־שפיגל" זיינען אן איבערזעצונג פון יהודה אל־חריזי'ס תחכמוני, פון דעם 44טען קאפיטעל. יהודה בן ישראל פון רעגענסבורג (אדער אנדערש: ליב שיבריל פון לומפענבורג), האט די אויבענדערמאנטע איבערזעצונג צוערשט נעדרוקט אין ווענעציא, אין יאהר 1566 (דערנאך איז עס ארוים אין פראג אין 1581, 1585 און 1589, אין אמסטערדאם—1556) מיט'ן נאמען „משלי חכמים". צו די פופציג סטראפען פון אל־חריזי, האט דער מחבר צוגעגעבען נאך צוואנציג כדי עס זאל אויסקומען די צאהל פון די סנהדרין. שפעטער איז עס געווארען איינע פון די פאפור־לערסטע פאעמען אין אידיש. עס איז מעגליך, אז יהודה בן ישראל פון רעגענסבורג איז געוועזן די זעלבינע פערזאן, וואס לייבע פון רעגענס־בורג, וועלכער האט איבערגעשריבען דעם כתב־יד פון „שמואל־בוך", וואס געפינט זיך אין האמ־בורג. שפעטער האבען די „משלי חכמים" געקרא־גען דעם נאמען „דער קליין בראנט־שפיגל". ציטירט לויט דער ערשטער אויסגאבע. פון ב. בא־ראכאוו'ס זאמלונגען. (אויסלייגונג אויסגעבעסערט).

## דער קליין בראנט-שפיגל.

עז וואר גיוועזן איין קיוניג פון ישראל בון דען קעסטליכן אונ' וויזן,
דר האט ביי אים זיבנציג חכמים די ווארן וואל צו פרייזן.
איין מאלט שפראך ער: איטליכר זאג עטוויז רעיד דער גיוצליכקייט,
דז דא מיט ווערט גיפרופט זיין ווייזקייט.

דער ערשט שפראך:

פור איין ווארהייט וויל איך זאגן איינם:
ווי זיך איינר לאזט פרופן דש איז ניט איין קליינס.
עז לאזט זיך אפט איינר פרופן דז ער דא מיט ווערט גיערט,
אונ' עז לאזט זיך אפט איינר פרופן דז ער דא מיט ווערט פר אונמערט.

דער אנדר שפראך:

איין קנעכט דער זיך אן זיין טייל לאזט בינוגן,
דער איז ורייי אונ' טוט אז די קלוגן.
אונ' איין ורייאר איין קנעכט,
ווען ער זוכט מעין אז אים גיברעכט.

דער דריט שפראך:

דער מענש יאגט שווערליך אנדר דינג
אונ' איז זעלבסט גיאגט גאר גרינג.
ער יאגט ווש ער ניט גרייכן קאן

## יוסף בן יקר.

**יוסף בן יקר** — שריפטשטעלער. געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון 16טען יארהונדערט, אן איידעם פון דעם באוואוסטען דרוקער חיים שווארץ. אין 1549 איז אין אייכענהויזען ערשינען זיין סדור־איבערזעצונג, וואס רעכענט זיך פאר דער ערשטער, געדרוקטער סדור־איבערזעצונג אין אידיש. די פאלגענדע צוויי פערזען זיינען פון זיין נאכווארט צו דער איבערזעצונג. קאפירט לויט גרינבוים, ביכל. ז. רייזען, „לעקסיקאן".

*

*　　*

פון דעם הערן וואלן מיר דאנקן,
דער דא מאכט גיזונד דיא קראנקן,
אונז גיבט דען מידן שטערק,
דאס זי קונין פול ענדן איר ווערק.

מער איז איין גאט אז ער,
ער האט אונז גיהאלפן ביז הער,
דאס די תפלה האט איין ארט,
כן וויל איך ניט מינר מאכן מיין ווארט.



ה.

הער נאָט איך וויל דיך ביטן,
דש דו מיך לעבן לאָזט,
אום ווילן ואָלק דש הייליג,
דש דו אויף ערדין האָסט.

אונ' לאָז מיך זי ויזהן
אין דש הייליג לאַנט,
אז דו דען אבות הוסט גישוואָרת,
דש טו מיר אויך ביקאַנט".

ו.

דאָ שפראָך גאָט דער הערי:
„דש מאג נימ גיזיין.
דו האָסט בור זינדיט
אונ' אהרן דר ברודר דיין,

איר זאָלט מיך האָן גיהייליגט
ביי דם ועלזן גרוש,
ביי דען גרושן צייכן
דש וואסיר אויז דעם ועלזן שאָס.

ז.

איך הים אוייך צו דעם ועלזן
רעידן אונ' היופשליך זאָגן,
דש ער דעם ואלק זאָלט וואסר געבן:
דאָווארט איר אין גאָר שלאָגן.

דרום מוזט איר אלהי שטערבן,
דש זאָג איך דיר בור וואָר.
דען ירדן ווערט איר נים איבר גאַרן
מיט דיזר הייליגן שאָר.

ז.

העט איר מיך גיהייליגט
אַן דעם ועלזן מיין,
אונ' העט אין נוייארט גיבעטן
אום ווילן דר צייכן שיין,

זאָ העט איר מיך גיהייליגט
גאָר אָפין בור וואָר
אין אן גיזיכט דער זאַמלונג
דער הייליגן שאָר.

ט.

משה, דו מוזט שטערבן,
דיין צייט איזט נון גיקומן,
אום ווילן דיינן זינגד'ן.
דו האָסט מיך וואָל ור נומן!
דיין קיוניגרייך וויל איך געבן

דיינם דינר, דש האָן איך מיך דר
מעסן,
ער האָט דען ויינן וואָל גיהויאָם,
דרום מוזט ער דר בת עסן".

# משה בן מרדכי פרלאג.

**משה בן מרדכי פרלאג** („משה הונט") — שריפטשטעלער און איבערזעצער. געלעבט אין איטאליען, אין אנהויב פון 16טען יארהונדערט. האט איבערזעצט אין אידיש דעם תהלים (אין פראזא), יהושע און שופטים (אין גראמען), יונה (אין פראזא), און עטליכע מעשות פון דער אגדתא. אט די אלע איבערזעצונגען זיינען צו אונז דערגאנגען אין א האנטשריפט, וואס געפינט זיך אין דער פאלאטינישער ביבליאטעק אין פארמא, איטאליען. דער כתב־יד איז געצייכענט פונ׳ם מחבר מיט צוויי דאטען: „ב׳ מרחשון רע׳א" און „י״נ סיון רע׳א", ד. ה. 1510 און 1511־טען יאהר. (א. נייבויער אין דזשואיש קוואדערלי רעוויו", 1892 יאהר, ז. 703, האט די דאטע פאלש אויסגעטייטשט, אלס 1420־טען יאהר). דער ריטם פון זיינע געריימטע איבערזעצונגען איז דער זעלבער „ריים אין אכט גיזעץ", וואס אין שמואל־בוך". געבראכט פון ב. באראכאוו׳ס זאמלונגען. ביבל. ב. באראכאוו, אינ׳ם „פנקס" („ביבליאטעק", ז. 40־41, נג׳ 312 און 313). די אויסלייגונג אויסגעבעסערט.

## ספר יהושע.

א.

וואלט איר נון צו האירן,
איך וויל אייך וואונדר יעהין,
ויש משה רבינו אישט נישעהין.
נון מאיגיט איר ביי שפיל נעמן
ביי דם היילינן מאן,
דש נימאט ווידר גאט
האפארט טרייבן קאן.

ב.

משה רבינו דש דער וואז הייליג
אונ׳ וואז אן קיוניג רייך!
אין דער נבואה אונ׳ אין לאב גאט
ואנט מאן ניט זיין גלייך.
ער וואז איין קיוניג איובר ואלק גאט
אונ׳ איובר אל זיין העיר,
זיין וואונדר קאן איך אייך ניט
דר צעילן,
זי זינט ויל זעיר.

ג.

ער טעט אזא ויל צייכן
אונ׳ וואונדר מיט גאטיז גיוואלט,
דש קיין נביא אויף ערדין
וואז זא גרוש גיצאלט.
זיין וואונדר ווער ויל צו שרייבן,
דש זאג איך אוייך בור וואר,
ער לעבטי הונדירט
אונדי צוועינציק יאר.

ד.

דא זיין צייט קאם צו שטערבן,
נון מאיגט איר גערן האירן,
ער שפראך: ליבר הער גאט, ווער זאל
מיין ואלק ישראל אינז הייליג לאנד
פיורן?
וועז איך בין גישטארבן
אונ׳ האן דען טאט גיליטן,
זא וועט מיין ואלק ישראל
געין אז איין שאף אן הירטן.

# דיכטער אונבאקאנט.

ספר מלכים — א פארזועצונג פון „שמואל־בוך“, איז א פאעטישע איבערזעצונג פון די בייכער מלכים א׳ און מלכים ב׳; גלייך, ווי דאס „שמואל־בוך“, איז אויך דיזע פאעמא „געריימט אין אכט געזעץ“, און עס איז ניט באקאנט סיי דער מחבר, סיי די צייט פון פארפאסונג. די ערשטע אויסגאבע, פון וועלכער עס ווערט דא געבראכט דער אנהויב, איז געדרוקט געווארען אין דערזעלבינער דרוקעריי, וואו די ערשטע אויסגאבע פון „שמואל־בוך“, ד. ה. אין חיים שווארצעס און פוילוס עמיליוסעס דרוקעריי אין אויגסבורג (בייערן) נאר מיט א יאהר פריהער פאר דעם „שמואל־בוך“, ד. ה. אין 1543־טען, יאהר מיט׳ן נאמען: „דש ספר מלכים אין טויטשר שפראך הויפש אונ׳ בישיידליך אויף גר קורץ וויילינג דרינן צו לייאן“. געבראכט פון ב. בארוכאוו׳ס זאמלונגען. (די אויסליינונג אויסגעבעסערט)

## ספר מלכים.

דער אנהויב

איך לאב דיך גאט בון הערצן,
דו ביסט וואל לאבעם ווערט.
דו האסט מיט דיינן קרעפטן
בישאפן הימל אונ׳ ערד,
דר צו ויל וואונדר אונ׳ צייכן,
די נימאנט צעילן קאן:
צאם אונ׳ אויך ווילדי,
ורוי אונ׳ אויך די מאן.

דרום איז בעסר גישווינגן,
מאן קאן עז דאך ניט ענדן.
וועז דו ביסט זא מעכטיג,
אל זאך קאנסטו ווענדן.
דארום זאל מאן דיך פורכטן,
דז איזט ביליך אונ׳ רעכט.
אלי קרומי הענדל
קאנסטו מאכן שלעכט.

דו האסט קינדר ישראל
נאר אפט צייכן גיטאן.
דארום זיין זי שולדיג,
דש זי דיך בור איין הערן האן,

אונ׳ זאלן דיין נאמן פורכטן.
דש איזט איין ניוץ אונ׳ גוט.
דער מענש איז גאר איין ועלטיג,
דער ווידר דיין נאמן טוט.

די קינדר ישראלווארן
אין מצרים לאנד;
דא דר צייגסטו אין ויל צייכן
דורך דיין גיוועלטיג האנד,
אונ׳ ויורסט זי אויז דעם גלות
אין די ווילדי וויסטניי,
אונ׳ גאבסט אין די תורה
אויף דען בערג סיני.

דו שפייזט זי וירציג יארי
מיט דעם הימלישן בראט,
אז לאנג ביז משה רבינו
ליידר מוסט ליגן טאט.
דר נאך ויורט זי דיין דינר
יהושע אין דז הייליג לאנד.
ער ביצוואנג זי מיט גיוואלט
דורך דיין קרעפטיגי האנט.

ו.

נאָט נאָב אונז די תורה
אויף סיני דעם בערג,
מיט צייכן אונ׳ מיט וואונדר
אונ׳ מיט גרושר שטערק.

לעבענדינר גאָט מיין שאָיפפיר
מיין העלפר עיוויקלייך,
איינינר גאָט (דר הערשיר
אין) היילינן קיונינ רייך.

ז.

נאָט האָט מיך גיראָכן
אן דען ויינדן מיין:
מיין ויינדי זיין צו בראָכן,
זי מיוזן מיין קנעכט זיין.

בון מיינן ויינדן אלן.
ווער מיך עי בראָכט אין נאָט,
זי זיין אל מאל ניפאלן,
גאָט יתברך מיר ניהאָלפן האָט.

ח.

אלי שעלק אויף ערדן,
איר באָסהייט האָלף זי ניכט.
צו כפרה מיוסטן זי ווערדן
די ואלשן באָיזיוויכט.

נאָט קאָן מיך וואָל דר לאָיזן,
איך לאָב (מיין) גאָט מיט רעכט.
ער היולפט פון אלם באָיזן
דוד זיינם קנעכט.

ט.

אפינבאָר וויל איך דיך לאָבן
פאָר דען ואָילקירן אל.
אין דיינם הימל דאָבן
איך לאָב דיך גאָט מיט שאָל...

גינאָד מיר ליבר הערי
דא מיט טריט איך הין דאָן.
מיין הערץ זאָלסטו (מיר) לערנין
דש איך דיר דינין קאָן.

נאָכוואָרט.

גילאָבט זיי נאָט, דער מיר האָט געבן קראפט אונ׳ שטערק
צו אן העיבן אונ׳ צו ואָלענדן דיזעם ווערק.
איין נאָט אברהם יצחק אונ׳ יעקב,
אונ׳ דער דעם דוד אויז אל זיינן נאָיטן האָלף.
דער וועל מיר אויך זיין היולף צו שיקן,
דש איך זיינן ווערקן זאָל ביגליקן.
צו דרוקן אנדרי ספרים מער,
אלז איך האָב ניטאָן ביז אל הער.
דען נינון פון דעם ספר שמואל,
דען קאָן כל ישראל.
ער אונ׳ דש ספר מלכים איסט אלז איינר.
איך האלט עס זיי נירנאָנט קיינר,
ער קאָן דען נגון בור הין.
זאָ האָט ער דש לערן נעלט צו ניווין...
זאָ נעבט מיר דש נעלט, נעמט אוייך די וואָר,
זעט היין האבט אוייך איין גוט יאר.

כו.

דא ניינט זיך די שאיני ורויא
צו דעם כהן גדול:
„דו ביסט איין רעכטר נביא,
דש האיר איך איצונדר וואל!"

דא גינג זי מיט ורייד̇ן
היים אין איר גיצעלט.
אלקנה אונ' איר גיזינר
די צאהין איבר דש ועלד,

כז.

ווידר היים גען רמה.
בור וואר איך אוייך טו זאגן:
חנה די ויל שאיני
וואורד איין קינדליין טראגן.

דש קינד וואָרד גיבארן
אונ' וואז שמואל גינאנט.
אונטר אל ישראל
זיין נאמן וואָרד דר קאנט.

## דש גיזאנק דוד.

א.

איך לאב דיך גאט מיט ורויידן,
צו נאנגן איזט מיין לייט.
מיין ויינד די זיין בור שעידן,
דיין גינאד האט מיך דר ורוייט.

דעם הערן קיוניג שאול
האסטו מיך ניט גילאן.
דו הילפסט מיר הער גאט אל מאל,
מיין ויינדי מוסטן צו גאן.

ב.

איינינר גאט ישראל,
ווער קאינט דיין לאב ואלענדן?
דיין ויינדי קומן אין די העל,
דיין ורויינדן הילפסטו ביהענדן.

דו האלפסט מיר מיט גרושן וואונדר
אויף דעם ועלז זא האך,
דו זענדיסט מיר ביזונדר
איין ענגיל, דער צו מיר צאך.

ג.

דא וואורד איך לעדיק באלדי,
איך לאב דיך הערי מיין!
דו האלפסט מיר אין דם וואלדי
דא שאול צאך הין איין.

מיין שלאז אונ' מייני ועסטי,
מיט אל מיין הוולף זא גרוש,
דו ביזט גאט דער בעסטי,
אויף דען איך מיך בור לאז.

ד.

מיין בישירמר אונ' מיין הערשאפט,
מיין היולף אונ' מיין שטערקער,
דו לייסט מיר הער גאט גרוש קראפט,
דיין היולף איזט מיין בינער.

איך לאב מיט האהיר שטימן
גאט דען הערן מיין.
מיין קעל די מוז דר קלינגן,
לאז דירז גיהארזאם זיין...

ה.

איך רוף אין אן אין אל מיין לייט,
גאט דען הערן מיין.
ער הארכט מיך בון זיינר הייליקייט,
מיין גיבעט דז נימט ער איין.
מן לאבט גאט מיט רעכטן,

עז זיי ביי נאכט אדר ביי טאג
ער היולפט זיינן קנעכטן,
זיין היולף אונז ני גילאג.
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

יט.

האָן איך דיך דאָך ליבר
ווען דיין נעלן פנינה,
אונ' גיב דיר אל מאָל דש בעסטי,
דארום זאָלסט דו זיין וראָא".
דאָ שווייג זי אַלזאָ שטילן,
ביז דש מאַן ניט אַס.
אונ' גינג בור דען טעמפיל,
דא דער כהן גדול וואז.

כ.

אויף האָב זי איר אויגן
אונ' זאָך דען הימיל אָן:
„דו זאָלסט מיר, הער גאָט, העלפן,
דז איך גיווינן קאָן.
דו האָסט מיט דיינן גינאָדן
בישאַפן אויף דער ערדן
לוייט צו גיווינן קינדר,
אַלזאָ לאָסט מיך אויך ווערדן.

כא.

„זאָ האָסטו דען אין דיינם
(אייוויקן) הימיל רייך
ענגיל די קיין קינד גיווינן
אונ' לעבן עיוויקלייך.
זאָל איך קיין קינד גיווינן,
ליבר הערי מַיין,
זאָ לאָס מיך עיוויג לעבן,
אַז די ענגיל דיין.

כב.

„זאָל איך יאָ שטערבן
אונ' זאָל ווערדן ביגראבן,
זאָ לאָז מיך, ליבר הער גאָט,
ביפאָרני קינדר טראגן!"
דש זאָך דער כהן גדול,
צו חנה ער זיך קאָרט,
איר לעפצן זאָך ער וואַגילן,
איר רעיד ער ניט האָרט.

כג.

אין דען זעלבן צייטן
וואז ניט דער זיטן,
דז נימאַנט בור דעם טעמפיל
גימעכליך פפלאג צו ביטן.
ער גידאָכט אין זיינם זיני,
די ורוי מוז טרונקן זיין.
ער שפראָך: „דו זאָלט הין וועג גאָן,
מאַן טרינקט אַלה׳ע ניט וויין!"

כד.

זי שפראָך: „ליבער הערי!
איר האָטז ניט רעכט בידאָכט.
איך האָב אָן דיזם טאגי
קיין וויין אין מיך גיבראָכט.
נון זיינט איר דאָך קיין נביא,
נואיירט איין שלעכטר מאַן!
איך רוף בון גרושם ליידי
מיינן שאָיפפיר אָן."

כה.

עלי דר כהן גדול
די ורוי ער אָן זאָך;
נון מאָכט איר גערן האָירן,
ווי ע׳ צו איר שפראָך:
„גאָט דער אַלמעכטיג האָט מיך
דיר הייסן זאָגן:
געי היים צו דיינם הויזי,
דו ווערסט איין קינדליין טראגן."

יב.

און׳ דער מאַן אלקנה
בינאַבּיט זיין גיזינד
איקליכן ביזונדר
בייד ווייב און׳ קינד.
דש ולייסיט זיך דער יונגן,
דש ער עז ניט ור גאַס,
און׳ גאַב חנה דש בעסטי.
דארום טעט ער דאש,

יג.

דאַ זי ניט זאָלט טרוייאַרן
אום איין קינדריליין
און׳ זאָלט מיט אירר געלן פּנינה
אל מאָלט וראַיליך זיין.
דש בור דראַס פּנינה,
דש חנה גאַב וואַז גוט
און׳ האַט אל מאָל דז בעסטי:
גאַר ציורניג וואַז איר מוט.

יד.

זי שפּאַטיט אירר געלן,
זי שפּראַך: „דו זאָלסט מיר זאַגן,
חנה מיין ליבי געלן,
ווש האַסט דו גיקויפט דיינן קנאַבן,
דען גרושן און׳ דען קליינן?
דש לאַז מיך בור שטאַן!
דו זאָלסט מיט דיינר קינדר גאַבן
אויך הר וארהר גאַן...

טו.

„זיכסטו, ווי מיין קינדר
אירי גאַבן טראַגן?
דו ווייסט דאָך בון קיינר
ורוייד נישט צו זאַגן.
ווען דו נון גישטירביסט
זאַ ביסטו פולענד בראַכט,
דיין נאַמן ווערט ור געסן
און׳ נימר מער גידאַכט.“

טז.

דש בור דראַס חנה
און׳ דענאָך שווייג זי שטיל:
„מיינם מאַן אלקנה
איך עז ניט זאַגן וויל.
זאָלט איך אונזרם מאַן
האלבר בון דיר זאַגן,
איך גיב דען מיין טרויאַן,
ער ווירד דירז ניט ור טראַגן“.

יז.

ווען זי נון ווידר קערטן,
צו גאָטיז דינסט ביריים,
איר געלן פּנינה
אל מאָל צו איר זייט.
דער שמאַכהייט אלזאַ וילן
אין צאָרניגם גיראַן
חנה די ויל שאַיני
קאַנט קיין רו בור איר האַן.

יח.

דארום וואַז זי ניט וראַא,
אירן צאָרן זי בור ביים.
זי וואָלט ניט עסן נאָך טרינקן,
זי וויינט אלזאַ היים.
דאַ שפּראַך איר מאַן אלקנה:
„חנה, איך וויל דיר זאַגן,
דו ווייגסט לעכט דש דו
קיין קינדליין קאַנסט טראַגן?

ה.

אין דען זעלבן צייטן,
דא ישראל זאס
אין דעם לאַנדי כנען,
קיין קיוניג אונטר ישראל וואַז.
עז וואז איין כהן גדול,
דער וואז עלי גינאַנט.
אונטר אל ישראל וואז ער
איין ריכטר אין דעם לאַנט.

ו.

דער זעלביג כהן גדול
אין דער שטאָט שילא זאס.
אין דעם לאַנדי כנען
קיין קיוניג וואַז.
ער דינט אונזרם הערן
ער שרייב אונ׳ לאַז
אין גאַנץ דינסט וואז ער בירייט.
ער טעט אל מאָל דאז בעסטי,
אל באַזהיים וואז אים לייט.

ז.

נון זאס אין זעלבן צייטן
צו רמה אין דער שטאָט
איין מאַן דער היס אלקנה,
דער מאַכט די ארמן זאט.
דער זעלביג מאַן אלקנה
האָט צו זיינם לייב
חנה אונ׳ פנינה
גינומן צו צוויי ווייב.

ח.

חנה די וואז (איין) שאַיני
אונדי וואָל גיטאַן;
דא קאָנט איר מאַן אלקנה
קיין קינדר מיט איר האָן.
ער וואז איין לוי ורומר
אז מאַן עז גישריבן וינט.
דא האָט מיט אים גיטראָגן
פנינה צעהין קינד.

ט.

הנה די וואונדר שאַיני
אין זיינם הערצן לאַג,
ער קאָנט איר ניט ור געסן
וועדר נאַכט נאָך טאַג.
ווידר זיין ווייב פנינה
האָט ער גיטאָאן גי,
דענאָך האָט ער ליבר
חנה וועז זי.

י.

נון האָט דער מאַן אלקנה
איין ורומקייט דר דאַכט,
דאז ער די לוייטי
מיט אים גען שילה בראַכט.
דז זי צום רגל גינגן
אונ׳ בראַכטן אָפּפיר דאר:
אל יערליכן גינגן
זי צו דעם רגל דאר.

יא.

אין די שטאָט שילה,
דא די הייליקיים וואַז.
מיט אל זיינם גיזינדי
איר קיינז ער ניט ור גאָס.
וועז ער גאָט האָט גידיניט
זא טראַנק ער דען וויין,
אונ׳ וואָלט מיט אל זיינם גיזינדי
אל מאָל ורייליך זיין.

# דיכטער אונבאקאנט.

דאס „שמואל־בוך“ געהערט צו די גרויסע אנאנימע קלאסישע ווערק פון דער אלט־אידישער ליטעראטור פון 16טען און 17טען יאר־הונדערט. (באקאנט זיינען: די ערשטע אויס־גאבע אין אויגסבורג, 1544, אין מאנטוא, 1562 (?), אין קראקוי, 1593, אין פראג, 1609, און אין באזעל 1612.) אויסער דעם איז דאס בוך אויך פיעל גע־גאנגען אין איבערגעשריבענע עקזעמפלארען. (צו אונזער צייט זיינען דערגאנגען צוויי אזויגע כתב־יד'ן, פון וועלכע איינער געפינט זיך אין דער האמבורגער שטאט־ביבליאטעק און דער צווייטער אין דער נאציאנאלער ביבליאטעק פון פאריז). די אויסצוגען, וואס ווערען דא געבראכט זיינען גענו־מען פון דער ערשטער אויגסבורגער אויסגאבע און פון דעם האמבורגער כתב־יד. א סך איבערזעצער פון תנך האבען נאכגעאהמט דעם „שמואל־בוך“ און האבען געגראמט „בנגון שמואל בוך“. דעם דא־זיגען נגון אדער פארם האבען אנדערע אנגערופען „אכט געזעץ“, ד. ה. א סטראף פון אכט שורות. און יעדע שורה באשטעהט פון דריי־פיער פערז־פים (מעהרסטענס יאמבען, אדער אמפיבראכיען, זעלטען ווען טראכייען און דאקטילען). עס זיינען פאראן פארשיידענע השערות וועגען דעם מחבר פון דעם דאזיגען ווערק. ז. באמערקונגען צום „שמואל־בוך“. (די אויסלייגונג אויסגעבעסערט).

## פון „שמואל-בוך“.

א.

ווער מיט גאנצם הערצן
זיין זין האט גיקערט
צו אונזרם ליבן הערן,
ווי אפט ער אין דר גערט!

זיין גינאד אונ' זיין זיכערהייט
נאך ני גילאג,
ער היולפיט זיינן קנעכטן,
עז זיי נאכט אדר טאג.

ב.

זיין לאב קאן נימאנט ענדן,
ווערדר ורוי נאך מאן.
דארום זאל מאן שוויינן,
ווען מאן עז ניט ואלענדן קאן.

ער האט אונז גיהאלפן
אפט אויז אונזר נאט
אונ' האט אונז ור געבן
אונזר זונד אונ' מיסטאט.

ג.

מיר האן אין אפט דר ציונרט
אונ' ווידר אין גיטאן,
זא האט ער אונז איין ווייל
אונזרן ויינדן גילאן.

ווען מיר אין ווידר אן רופטן
אונ' לייסטן זיין גיבאט,
זא האט ער אונז ניהאלפן,
דר לאיזט אויז אונזר נאט.

ד.

ידר בון וויל איך שווייגן,
עז ווער צו זינגן ויל,
בון דעם בוך שמואל
איך אוייך זינגן וויל,

ווי גאט יתברך דורך זייני ניוטי
גרוש וואונדר האט גיטאן.
דער וועל אונז אין דעם גלות
אין קיינן נאיטן לאן.

# דיכטער אונבאַקאַנט.

**דאַס פאַלגענדע ליבע - ליד**
איז וואַרשיינליך איינע פון די ערשטע אויף דער טעמאַ אין אידיש. עס איז קאָפּירט פון אַ כתב־יד אויף פּאַרמעט אין רש׳י־שריפט, וואָס געפינט זיך אין דער אַמבראַזיאַנישער ביבליאָטעק אין מילאַן (איטאַליען). דער כתב־יד געהערט צו אַ גאַנצען אַרכיוו, וואָס שטאַמט פון די צייטען פון לוקרעציאַ באָרדזשיאַ און דעם דיכטער פּיעטראָ בעמבאָ, ד. ה. מיט פיער הונדערט יאָהר צוריק. דאָס ליעד ווערט געבראַכט פון ב. באָראָכאָווס זאַמלונגען. ביבל. א. בערלינער, „איין גאַנג איבער די ביבליאָטהעקען איטאַליענס". (די אויסלייגונג אויסגעבעסערט).

## אַ ליבע-ליד.

וואו זאָל איך הין, וואו זאָל איך הער,
וואו זאָל איך מיכז הין קערן ?
איך בינז איין ציונט, מיין הערץ דאָז ברענט,
איך קאָינז ניט פריי ווערן.
דאָ שפּעהט די הערץ אַלר ליבזט מיין
די איך האָב אויף דער ערדן.

נאָכוואָרט.

דאַך וויל איך נענן ואר
ווער דש בוך הט גימאכט אונ׳ גישריבן
אליהו בחור נענט ער זיך צוואר
איין גאנץ יאָר הט ער דאר איביר פור טריבן
אונ׳ הט עש גימאכט דש זעלביג יאר
דש מן צילט צווייא הונדרט אונ׳ זעכציג זיבן
ער הט עש אויש איין ניסן
אונ׳ הוב עש אָן איין איר
נאָט זאָל אונש געבן רוא פור אלן בויזן טיר.

אונ׳ זאָל אונש דר ליזן אויש אונזרן פיין
אונ׳ זאָל אונש דיא גינוד נעבן
דש מיר אל מושן זוכה זיין
משיח צייט צו דער לעבן
דער זאָל אונש פירן קען ירושלים היניין עבן
אודר ערגאנץ אין איין דערפליין דר נעבן
אונ׳ זאָל אונש דש בית המקדש ווידר בויאן
אָמן וכן יהי רצון אָמן טרויאן.

## הקדמה.

צו אליהו לעווימא׳ס תהלים־איבערזעצונג.
נעבראכט פון ב. באָראָכאָוו׳ס זאמלונגען.

איר ורומי ורויאן די אן דעכטיגן,
די ביגערן צו לאָבן דען אלמעכטיגן,
דא העיבט אויף אויירי אוינן און זעכט
דש הייליג תהלים דש גוט אונ׳ גירעכט.
דש האָט גימאכט דוד המלך עליו השלום.
דש זאָגט מאן אז וויים אז דער עולם.
אָבר אין טויימשן האָט מאן עש ניט וואָל גיפונדן,
דרום האָבן מיר עש צו דרוקן אונטר וואונדן.
זאָ ווערט איר דינן ויגדן מיינסטר שטוק,
ווי עז אליז איז ור טויטשט נאָך דעם דקדוק.
דרום די מלמדים די מיט דען יונגן קנאָלן
אונ תהלים רעכט טוייטשן וואָלן,
די ווערט דש דאָזיג תהלים אונטר וייזן,
דש זי ניט מעין אין טוייטשן גרייזן.
אונ׳ דרום זאָל עז קיין ורוי אנפערן
אונ׳ זאָל עז קויפן ווי עש איר קאן ווערן.
אונ׳ זאָל עש אויז לייאן אלי וואָך,
אז די מזמורים גיצייכינט אין דעם בואָך.
זאָ ווערט זי נאָטיז הולר דר ווערבן
אונ׳ דש ליכט גן עדן ווען זי ווערט שטערבן.

דרום רוט איך אייך מיט וויצן
ציכט נייארט דא הין מיט צווין קנעכטן
דיא איברינגן לאשט היימן זיצן
איר הט ניגונן גיזעלשאפט אז אין בירן
דער ליב לידל ליש זיך איבר רידן.

אונ' ער ריט דא הין דען זעלבינן מורגן
דער הערצוג פרום אונ' דער צו ערבר
מיט צווין קנעכטן און אלי זורגן
אויף זיינר הנט טרוג ער איין שפרבר
נון הט זיך אין דעם וואלד פור בורגן
הערצוג דורן דער לאנדש פור דערבר
אונ'ווארטט דורט ניט ווייט פון דאנן
מיט פיר הונדרט גיהערנשטי מאנן

הערצוג גווידון מיט זיינם הונדן
ער יאגט נייארט איין קליינש ווייל
דא עש דוכט דורן זיין שטונדן
דא קאם ער פלוקש הער בור צו אייל
אונ' ער שלוג גווידון גאר טיפי וואונדן
אונ' שוסן אויף מיט אירן פפיילן
דש דיא פפיילן בלייבן אין אים שטעקן
דא שטורב ער ליידר אויף דעם פלעקן.

אונ' דא דש דאזיג נון וואר גישעהן
היניין אין דיא שטאט קומן זיא צו רענן
דורן, דורן הובן זיא אז צו ייהען
אונ' הובן אן צו מורדן אונ' צו ברענן
אזו בלד אז אין ברנדוניה וואר דער זעהן
פון וייטן וואר זיא אין וואל קענן
אונ' גאר ביהענד לוף זיא אים אנקינן
אונ' זיא פורט אין היים ער מושט זיך צו איר לינן.

דרום ליבן הערן איר זאלט שויאן
וואש אונגליק קומט פון דען ביזן וייבן
וויא זיא מאכט אירן מאן צו שטיקן הויאן
דש זיא אירי ביברייא וואלט טרייבן
אלי אונגליק קומט פון דען ביזן ורויאן
זעכט וואש שלמה המלך טוט שרייבן
וויא ער זוכט איין ורויא איין רייני
אונ' זיין טאג פאנד ער קייני.

דאָ עש זיא נון דוכט צייט דער זכן
דאָ בינונר זיא זיך נאָר קרנג צו מאכן.

אָן איינם זונטג צו נאכט צו דרייאן
דער בורא מוש זיא פעלן אונ׳ פּפיינן
דאָ הוב זיא אָן צו קרעכצן אונ׳ צו שרייאן
קיין מענש קונט זיא דער שווייגן
לונג אונ׳ לעבר מאכט זיא זיך שפּייאן
זיא שפּראך דיש טוטש דיש בין איך איינן
אוי וויא מיין לעבן מוז איך לאָסן
די מוטר וויל מיר דש הערץ אָב שטוסן.

דער הערצונג קאָם צו איר גיגאַנגן
דו ליבי קרון וואָש איש דיר ווידר פארן
דש הארן גלאָז טעט ער איר לאנגן
און שפּראך ליבש הערץ דאָ אונפּפאנג דיין הארן
אונ׳ זאָג מיר וואו הער נוך הושטו פור לאנגן
קיינר לייא זאָלשטו דיר ניט שפּאָרן
זאָג מיר וואָש דו ווילשט האָבן גערן
איז עש אין דער וועלט זאָל עש דיר ווערן.

ברנדוניה שפּראך דורפט איך אייך מיאן
איך וואָלט אייך גערן ביטן איין בעטליין
דאָז איר אייך זאָלט מורגן וריאן
אנג׳ אויז רייטן יאָגן נאָך איין ווילד ברעטלין
דאָז איך עשן אין איינר בריאן
אודר דרויש מאכן איין וואָרם ברעטלין
ליבר הער קונט איר מיר עש בישיקן
מיך דוכט עש וואורד מיך גאנץ דער קוויקן.

ער ליגט זיך צו איר אונ׳ זיא מיט אנגדר ריטן
ביז עש בינונר דאָ הער צו טאָגן
דאָ פור ער פלוקש אויף זיינם ביטן
אונ׳ היש אים זיין הארניש אלדאר טראָגן
אונ׳ ער שפּראך מן זאָלט אויף טרומיטן
מיט אל זייני קנעכטן וואָלט ער אויז ציהן יאָגן
דאָ ברנדוניה בינונט דש צו זעהן
דאָ שפּראך זיא ליבר הער דש זאָל ניט גישעהן.

איך זאָג אייך ליבר הער טרויאן אים רעכטן
דש הארניש מוכט אייך דער היצן
דערפט איר דוך מיט נימנט פעכטן

אורלב נאם דער ריצרד אונ׳ פון איר שיד ער
און נאם דען בריף אונ׳ צוך זיין שטרושן
דוך נידוכט ער זיין העריז אלזו בידר
אונ׳ ער טריב מיט אים זעלבש איין יאמר גרושן
ער הט אופט מוט אום צו קערן ווידר
דוך וואלט אין דער טייביל נים לאזן
דש אונגליק זולט זיך אזו שאנצן
ער צוך דא הין אונ׳ קאם קען מגנצן.

ער רייטט צום פאליש אונ׳ באנד אן זיין פולן
אונ׳ ער קאם הינויף אין זאל גיטרעטן
אונ׳ ער זאגט דורן וואש זיא אים הט ביפולן
אונ׳ גאב אים דען בריף אז זיא אים הט גיבעטן
ער לייעט דען בריף צווייא דרייא מולן
אונ׳ דער נאך וייז ער אין זיינן וייזן רעקן
אונ׳ מיט גרושן צארן זאגט ער צו זיין בים ליין
שלאגט פלוקש אויף דען מיט קניטלן.

ואנגט אין אונ׳ ווערפט אין אין טורן
דער פור רעטר דער מוז הענגן
איך וויל ניט גיטרויאן דער פאלשר הורן
זיא מיינט מיך דורט הין צו שפרענגן
דיא פור רעטרייא דיא זיא אן מיין פאטר פורן
דא מיינן זיא מיך צו ברענגן
ריצרט דר שראק אונ׳ הוב אן צו זאגן
הער איר זאלט אייך ניט פארגעהן (שלאגן ?)

שיקט אויש אונ׳ זייט אייך דער פרונגן
איך וויל מיך קינן אייך פור בינדן
פינט איר דש איך הון גילוגן
זא זאלט איר מיך לעבנדיג שינדן
דורן נידוכט איך זאלט וואגן
ער הוט שלעכט וואר דש וואורד איך בינדן
עש איז איין זאך דיא דא איז צו גלאבן
ווען קיין יונגי ורויאי מאג קיין אלטן מאן האבן.

ער שפראך צו ריצרד צוך גאר דרוט
אונ׳ הייש זיא זיך וואל דרויף ריכטן
שפראך איך וויל איר העלפן אויז איר נוט
דש וויל איך מיך קינן איר פור פפעליכטן
אזו ברוכט ריצרדן דש בעטן ברוט
נון הורט אויז וואש זיא קונט ריכטן

איין זין וויל איך דער צו טראכטן
אונ׳ זאָלט עש מיך מיין לעבן קושטן
איך וויל ניט בייא אים אזו פור שמאכטן
אונ׳ פר רושטן
איין פיינן יונג וויל איך מיר אכטן
דער נאָך מיינס ווילן מיט מיר ועט פושטן
נון הט זיא איין הופמן דער היש ריצרד
אויף בושהייט גר גישווינד ער וואָרד.

איין מאָל רופט זיא אין אין דיא קאמר
דיא איר דער הערצוג הט לאָשן בויאן
אונ׳ שפרך ווילשטו מיך ניט פור רוטן
איין גרושי זך וויל איך דיר גיטרויאן
אונ׳ וויל דיר שענקן טויזנט דוקאטן
אונ׳ טושטו עש ניט עש ווערט דיך גירויאן
איך וויל דיך מאכן איצונדר טיטן
איך וויל שרייאן דוא הושט מיך וועלן ניטן.

דיא ברנדונייה שפראך דוא מושט דיך דער וועגן
איין צוק צו ציהן ביז אין פרנצה
דאָ זיצט איין יונגר שטולצר דעגן
דער היישט הערצוג דודן פון מאגנצה
מיין מאן שטאך איין מאָל איין דענן
זיינם ליבן פאָטר אין זיין פאַנצה
דרום זאָלשטו צו אים שפּראָכן
איך וויל אים זיין פאָטר העלפן רעכן.

אונ׳ דען דאָזינן בריף זאָלשטו אין טראָגן
דש ער הער קומט אין לאמפּרטן
מיין מאן זאָל ער צו טוט דער שלאָגן
אין יענם וואלד אין זיין טיר גאָרטן
דאָ וויל איך אין איין שיקן צו יאָגן
הייש אין מיט זיין קנעכטן אויף אין וואַרטן
ער ווערט ניט פיל דערפן פעכטן נאָך שארמוצלן
הייש אים נייארט געבן דורט דיא קוצליין.

דען זאָל ער הער קומן איבר שטוק און איבר שטיינן
אונ׳ ער זאָל איין נעמן דיא שטאָט פור אלן זאכן
זאָ וויל איך דען זער שרייאן אונ׳ וויינן
ווער איך נייארט קענן פור גרושם לאכן
מיט אים וויל איך מיך בלד פור איינן
גאָר בלד וועלן מיר דיא הוכצייט מאָכן
אונ׳ טאָג אונ׳ נאכט וויל איך אן אים הענגן
וואָש איך פור זוימט האָן וויל איך ווידר איין ברענגן.

דעם שימפּפּא בראף אויש דען בורן
דיא שון ברנדונייה דיא וואר טראַגן
אונ׳ גיוואן איין זון פון גאַטש גינודן
קיין שינר קינד זאף מן ניא מיט אויגן
דעם זיין גיבערד זאַ וואל אן צאמן
ער היש בבאַ מיט זיינם נאַמן.

וואַש גרושי ורייד טריב נון זיין פאַטר
דאַז מעכט איר נון וואל גלאבן
נון הט ער איין בורג גרובן דען באט ער
דש ער אים זולט היטן דען קנאבן
אונ׳ זולט זיין רעכטר גיפאטר
דער גרוב טעט וואַש ער וואַלט האַבן
דער זעלביג גרוב היש סיניבלד
זיין שלום היש שנשימון אין איינם וואלד.

קיין פעשטרר שלום וואר ניא גיזעהן
דינן הילט דער הערצוג וואש ער הט איינן
עז לאַג פון אנטונה איין מייל אודר מעהן
וואר גיבויאט אויף איין הוכן שטייגן
דער הערצוג בינונד צו סיניבלד צו זאַגן
נעם מיין זון אונ׳ לאַש אין דיין וייב זויגן
אונ׳ הייש אין אויף ווארטן מיט אל דינגן
אונ׳ ווען ער ווײנט זאַ הייש אין זינגן.

דער סיניבלד נאם דען יונגן הערן
אונ׳ ברוכט אין קען שאנשימון זיינם ווייבן
זיא זויגט אין פון הערצן גערן
זיא וואושט ניט וואַש זיא מיט אין זאַלט טרייבן
מן זאף דאַ ער בינוט גרוש צו ווערן
דש ער וואורד איין מאן זיינש לייבן
דאַ ער וואר איין יונגר פון צעהן יאַרן
דאַ טרונ ער שטעטש צווין דרייא אין הארן.

אונ׳ סיניבלד דער לערנט אין פעכטן
שטעכן שירמן אונ׳ טורנירן
אידרמן וואַלט ער הרגן אונ׳ שעכטן
נר ונילד ולוף אים זיין הירן
אונטר ווײלן מיט פיר פוינף קנעכטן
ער צוף צו זיינר מוטר שפּצירן
אבר זיא וויש אים ווינציג ליב שאפט פּפלעגן
זי הט אין פיינט פון זיינש פאַטרש וועגן.

און' דש איך זאַל ור מיך מערקן
און' ניט פעלן אן קיינר לייא דינגן
און"דש דיא לייט זאַלן מיינר ניט לאכן
נון הערט אויף עש וויל זיך מאכן.

---

מן שפריכט וויא אין לאַמפּארטן
וואר גזעסין ור לאנגן צייטן
איין הערצוג פון הוכר ארטן
זיין גלייכן וואר ניט אין ווייטן.
הערצוג גווידון היש מן דען צארטן
איין שטארקר דעגן אין אלן שטרייטן
מיט גרושר ערין טרוג ער דיא קרונה
אין איינר שטאַט דיא היש אנטונה.

דאַ אינן הט ער זיין צייט ור טריבן
און' וואר נון איין מן פון זעכציג יאַרן
איין בוך האַט אונש אזו גישריבן
וויא דער הערצוג זאַ הוך גיבורן
אלן טאג און ווייב וואר גיבליבן
און' מיט ורויאן גיוועזן פר ווארן
און' דאַ ער קאם אין זיין עלטר
וועז מן אין בידעקט זאַ וואר אין קעלטר.

אַל דש ווערמן אין ניט קלעקן
ער טעט אז וואַלט ער דר פרירן
זיא שפּראכן צו אים זייני וויזי ריקן
גינעדיגר הער פולגט אונזרם הערן
שיקט צו זוכן אין אלין איקן
אירגנט נאָך איינר יונגי ווארמי הירן
דיא אייך זול ווערמן און' אויך זאַל פפלעגן
וואול אים ווער ער לענגר אליין גילעגן.

דיש הערצוג טוכטר פון בורגנייה
דיא וואַר אין צו דער אי גיגעבן
איר גלייכן וואר ניט ביז קען באבילונייה
זיא נפיל אים וואַל און' וואַר אים עבן
זיא וואר גיהיישן דיא שין ברנדונייה
בייא אים הט זיא איין קעשטליך לעבן,
וואַש זיא בינערט וואר איר גיאכט
זיא הט גוטי טעג און' ביזי נאַכט.

זיא ווערמט אין מיט גוטן מורן
איך קאַן אייך ניט מין גיזאגן

## אליהו לעוויטא.

**אליהו לעוויטא (אליהו בן אשר הלוי אשכנזי, אליהו בחור, אליהו מדקדק, אליהו תשבי)** — שריפטשטעלער. געבארען אין נייר־שטאדט ביי נירנבורג אין יאהר 1468 (לויט ווינטער און ווינשע 1469). אין 1507 האט ער איבערזעצט אין אידיש דעם איטאליעניש ראמאן BOUVO DANTONA "„ אונטערן נאמען „בבא־בוך“ (פון וואנען ווי עס שיינט, עס שטאמט דאס ווערטעל „באבע מעשה). אין 1540 איז דאס בוך ערשיענען און איז זעהר פאפולער געווארען אין 1545 איז אויך ארויס זיין תהלים־איבערזעצונג. אליהו לעוויטא איז אויך געוועזן א בעריהמטער העברעאישער געלעהרענטער און גראמאטיקער. געשטארבען אין 1549 אין ווענעדיג. דער עק־זעמפליאר פונ׳ם „בבא־בוך“, פון וועלכען דער פאלגענדער אויסצוג איז קאפירט, געפינט זיך אין דעם נויארקער אידיש־טהעאלאגישען סעמי־נאר. געדרוקט אין אמסטערדאם: „בדפוס אורי פייבש בן אורן הלוי זצ״ל“. (מר. שאפירא — ביבליאטעקאר פון סעמינאר טהיילט מיר מיט, אז ער איז גוט באקאנט מיט „אורי פייבש׳ס“ אנ־דערע אויסגאבען און ער איז זיכער, אז דער באטרעפענדער עקזעמפליאר איז געדרוקט געוועזן אין תכ״א (1661). די צייכנונג ווי הערצאג דודון מויטעט הערצאג גווידון, געפינט זיך אין דער אויבענדערמאנטער קאפיע. ביבל. יוד. ענג. ענצ. 2, 331; יוד. רוס. ענצ. 4, 689; א. שולמאן אין „יוד“ 1900, נומ. 17; באכער „צייטשריפט“ 43, 206; יוד. רוס. ענצ. 10, 118 — 120; מ. גרינ־בוים „יודיש־דייטשע כרעסטאמאטיע“ 78—87, 479—551; „תולדות אליהו התשבי“ מאת שלמה באבער; ווינטער און ווינשע 2, 225—235; ז. רייזען „לעקסיקאן“.

## בבא בוך.

פארווארט.

נאט דען זאל מן איבינ לובן
אונ׳ זייני וואונדר זאל מן קונדן
ווען ער איז גיאכפרט אונ׳ דער הובן
אין ורומי לייטן מונדן
ער איז גיוועלטיג אונטן אונ׳ איבן
זיין לוב איז ניט צו גרונדן
קיין מענש דער עז קאן פולענדן
ווען עש האט נוך דרום נאך ענדן.

זיין הייליגר נאמן זאל מיך שטערקן
דש מיר ניט זאל מיסלינגן
צו פולענדן דש ראזיג ווערקן
איין וועלט בוך צו טייש צו ברענגן

דו שטיפּטשט לייד איבר לייד,<br>
ווירפל פון מיר זיי דיר ווידרזייד.

ווירפל דיין לאב איך פּרייזן וויל,<br>
אונ׳ רעשגלייכן קארטנשפּיל,<br>
אורלופא (אורלויב) וויל איך אייךביידן געבן.<br>
איך האָב מיך נו רעכט בידאכט,<br>
די רעד די איך האָן בולן ברוכט (פּערענדיגט),<br>
דארווידר וויל איך ניט שטרעבן,<br>
איר זאָלט צו גאנץ אורלויב האן,<br>
מיין לאסטר זאָלט איר ניט מעהרן,<br>
ווען נימט (קיינר) מאג פאר אייך בישטאן,<br>
איך וויל מיך בארבש ביקעהרן,<br>
גענצליך אין גאָטש הוט,<br>
זאָ מאג איך בלייבן וואהל ביהוט,<br>
דש גיב מיר גאָט צו גוט.



צו זיינם טויט ווירד דען לויטן נאך (נאר),
אז איינעם הערן לויפן זי אים פאר און' נאך.

זעכט (זעהט) וועלכר איין שינר שפילר אישט,
און' שפילט אהן אלש ארגלישט.
אך ווי זעהר לאבן אים די בובן.
דש לאב ווירד אים פיל צו שווער,
מן שפריכט דש זיינד די גוטן שפילר,
לינן אל אין דער באדשטובן.
דש בין איך אינן ווארדן,
מיט מיינם שאד אישט עש גישעהן.
איך וואז (געוועזען) אויף אין דעם ארדן,
דעם די בובן פרייז באר יעהן (צוגעטהיילט),
וועלכע זיין ,לייב צו שפיל פערפליכט.
ער שפיל ערליך אדר ניכט,
זא אישט עש דאך אלש נאר איין וויכט.

פאלש און' לינן אישט איר נידיכט,
מיט באזהייט זיינד זי צוגיריכט.
זי טארן ניט גצוויקעש (עדות) זאגן,
זי שטין אן דעם גיריכט אז די לינגר,
אלר פרייד זיינד זי לער,
אונגליק און' לייד צו טראגן,
ער אישט איין זעלינר מאן,
דער דא אן דעם זיינן גיניגט,
און' זיינם גיזעלן אויף וואל גאן (פערגינט),
ווש אים גאט האט צוגיפיגט,
האלט דש גידיכט ניט פיר איין שפאט,
עש גיבט דיך איינר איינן ראט,
דער זעלברט קיינן נייטן האט.

מערק שפיל ווי איך דיך האן גיפרייזט,
אז דו מיך האשט אונטרווייזט,
אב איך דיך מאכט פארליידן,
פיל מענכר גוטר קנעכט,
דער צו עהרן וואר גירעכט,
מאכט ער זיך פון דיר שיידן,
דש זאל איין בידרמן באדענקן,
און' זאל זיך פון דיר וועהרן,
און' זאל זיין עהר ניט קרענקן,
און' זאל זיך מיט דיר ניט בוועהרן,
צו פלוכן אישט דיין נאמן בירייט,

איר מאכער מישן ווערדן אז זי זינר,
אונ׳ אל דער זיך איר אונטרווינד.

וויש מאג ער זיך ברומן (בעריהמען) זיינש גיווין,
פיל שיר נעהט עש ווידר דאהין,
אז דש גראז דאָרט פאר דער זאָגן,
מן שלאָגט אים בּיש אונ׳ דש איין,
ביהענדר דען איין פאגעלן קליין,
אישט עִש פון איהם צעראנן,
אישט דער בייטל פארבונדן שווער,
ער ווירד פיל שיעור גערינג אונ׳ מאנר,
מן שפריכט דש איין שפילר,
איש דש אנדרן בייטל טראגר,
אז ער עש גיווינט אזו עש ווידר הינגאט,
נאקט און בלאָז ער בישטאָט,
הין נאָך בלייבט אים שאָד שאנד אונ׳ שפאָט.

יאָ שפיל ווי ווערשט דו די גאָטשפורכט,
די פון דיינן וועגן ווירד פערוואורכט,
מיט דיינן פאלשן איידן,
דאצו זינדליך אונ׳ שענדליך ווארט,
דער דאָ פיל ווערדן גיהערט,
די גאָט זיין צו ליידן,
דער שאד בנינט אין זעהר צו רייען,
אים ווירד פיל ווער צו מוט,
ווי גערן וואָלט ער זיין שאנד בירייען,
דש ער זיין גוט אזו האָט פארדעמפפט,
זאָ ער קליינש האָט גימאכט,
דש בראָט האָט ער ניט דאפאן גיבראכט,
וועה אים דש ער עש איי האָט ערדאכט.

ליידש פיל אונ׳ אונגימאך,
וואָהנט אלש אונטר זיינם דאָך,
וועם דש גליק ניט וויל געבן,
דו פערקערשט דען בידרמאן צו איינם שאלק,
פיל שיר געהט עש אים אן זיינם באלג,
דער וואהל מאכט נילעבן,
ווי שיר האָשט אין פארקארט,
צו רויבן אונ׳ צו שטילן,
ווען די אלטן שפריכוואָרט,
די פפלענן זעלטן צו פעלן,
שפיל שטיל וואָך האָך,

מיט הויבן און' מיט זעקן
שלאָגן זי דריין די פּפּענינגגן,
ער מערט דען הויפן אלזו שווער,
היימליך ביי דער זייטן שלייכט ער דאהער,
איי איך ווייש וויש דאָ אישט דער מער.

פאר שאנדן מוש איך רוימן דען פּלאַז,
פאר פירצן הערן די דאָ שטאַן,
געגן דען זיבן ארמן האָב איך זיבן אָדר פירצן,
מיך הילפט ניט מיין ביטן נאָך פלעהן,
גאָר ווינציג זי זיך מיין ערבארמן,
זי האָפּן זי וואלן מערן,
ווען נור איין גוטי שאנץ ביטראַב,
און' וואהן צו גיווינן גוט און' האב,
זאָ האט ער עש פאר האלבר גיטראגן אב.

מארגענט און' אבענט אהן אבגילאַן (אויפהער),
קיין אנדר קורצווייל זי ניט האן (האָבען),
ווען דש זי די צייט איבר זיצן,
הונגריג און' דורשטיג און' פערשמאכט,
ביי טעג און' די נאכט,
שפילן זי ווען זי ערהיצן,
זי שווארן גריינן און' ביישן,
זי ווישן פון קיינם גוטן צו זאַגן,
גאטש דינשט זי זיך ליצל (ניט) פליישן,
ביי די נאכט און די טאָגן,
ליזל האלטן זי זיין גיבאט אין הוט,
איגליכר גילושט זיינש גיזעלן גוט,
דרום ווערדן זי נימער זאט נאָך וואהל גוט.

האָט ער זיך שפּילש ניט גענים,
און' קענט ער דעס ווירפל זייטן ניט,
זאָ אישט ער גאָר פארלארן,
פאר וואר איל איך אים דש זאָגן,
יונג און' אלט ווירד אים צוגיטראָגן,
מיט לאנגן און' מיט קורצן זי אין ביטארן,
אך דער גראשן ועלשרייא (פּלעשריי),
די דרויף זיין ערדענקט,
מיט קוועקזילבר און' מיט בליי,
זיינט זי פארקלעבט און' איינגיזעננט,
זי האָבן אוינן און' זיינד דאָך בלינר.

דש מוש איך וואהל הארט פלוכן.
מיט דיינן פאלשן בינדן.
אך שפיל איך מוש מיך דיינר דר ווערן.
ווען איך הון (האָב) נומע (ניט מעהר) צו צעהרן.
פון טאָג צו טאָג וויל איך דיין לאסטר מעהרן.

הערט איך וויל זי אייך טון קונד,
די מענכן אין טויט האָבן גיוואונד,
ווען זי גאָר נימט (קיינער) שאָגן,
ער זיי גוט אָדר ביז גיננט,
אך דש זי מישן ווערדן גישנט,
ווען ביזליך זי לאהנן,
אכצן אונ׳ דריי,
דש זינד די מינדשטן אונ׳ די מיישטן,
פיר מאכן מיך מיינש געלדש פריי,
זיבן צעהן שטעהן אויף,
מיך צו ליישטן,
ווי וואהל איך איר ניט ביגער,
זאָ קאמן זי דאָך זעלבר הער,
דש מאכט מיר אָפט דען בייטל לעער.

טורשט איך זאָגן איר ווערן מער ראביי,
די מיך מאכן לידיג אונ׳ פריי,
אן געלט אונ׳ אויך אן גוט,
זעכצן אונ׳ פינף זיינט זי גיננט,
זעקש די האָבן מיך אָנגיראנט,
פינפצן די האלטן מיין געלט אין הוט,
מיין זינד די מוש איך מעלדן,
עש אישט מיר גישעהן,
די קרייז (פעהלער) מוש איך געלטן,
דש ווערד איך אין ארמוט גיזעהן,
ווען איך וואהן זי זיינט ווער אנדרשוואו,
זאָ זיינט זי ברייט פאר מיר דאָ,
פאר גרייז ווערד איך אונ׳ אלטר גראָ.

פון ארמוט מוש איך איין וואנדלר זיין,
אך ווירפל דש גניש איך דיין,
זאלב אכט האָשט דו מיך בשטריטן,
פאָר ניינן אונ׳ צוועלפן מאָג איך ניט בישטאָן,
13 וואלן מיר ניט זיין אונטרטאָן,
אך דש איך עש אז לאנג האָב גיליטן,
ווען זי 10 אָדר 11 ערשטעקן,
זאָ בגינן זי הערפאר צו דרינגן,

# שמואל הוגרלן.

שמואל הוגרלן — אידיש־העברעאישער דיכ־טער. ביאגראפיע — אונבאקאנט. דאָס ליעד „איבער דאָס שפיעלען“, וואָס איז פול מיט סאר־קאזם און וויץ, איז דאָס פערטע און לעצטע פון דר. ל. לעווענשטיין׳ס דערמאנטער סעריע, וואו עס ווערט געבראכט אין אידיש. און העברעאיש. די ערשטע בוכשטאבען פון די פערזען, לעזענדיג א פערז העברעאיש און א פערז אידיש, שטעלען צוזאמען דאָס פאָלגענדע: „שמואל הקטן ברבי משה אורי ז״ל חזקו אמצו“. קאָפּירט לויט דער לאטיינישער טראנסקריפּציע. ביבל. דר. ל. לע־ווענשטיין, „יודישע אונד יודיש דייטשע ליע־דער“, אין „יובעלשריפט צום 70טען געבורטס־טאג דעם דר. י. הילדעסהיימער, 138—144.

## איבער דאָס שפיעלען.

מיך האָבן איר דריי בירויבט,<br>
אָב איר מיר עש ניט גלויבט,<br>
זאָ זאָל מיר עש דער וירט ביקענן,<br>
דער עש פון מיר הינוועגן טרוג,<br>
ווי וואָל עש נים וויש מיין צוג,<br>
דאָך וויל איך אין אייך נענן,<br>
צווישן ביינהם*) אונ׳ ברעטהם,

דאָ אישט מיר עש גאָר מישלונגן<br>
ביי היישן שטיין וואָרד איך גאָר פרדרונגן,<br>
מיין געלט דאָש וואָרד מיר דאָ צו ריבן,<br>
אין דען דינשט וואָרט איך גיטריבן,<br>
דש אישט מיר ווינציג עהר גיבליבן.

אָך שפיל, ווי קאנשטו זאָ רעכט קליין,<br>
דש געלט מיט דיינם הארטן שטיין,<br>
גאָר צערמאלן אונ׳ צו רייבן,<br>
וואופן (קלאָגן) איבר דיך גישריען אונ׳ אָך,<br>
דש נירגן קיין פארבורגן וואָך,<br>
פאר דיר צו מאג בלייבן,<br>
דו ווילשט עש אלש דורכזוכן,<br>
אונ׳ ·דורכגרינדן,

---

*) וויינהיים און ברעטהיים — צוויי שטעטלאך אין גראָסהערצאָגטהום באָדען.

דיין רעד העטשט דו וואויל בארמיטן (פערטיטן)
עהר מיך פאר דען ערברן לויטן.

שפראך דר ווײַן צו דר זעלבינן שטונר,
דיין רעד זיין אונגירעכט
דו האשט אונש איינן מאן פערזונר.
משה גאטש קנעכט,
ער שפייזט אונש דעם הימלש בראט,
פון דיינן וועגן מושט ער קושן דען טאט,
דש קלאגן מיר פרי אונ' שפאט.

וואש טושט דו דיין רעד אהן באהאלטן,
אונ' טו צו דיינן מונר,
מיין וואשר וואורדן גישפאלטן,
אין דש מערש גרונד,
צוביידן זייטן אויפגעשטינן,
טרוקנש פוש זי דורך מיך גינגן,
ישראל פאלק דש היילינן.

פריין זאלשט דו מיר לאזן,
שריי זיך דר ווײַן אזו געיל (שטאלץ),
אויף דש מזבח וועדר איך ניגאשן,
אל טאג צוויי פירטל,
מן קויפט מיך טייער אום דש געלט,
מן שלישט מיך אין די גוטן ניצעלט,
זא נישט מן דיך נידער אויף דש פעלד.

ריהם דיך ניט געגן מיר,
שרייט דש וואשר לויט (הויך),
דיין שאנד וויל איך זאגן שיר,
פאן דען טאכטערן לוט,
ער טראנק דען ווײַן אין זיינן קראגן,
ווער האט גיהערט נימע (ניט מעהר) זינגן אדר זאגן,
צווא טאכטר פון אירם פאטר וואורדן טראגן.



## זלמן סופר.

זלמן סופר — אידיש־העברעאישער דיכטער. ביאגראפיע — אונבאקאנט. דער נאמען פון פארפאסער געפינט זיך אין די ערשטע פון די פערזען סיי אין אידישען און סיי אין העברעאישען טעקסט פונ'ם ליעד. אויך דאס דאזיגע ליעד באלאנגט צו דער פריהער דערמאנטער סעריע. קאפירט לויט דער לאטיינישער טראנסקריפציע. ביבל. דר. ל. לעווענשטיין, „יודישע אונד יודישדייטשע ליעדער", אין „יובעלשריפט צום 70טען געבורטסטאג דעם דר. י. הילדעסהיימער, 137—138.

### וועט-שטרייט צווישן וויין און וואשר.

זאהן דעם וויין בין איך געהיישן,
אלזו שפראך זיך דער וויין,
מן טרינקט מיך מיט פליישן,
דאצו בין איך גאר פיין;
איך קאן מאכן שימפפען אונ' שערצן,
איך קאן פערטרייבן גרושע שמערצן,
איך דר פרייי (דערפרעה) דען מענשן איר הערצן.

לאש אב פון דיינן רעדן,
שפראך דש וואשר שטארק,
געדענק דייני גרושי זינד
ביי נח אין דר ארק.
איך זאג דיר דש ווארלייכן (אמת'דיג),
איך בין ניוועזן דעם ארמן
אז דעם רייכן.

מן לויבט מיך צו אלן צייטן,
שפראך דר וויין מיט ניידונג,
צו דר פרויען ברויטען (כלות),
אונ' צו דר קינדר בעשניידונג,
איך בין איבר דיר איין דעגן,
דו קאנסט זיך פור מיר ניט גירעגן,
אן מיר העבט מן אן צו זעגן.

נו, ווש מאנשט דו דיך בערומען
שרייט דש וואשר בימר,
פון מיר בישטו ביקומן,
איך בין דיין פאטר,
פון מיינם רעגן בישטו וואַרדן בישניטן,

נעלט דש ערשט בלוט,
נאָך אים פיינדליך מן טוט,
איין טויטן הונד זאָלט מן דרום
שינדן.

איין הארטעם לעבן,
זי אין אויפגעבן,
דרויף זיינט זי נעשן (פערגעסן ?)

דש איזט איין בייז טויט,
דש מן זיך ניט געניגן לאט,
דעם געלט נאָך שטאט.
ליבר דען קונפיט (קאָנפעקט)
זאָלטן זי עשן,

מאכן געלט אונגעריכט,
צו פילט אונ' ויכט,
צו לעצט בלייבט אים ניכט,
עש אויך דער פסוק שפריכט,
דאביי זי גאָטס פערגעשן.

וואָש זאָל דש לויפן אונ' שערן,
נאקט מוש מן ווידר קערן,
צו דר ערדן דאָ מן פון אישט גינומן,
טוט תשובה מיט שטערק,
אויף אייער ביזי ווערק,
דאָ הילפט ניט זילבערן בערג,
אין דר וועלט דאָ מיר היין קומן,
פאר דר אל דינג האָט צו גיוואָלט,
ווירד מן צו גיריכט גישטאלט,
אום וואש איינר האָט גיזונט
(געזינדיגט) האלט,
ניי אונ' אלט,
דאָ הילפט ניט ווייזהייט, איר דומן!

נו מוש עש דאָך הינטר אונש בלייבן,
די פאלשן גולדן אונ' זילבערן שייבן,
ווארום וויל איך דען איבריג ווייז
זיין אונ' מיר קראנקן,
דש מן לאנג יאָגט אונ' פיכט,
טראכט אונ' דיכט,
הילפט עש דאָך אלעש ניכט,
וועט מיר אונש רעכט באדנקן,
פון אל זיין גוט דש ער האָט גימאכט,
זיך לאנג ביגרזם (געקרייזט ?)
אונ' בזאכט,
ביי טאג אונ' נאכט,
האָט ער גאטעש ניכט גיאכט,
מן ווירד עש אים ווארליך ניט שענקן.

# מנחם אלדענדארף.

מנחם אלדענדארף — אידיש־העברעאישער דיכטער. ביאגראפיע — אונבאקאנט. דאס פאל־ גענדע איז אן אויסצוג פון זיין ליעד „בנינון הוף ריף דער וועכטר על אהבת הכסף להמון עם ברוב עם תמצאנו“, אדער „ליער פון מנחם אלענ־ דארף מיט דער איבערשריפט“ געפינט זיך אין ל. לעווענשטיין׳ס סעריע „יודישע אונד יודיש־ דייטשע ליעדער“. איך ברייננ דא דאס דאזיגע ליער, ווי אויך נאך אייניגע אנדערע, צווישען די ליעדער פון 15טען און 16טען יארהונדערט, לוים דער ארדנונג ווי לעווענשטיין האט זיי גע־ בראכט. אלע ליעדער פון דער סעריע, אויסער ר׳ זעלמעלין׳ס „שבת־ליעד“ האבען ניט די דאטען פון זייער ערשטער ערשיינונג, דאס דערמאנטע שבת־ליעד אבער איז פון 15טען יארהונדערט. (אלענפאלס באלאנגט די גאנצע סעריע לויט איהר שפראך און פארם שפעטסטענס צום 16טען יארהונדערט). בלויז דער ערשטער פערז פונ׳ם אויסצוג איז דא קא־ פירט לויט דער אידישער שריפט. ביבל. ל. לע־ווענשטיין, „יודישע אונד יודיש דייטשע ליע־ דער“, אין „יובעלשריפט צום 70טען געבורטסטאג רעם דר. י. הילדעסהיימער, 130 — 132.

## ליעד.

נו׳*) וועל, דש די עש ניד אנטגעלט,  
די טוריכט וועלט,  
די מיט אל אירן זינן,  
איר זיצן איר שטין,  
איר גדנקן דא די מיט אום גין,  
אויף דש געלט איר חן,  
געלט צו גווינן,  
נידר אונ׳ הוך,  
דער וועלט אישט גוך,  
יאג אונ׳ בלג,  
דער נארונג נוך,  
דש ווערט איר אלן טג אינן.

געלט צו מאכן האלט,  
יונג אונ׳ אלט,  
אל אן איינם רייהן,  
ביי נאכט אונ׳ טאג,  
ווער דא קאן אונ׳ מאג,  
פפאן**) אונ׳ די ליין,  
פאטר איידים אונ׳ זוהן,  
אל גלייכליך זי טון,  
צו זאמלן מוניציאן,  
דא לאזן זי ניט פאן,  
דען פפעניג שפאלטן זי אין צווייז.

מיט שוויים אונ׳ מי,  
שפעט אונ׳ פרי,  
די וועלט וועלן זי פערשלונדן,  
צו זאמלן געלט זי ניט פראגן,  
צו טון איין געבאגן, (געפעליגקייט)  
אלן טראץ צו וואגן,  
ווא זי אירן מאגן פינדן,  
אלס נאך דעם גוט,  
איר לייב ניט רוט,

---

*) גאט.

**) זאגן PFAFFEN (מאנשכען) דר. ל. לעווענשטיין.

ר׳ זעלמעלין

איך זי פון ראנן וועגרן
דש נישאף פרעה בור זאנס (פערזונקען).
אין דש מעערש מונדן.
דש וואש דער לאהן אונ׳ אויף דער ראנס,
דער שווערן הארטן זינדן.
די זי אן אירען ארמען קנעכטען ביגינגן.
נאט דר לוזט זיין ליבי קינדר,
אונ׳ גאב אינן די עע (געזעץ) די זי גערן אנטפפינגן. (אנגענומען).

ליבליך מארגנגאב צור האנד,
וואורד דער ליבן ברויט (כלה) געזאנט
שבת וואש די גאב,
הימליש בראט ער זי דא שפייזט,
אונ׳ וואכטלן איר הערנידר רייזט:
דעם הילגן שבת צו לאב.
הילט ער אויף דען הימל זיין,
ניכט צו געבן זאמן,
אם פרייטאג זי לאזן צווייפאך איין,
פיל אונ׳ ווינציג ווי זי קאמן,
אלזא זאל איך אין מיינם הויז אויף פפלעגן,
צווייי גאנצע בראט איך מיר אופליינן
דריבר שפרך איך זיין זעגן.



# ר׳ זעלמעלין.

ר׳ זעלמעלין — אידיש־העברעאישער דיכ־מער, א צייט־גענאסע פונ׳ם באריהמטען ר׳ יעקב וועיל, וואס האט געלעבט און געווירקט אין ער־פורט, אין דער ערשטער העלפט פון 15טען יאר־הונדערט און איז געשטארבען (לויט גרעטץ) ארום 1456. אויסער דעם איז נאר באקאנט, אז ר׳ זעלמעלין׳ס פאטער האט געהייסען שלמה בר יקר (פון די ערשטע בוכשטאבען פון זיינע צוויי העב־רעאישע ליעדער, פון וועלכע די צווייטע איז צום פאטער געווידמעט). דאס פאלגענדע ליעד איז דער אידישער וואריאנט פון דער ערשטער, פון די צוויי אויבען־דערמאנטע העברעאישע ליעדער. געבראכט לויט דער לאטיינישער טראנסקריפציע. „ביבל. דר. ל. לעווענשטיין, „יודישע אונד יו־דיש דייטשע ליעדער", אין „יובעלשריפט צום 70טען געבורטסטאג דעם דר. י. הילדעסהיימער", 135. בערלין, 1890.

## שבת־ליעד.

(מיט׳ן ניגון פון הערצאג ערנשט).

*)זייטענשפיל אונ׳ אלן לושט,
די קעניג דוד ני גיוואושט,
אונ׳ אנדר פראפעטן מעהר,
אונ׳ וועם די אל וערן קונד,
אונ׳ ווער דר בולט (דערפילט) זיינש הערצענש גרונד.
זיין באטשאפט אונ׳ לעהר,
דאך מעכט ער דרצילן ניכט,
גאטש לאב אונ׳ אל זיין וואונדר,
די עה גישאך אונ׳ נאך גישיכט,
די ער דא קור בעזונדר,
זיבציג פערזאנן אין ייפטן (עגיפטען) קאמן,
קעניג פרעה יוסף פערגאס,
אונ׳ פייניגט זיינר קינדר זאמן.

ערנשטליך זי גאט דא ריפן אן:
ער זאך (געזעהן) איר נאט זי טראטן הערדאן,
איר אונגימאך נאם איין ענדן,
ווי ער צו אברהם רעט,
400 יאהר אז אים פסוק שטעהט,

*) די אנפאנגס אותיות פון די דריי פערזען מאכען „זעל", דער אנפאנג פונ׳ם מחבר׳ס נאמען (זעלמעלין).

קלאסיפיקאציע פון דעם מאטעריאל. מע קאן, פארשטעהט זיך, אויך עטלעכע אויסזעצען געגען דעם, ווי אזוי מ. באסין האט אט די ארבייט געמאכט, — נאר, ווי געזאגט, דאס געהערט פולשטענדיג צו זיין קאמפעטענץ און צו דיין פאראנטווארטליכקייט, גלייך ווי די מעטאדע, מיט וועלכער ער האט גע־ פירט און טראנסקריבירט די אלטע לידער.

איידער איך שליס די „פאר ווערטער", וויל איך אויסדריקן מיין הארציגע ברכה צו מ. באסין פאר זיין גרויסער און פלייסיגער ארבייט, וועלכע האט פון איהם פארלאנגט ניט נאר אויסערגעוועהנליכע מיה און [illegible] רענלאנגער ארבייט, נאר אויך שווערע מאטעריעלע און גייסטיגע אנשטרענ־ גונגען. אזוינע אנשטרענגונגען זיינען ניט באקאנט די פארשער און זאמלער ביי די גליקליכערע פעלקער. זאל זשע, זיין אנטאלאגיע העלפען [illegible] לען אונזער קולטור־ארבייט אויף א העכערער שטופע, אזוי אז די קומענדע פארשער און זאמלער, זאלען מעהר ניט וויסען פון אזוינע שוועריקייטן. זאל דאס בוך אוועקגעהן אין אידישען פאלק און וועקען אין אונזער אינטעלי־ גענץ שטאלץ, ליבשאפט, אכטונג און פארשטענדניש פאר די אוצרות פון אונזער קולטור.

ב. באראכאוו.

ב. די צווייטע פעריאדע וואלט איך באצייכענט, אלס דעם א ל ט ע ן ד ע־
קאדאנס, אדער, ריכטיגער, די אונטערגאנגס־צייט פון דער אלטער אידישער
ליטעראטור; די דאזיגע ירידה ציהט זיך אין לויף פונ'ם גאנצען 18טען יאר־
הונדערט און זי ענדיגט זיך מיט'ן פולשטענדיגען אונטערגאנג פון דער
פאעזיע ביי די דייטשע אידען. טאלאנטלאזיגקייט, אונמאכט און געשמאק־
לאזיגקייט כאראקטעריזירען די איינצעלנע „קלאג־לידער", „חתונות",
„שפאט־לידער" און סתם „נייע לידער" פון אט דער פעריאדע. די ירידה איז
א דירעקטער רעזולטאט פון אסימילאציע און פארפאלגונגען: די אינטעלי־
גענץ האט זיך נאך לאנג, פאר משה מענדעלסאן אנגעהויבען צו אסימילירען,
פארלאזענדיג דאס פאלק, און די פאלקסמאסען זיינען פארגרעבט און פאר־
ווילדערט געווארען, פארשפארט אינ'ם געטא.

2. אין דער נייער צייט וואנדערט אריבער די אידישע מוזע פון דייטש־
לאנד קיין פוילען און רוסלאנד, קיין מזרח־צו, און דא הויבט זיך אן א נייע
אויפלעבונג פון אונזער פאלקס־פאעזיע. אט די עפאכע וואלט איך צעטיילט
אין די פאלגענדע פעריאדען:

א. די ח ס י ד י ש ע פעריאדע, וועלכע איז אפילו זעהר ארים אין לי־
דער (רייך איז זי אין פראזאאיש־דערצעהלטע סימבאלישע און וואונדער־
מעשיות), — דאך פארמאגט זי עטליכע מוסטערן (צ. ב. די לידער, וואס ווע־
רען צוגעשריבען צו ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער).

ב. די פעריאדע פונ'ם פ א ל ק ס ־ ל י ד.

ג. די פעריאדע פון די מ ש כ י ל י' ש ע פ א ל ק ס ־ ל י ד ע ר (שלמה
עטינגער, י. אקסענפעלד, יצחק־בער לעווינזאן, א. מ. דיק און אנדערע).

ד. די פעריאדע פון די ב ד ח נ' י ש ע פ א ל ק ס ־ ל י ד ע ר (בערל
בראדער, וועלוועל זבאראזשער, מיכל גארדאן, אליקום צונזער און אנדערע).

צוערשט שרעקליך אונבאהאלפען און קינדיש, סיי אין אידעע, סיי אין
פאנטאזיע, סיי אין פארם דערהויבט זיך אט די פאעזיע ביסלאכווייז צו מעהר
קינסטלערישע טיפען. מ י כ ל ג א ר ד א ן טיילט זיך אבער אויס, ווי א ריז,
צווישען אלע אנדערע דיכטער פון זיין צייט. זיין עלעגיע „מ י י ן ל ע ב ע נ ס־
צ י י ט" געהערט צו די פראכטיגסטע מוסטערן פון דער אידישער פאעזיע
אין אלע צייטען. אן אינטערעסאנטע פיגור איז אויך רש"י קאצענעלבאגען,
וועלכער וואלט שוין געפאסט פאר דער מאדערנער צייט.

3. די ק ל א ס י ש ע ע פ א כ ע פון דער ניי־אידישער פאעזיע: ש.
פרוג, י. ל. פרץ, מארים ראזענפעלד און די וואס געהערען צו זייער צייט אדער
צו זייער שולע.

4. די מ א ד ע ר נ ע ע פ א כ ע, וועלכע מע קען אנהויבען רעכענען פון
אברהם רייזען, ליעסין און יהואש.

5. די „י ו נ ג ע" דיכטונגען, וועלכע מע קאן, אין א געוויסען זינען אנ־
הויבען פון י. ראלניק, ה. ראזענבלאט, י. סלאנים און אנד. עס איז א סברא,
אז די עכט יוגענדליכע דיכטונגען האבען זיך צוערשט באוויזען אין אמעריקא,
און נאך דעם ערשט אין אייראפא. זייערע פארשטעהער זיינען: מאני לייב,
מ. ל. האלפערן, זישא לאנדוי און אנד.

נאך איין טיפ פון דער אידישער פאעזיע פעהלט כמעט אין באסינ'ס אנ־
טאלאגיע, און דאס איז די „באוועגונגס"־פאעזיע, די סאציאליסטישע און
ציוניסטישע דיכטונגען. הגם זיי האבען ניט קיין גרויסען עסטעטיש־ליטערא־
רישען ווערט, פונדעסטוועגען זיינען זיי פון ק ו ל ט ו ר ־ ה י ס ט א ר י ש ע ן
שטאנדפונקט זעהר וויכטיג און כאראקטעריסטיש: זיי האבען געקראגען די
גרעסטע פארשפרייטונג, און צוויי דורות האבען זיך אויף זיי דערצויגען צו
א העכערען געשמאק. אהער וואלטען געדארפט א ו י ס נ ע ט י י ל ט ווערען
פיעלע מוסטערן פון מ. ווינטשעווסקי, עדעלשטאדט, באוושאווער, מ. ראזענ־
פעלד, א. רייזען, ט. אנ־סקי, י. פעלאוויץ (דער מחבר פון דער פועלי־ציונים־
טישער שבועה) און אנדערע.

נאר עס פערשטעהט זיך פון זיך זעלבסט, אז א מחבר פון אן אנטאלאגיע
איז סווערען אין דעם אויסקלייב פון דיכטער, פון מוסטערן, און אין דער

אלס א צווייג פון דעם בוים. דעם זאמלער פון דער אנטאלאגיע אינטערעסירט דער גאנצער בוים, די אידישע פאעזיע, אלס אזעלכע, און נאר פון דעם שטאנדפונקט באדארף מען די אנטאלאגיע משפט'ן.

דער שטאנדפונקט איז, אלזא, א ריין־ליטעראַרישער: אין דער אנטאלאגיע קאנען און דארפען אריינגענומען ווערען אלע דיכטער, וועמעס לידער און געדיכטען האבען א ליטעראַרישען ווערט, ווען אפילו דער ווערט בלייבט באגרעניצט נאר מיט זייער צייט און סביבה. עס מוזען און קאנען אריינגענומען ווערען אזעלכע דיכטער, וועלכע האבען עפעס אריינגעטראגען אין דעם אוצר פון דער נאציאנאלער פאעזיע, אלס אזעלכע, ווי גרויס אדער קליין זייערע בייטראגען זאלען ניט זיין; אזעלכע דיכטער, וועמעס געזאנג גיט צו עפעס א טאן אין די אקארדען פון זייער צייט, עפעס א שטריך אין דער עסטעטישער פיזיאנאמיע פון זייער צייט. מיר באטאנען — זייער צייט, ווייל אן אנטאלאגיע דארף זיך באגעהן מיט א קולטור־היסטאָרישען מאסשטאב, און קאן ניט מעסטען די פארגאנגענהייט מיט דער מאס פון דער געגענווארט.

אין דעם זינען איז מ. באסינס ווערק א וויכטיגער בייטראג צו דער אידישער קולטור־געשיכטע, ער צייגט אונז, ווי אזוי די אידישע דיכטונג האט זיך מדרגה נאך מדרגה דערהויבען פון איהר קינדישען פרימיטיווען צושטאנד ביז דער מאדערנער רייכער און צייטיגער ענטוויקלונג. אין אלגעמיין קאן מען די געשיכטע פון דער אידישער פאעזיע צעטיילען אויף דיזעלביגע עפאכען, אין וועלכע זי איז צעטיילט געווארען פון מ. באסין.

1. די אלטע עפאכע נעהמט ארום אנ'ערך פון פיער הונדערט יאר, פון ארום 1400 ביז ארום 1800 יארהונדערט. איך וואלט אטא די עפאכע נאך צעטיילט אין צוויי פעריאדען:

א. די קלאסישע צייט פון דער אלט־אידישער פאעזיע, ד. ה. דעם 16־טען און 17־טען יארהונדערט, ווען עס זיינען געשאפען געווארען אזוינע גרויסע פאעמען, ווי דאס „בבא־בוך“, דאס „שמואל־בוך“, די „מגלת וינץ“, די מעשה פון „קיניג ארטיש הוף“. עס איז א סברא, אז אויך די גרויסע פאלקס־פיעסען צום פורים־שפיל, ווי „אקטא אסתר אחשורוש“, „מכירת יוסף“ א. אנד. זיינען ענטשטאנען נאך אין 17־טען יארהונדערט, הגם געדרוקט זיינען זיי געווארען ערשט אין אנהויב פונ'ם 18־טען. — אין אט דער קלאסישער צייט האט געהערשט דער דייטש־אידישער דיאלעקט, און די העגעמאניע אין דער ליטעראַרישער שאפונג האט געהערט אינגאנצען צו די דייטשע אידען. די פוילישע, טשעכישע און האלענדישע אידען האבען געשפילט די קנאפסטע ראלע.

דער טאן און סטיל פון יענער קלאסישער צייט האבען זיך דערהויבען צו א גאנץ הויכער מדרגה. נעהמט, צום ביישפיעל, דאס קורצע ליידענשאפטליכע ליבשאפט־ליד (אנאנים) „וואו זאל איך הין, וואו זאל איך הער, וואו זאל איך מיך'ס הין קערן“. אדער די גרויסארטיגע לויב־געזאנגען צו גאט יתברך אין דעם „שמואל־בוך“ און אינ'ם „בוך מלכים“. אדער דאס שטארקע ליידענשאפטליכע קלאג־ליד פון דער מלכה ושתי אין (דוד אפענהיימ'ס) „אקטא אסתר אחשורש“. אויסגעצייכענט איז דער פרעהליכער, עטוואס גרעבליכער און וואוילערישער הומאר אין (אייזיק וואליך'ס?) „פורים־ליד“, די רעליגיעזע שטימונג אין לייב קוטנים'ס בדחנ'ישע געזאנגען, פייןאידיליש און הארציג נאאיוו דאס ליבשאפט־ליד „צו בארעקענס“. בייסענד און פול מיט צער איז די מוסר־סאטירע אין מנחם אלדענדארפס ליד און אין אולמא זעליגמאנס „צוכט־שפיגל“. מע קאן נאטירליך, ניט לייקענען, אז ניט קוקענדיג אויף אט די אויסגעצייכענטע מוסטערן, איז די אידישע מוזע פון יענער צייט אין אלגעמיין נאך זעהר נאאיוו, קינדיש און ניט אויסגעהאלטען.

יענע עפאכע האט אונז אבער געבראכט אלע פארמען און מינים פון פאעזיע: רעליגיעזע און וועלטליכע, מאראליש־דידאקטישע און וואוילערישע, פרומע און עראטישע, אָריגינעלע און איבערזעצטע.

IV.

# א פאר ווערטער:

א וויכטיגע און טייערע ארבייט האט זיך פארגענומען אונזער פריינד מ. ב א ס י ן. צונויפקלייבען און אויסקלייבען דעם אוצר פון דער אידישער פאעזיע, זינט אונזער פאלק האט אנגעהויבען צו זינגען און דיכטען אין אידיש און ביז אונזערע צייטען. די אידישע מוזע איז ווי אן ארימע יתומה: די וועלט האלט, אז זי האט ניט קיין יחוס, און מע האט זי אזוי פארווינט פאר אן עלענטען שטיין, אז זי אליין, די מוזע אונזערע, געדיינקט אויך נים איהר יחוס און מיינט, אז זי האט ניט קיין טאטע־מאמע. מ. באסין האט זיך פארנומען די ארבייט, אויסצוגעפינען איהר יחוס און ארויסצוהעלפען איהר צו דערפיהלען איהרע אייגענע ווארצלען.

א סך דערשלאגענקייט, א סך יאוש, אונבאהאלפענקייט און א סך הפקרות נעהמען זיך אין אונזער פאעזיע דערפון, וואס זי ווייסט נים און שעצט ניט איהר אייגענעם י ח ו ס. אזוי ווי אפגעריסענע און פארוואגעלטע בלעטער פיהלען זיך אפט אונזערע בעסטע, אזוי ווי זיי וואלטען געדארפט אנהויבען א לעבען פונ'ם ניי. אזוי ווי מעשה בראשית וואלט איטליכע שעה זיך אנגעהויבען אין אונזער ליטעראטור. קיין טראדיציע, קיינע דורות־אלטע און דורך דורות געהייליגטע פארמען און מאנירען, קיין אייגענער נאציאנאלער סטיל, קיין מוסטער ביי זיך אין דער היים, אויף צו פאלגען און פארפולקאמען. די מוסטערן פון דער אידישער פאעזיע זיינען אלץ נאך פרעמדע, פון די אומות העולם, די פארמען איהרע זיינען אדער אריגינעלע, אדער איבערגענומענע, ניט קיין אנגענומענע. מיר פארמאגען פארשיידענע מינים פאעזיע: פאלקסטימליכע, ראמאנטישע, סענטימענטאלע, סאציאלע, נאציאנאלע, אינדיווידואליסטישע, מאדערניסטישע, נאר איין מין פעהלט אונז, אהן וועלכען אלצדינג איז שטויב: עס פעהלט אונז דער ק ל א ס י־ש ע ר מ י ן.

מ. באסין'ס ווערק איז אן אנטאלאגיע, ד. ה. אן „אויסקלייב פון בלומען" (וואס אונזערע זיידעס וואלטען ווערטליך פארטייטשט „לקוטי שושנים") פון דער אידישער פאעזיע פאר פינף הונדערט יאר צייט. מיר ווילען זיך ניט איינרעדען, אז דורך אזא אנטאלאגיע וועט שוין אויסגעפילט ווערען אונזער הויפט־חסרון, דאס פעהלען פון א ק ל א ס י ש ע ר ט ר א ד י צ י ע. מיר האבען ניט קיין קלאסישע פאעזיע, און קינסטליך קאן אזוינס ניט באשאפען ווערען. דעראבער איז מ. באסין'ס ווערק ממלא א צווייטען חסרון — מיר דערקענען דעם יחוס פון דער אידישער מוזע, זי שטעהט שוין מעהר ניט פאר'יתומ'ט, הפקר־פריי פאר יעדען אנפאנגער און דילעטאנט. דעראבער האף איך, אז מ. באסין'ס אנטאלאגיע וועט מיט זיך אנצייכענען אן עפאכע אין אונזער ליטעראטור־געשיכטע.

אן אנטאלאגיע דיענט ניט די פריוואטע אינטערעסען און אמביציעס פון דעם אדער יענעם דיכטער. אן אנטאלאגיע, ווי א ביאגראפישער לעקסיקאן, ווערען ניט געשאפען צוליב דעם, כדי פלוני בן פלוני זאל האבען דעם פארגעניגען צו זעהען דארט געדרוקט זיין נאמען; אויך ניט צוליב דעם, כדי פלוני בן פלוני זאל דורך דעם „אונשטערבליך" ווערען. דער צוועק פון אן אנטאלאגיע איז ניט דער יחיד, נאר דער כלל: דאס איז א קולטורעלער נאציאנאלער צוועק. ראובן'ס לידער און שמעון'ס לידער ווערען דא באהאנדעלט, ניט אלס גייסטיגע פראדוקטען פון זייערע מחברים, נאר אלס בלעטער פון יענעם גרויסען בוים, וועלכער הייסט פאעזיע, און יעדער דיכטער,

דיכטונג איז עלטער פון אונזער עלטסטען פאלקסליעד. דאס און די שפראך ווענדונגען האבען אוועקגעשטעלט די פאלקסליעדער אלס צווייטע טייל אין דער אנטאלאגיע אנשטאט אלס ערשטע.

**די אנטאלאגיע ציהט זיך ביז 1910.**

ווי געזאגט ציהט זיך די אנטאלאגיע ביז 1910. דאס איז געטאן געוואָרען מיט דעם צוועק צו האבען א געוויסען פערספעקטיוו אין דער אויסגאבע. עס איז פאראן א היבשע רייהע גאנץ טאלאנטפולע יונגע דיכטער ווי ז. וויינ־פער, אריה לייב יפה, א. ניסענזאן, נפתלי גראס, ג. גראפשטיין, מלך ראוויטש און אנד. וואס האבען אנגעהויבען צו שרייבען נאך 1910, און זיינען דערי־בער ניט באטייליגט אין דער פארליגענדער אויסגאבע. די דאזיגע און אנדערע וועלען דערגענצען די אנטאלאגיע ביי ווייטערע אויפלאגען. אום צו ווייזען, אז אויך מיט זיי, די איינסטע, האבען מיר זיך ניט וואס צו שעהמען, גיב איך דא פלאץ איינעם פון זיי — ז. וויינפער.

**דאנק־זאגונג.**

איידער איך שליס מיין ווארט וויל איך ניט פארגעסען צו דאנקען ה׳ י. ענטין פאר זיינע זעהר אפטע באמיהונגען און דעם שטענדיגען אינטערעס, וואס ער האט גענומען אין דער אויסגאבע, ווי אויך פאר דעם טייל ביאגרא־פיעס, וואס זיינען פון איהם דורכגעקוקט געווארען.

א באזונדערען דאנק בין איך שולדיג צו ה׳ ב. באראכאוו, פאר זיין שטענדיגער דערמוטיגונג אין צייט פון דער ארבייט און פאר די נויטיגע לינגוויסטישע באמערקונגען און אלטע דערגענצונגען מיט וועלכע ער האט באזארגט די אלטע ליעדער־אבטיילונג פון בוך א. אין דער אנטאלאגיע.

מיט גרויס דאנקבארקייט וויל איך דערמאנען די ארבייטען פון די מאה־לער: י. ליכטענשטיין, ז. מאוד און ס. זאגאט, וואס האבען אזוי פיעל גע־זארגט פאר דער אילוסטראציאנס־זייט פון דער אנטאלאגיע. אויך דאנק איך דעם מאהלער ב. קאסטינסקי.

איך דאנק אויך פראפעסאר ל. וויענער, פאר דער פריינדליכער אויפ־מערקזאמקייט, וואס ער האט ארויסגעוויזען ערלויבענדיג דורכצוקוקען זיין קאלעקציע פון אלטע אידישע ביכער, וואס געפינט זיך אין דער ביבליאטעק פון דעם הארווארד אוניווערזיטעט אין קעמברידזש, באסטאן.

א באזונדערען דאנק בין איך אויך שולדיג דעם אידישען ביבליאטעקאר פון דער נויארקער גרויסע שטאט־ביבליאטעק, ה׳ פריידוס, פאר זיינע אונ־ערמידליכע באמיהונגען פאר דער פארפאלקאמונג פון דער אויסגאבע.

איך וויל אויך דאנקען ה׳ שאפירא, דעם ביבליאטעקאר פון דעם אידיש־טהעאלאגישען סעמינאר פאר זיינע באמיהונגען און לייסטונגען פאר דער אנטאלאגיע.

און צולעצט מיין איניגסטען דאנק צום יונגען דיכטער נפתלי גראס, וואס האט אזוי זארגפעלטיג ארויסגעהאלפען מיט פארשיידענע טעכנישע ארביי־טען, דורך וועלכע די אנטאלאגיע איז פיל דערנעהענטערט געווארען צו איהר דערשיינונג.

**מ. באסין.**

# באמערקונגען:

**וועגען דעם סדר פון צוזאמענשטעלונג.**

איך וויל דא באמערקען א פאר ווערטער, וועגען דער ארדנונג און צוזאמענשטעלונג פון די דיכטער אין דער אנטאלאגיע.

די גאנצע אויסגאבע איז צוזאמענגעשטעלט כראנאלאגיש, ד. ה. לויט'ן עלטער פון די שרייבער. אייגענשיינליך וועט עס אויסקוקען פאלש און אפטמאל היסטאריש ניט אויסגעהאלטען, ווייל זעהר אפט טרעפט, אז איין דיכטער זאל זיין אינגער פון א צווייטען אין יאהרען, און עלטער אין שרייבען. אין דעם פ א ל מיט דער אנטאלאגיע, וואו די צוזאמענשטעלונג דארף האבען א געוויסע אויסגעהאלטענע, באשטימטע סיסטעם, האט עס אבער אנדערש ניט געקענט זיין: אזוי ווי עס איז געווען א פאקטישע אונמעגליכקייט פעסטצושטעלען די צייט, ווען י ע ד ע ר דיכטער, אדער אם ווייניגסטען א ה ע ל פ ט פון די אנטייל־נעמער אין דער אויסגאבע, האבען אנגעהייבען צו שרייבען. בין איך געווען געצוואונגען צו באנוצען זיך מיט דער אנגענומענער, אינ'ם בוך, מעטאדע.

**וועגען דעם אויסוואהל פון דיכטער.**

איינע פון די גרעסטע שוועריגקייטען איז געווען דער אויסוואהל פון דיכטער. ניט איינמאל האט מיר געשיינט אז אין אן אנטאלאגיע דארף זיין פארטראטען יעדער איינציגער, וואס האט גאר אנגעשריבען א פאר פערזען. (אזוי איז נאך עד היום די מיינונג פון א גרויסען טייל פון אונזערע גצזעצליבענדע שריפטשטעלער. איך וויל זיך דא ניט אבשטעלען אויף דעם, ווי ווייט דאס איז אמת אדער ניט; וואס איך וויל יא באמערקען איז, אז איך האב, ווי ווייט מעגליך אויסגעמידען אלע אנגענומענע געזעצען, אונטער וועלכע אזא'ן ארבייט דארף זיך אונטערווארפען, סיידען עס האט געשטימט מיט מיין אייגענעם בליק אויף דער זאך. אין דער זעלבער צייט וויל איך אויך אויפמערקזאם מאכען, אז עס איז זעהר מעגליך דאס מאנכע דיכטער פעהלען אין גאנצען, אדער זיינען שוואך פארטראטען מיט ליעדער, בלויז דערפאר וואס איך האב זיי אין אמעריקא ניט געקענט באקומען און די מלחמה האט אונמעגליך געמאכט יעדע פארבינדונג מיט זיי. אזוי איז אויך דער פאל מיט ד י דיכטער, וועמעס בילדער עס פעהלען און וועמעס ביאגראפיעס עס זיינען ניט פאלקאם.

**וועגען די פאלקסליעדער.**

עס איז אנגענומען, אז די פאלקסליעדער, איז די עלטסטע פארם, דער שרש פון דער דיכטונג. אזוי איז עס פאקטיש ביי אלע אנדערע פעלקער, ביי אונז איז עס אבער אנדערש.— מיר די אויבינע ניט אויסגעהאלטען־אויסגעהאלטענע. בלייבען אויך אין דעם פאל די זעלבע. האבען מיר פונקט ווי זיי אלע — דיכטער און פאלקסליעדער אבער ביי אונז, אין דער געשיכטע פון אונזער אוננארמאלען לעבען האט זיך באקומען אזוי, אז א גרויסע טייל פון דער אלטער

## דער קוואַל.

(אנשטאָט אַ פאָרוואָרט)

עס האָט אַ רוישענדיגער קוואַל
פון פעלזען־האַרץ זיך דורכגעשלאָגען, —
און האָט זיך אין דער וויסטעניש,
אַריבער שטיין און שטויב צוטראָגען. —

און האָט אַ וואַנדרער, דורשט־פאַרברענט,
זיך קוים ביז צו זיין שטראָם דערקליבען, —
האָט ער פון צווישען ראָסט און שטויב,
זיין ברענענדיגען דורשט פאַרטריבען.

געלייטערט האָב איך אָט דעם קוואַל —
איצט שפּיגלען דאָרט זיך זיבען זונען!
און האָט אַ קרוג נאָך דאָרט געפעהלט —
אויך אָט דעם קרוג האָב איך געפונען. —

נו, קוואַלט דאָס וואַסער, שפּרינגט און זינגט: —
קום שעפּ און טרינק, דו דורשטיג־בלאַסער! —
פון לויטער גינגאָלד איז דער קרוג,
און לויטער זילבער איז דאָס וואַסער...

ם. באַסין.




ערשטער באַנד

# אנטאלאגיע

# פינף הונדערט יאהר אידישע פאעזיע

געזאמעלט און צונויפגעשטעלט

פון

## מ. באסין

פארווארט און לינגוויסטישע אנמערקונגען

פון

## ב. באראכאוו

פארטרעטען געצייכענט

פון ס. זאגאט

באצירונגען פון

י. ליכטענשטיין און ז. מאוד

צווייטע פארבעסערטע אויפלאגע
ארויסגעגעבן פון פארלאג „דאס בוך“

Anthology: Five Hundred Years of Yiddish Poetry

By M. BASSIN.